# די יודישע אגדות

ערצעהלונגען, זאַגען, לעגענדען, משלים, אפאָריזמען
און שפּריכווערטער.

געקליבען פון תלמוד און מדרשים,
נאָכ׳ן העברעאישען „ספר האגדה".

בעאַרבייט און גרופּירט נאָכ׳ן אינהאַלט
דורך
י. ח. ראַבניצקי און ח. נ. ביאַליק.

דריטער באַנד.
צווייטע אויפלאַגע



בערלין, תרפ"ב.

פערלאַג „מוריה" / ירושלים / בערלין / אָדעס

# ישראל און די אומות־העולם.

## איין גאָט, איין פאָלק.

„דו האָסט אויסדערוועהלט גאָט און גאָט האָט דיך אויסדערוועהלט”— איהר, זאָגט גאָט צו יודען, האָט מיך בערימט געמאַכט פאַר אַן איינציגען אין דער וועלט, מאַך איך אייך דערפאַר בערימט פאַר איינציגע אין דער וועלט. פון איין זייט: „שמע ישראל — הער, ישראל, גאָט אונזער גאָט איז איין־איינציגער גאָט” און פון דער אַנדערער זייט: „מי כעמך ישראל—וואו איז נאָך אַזוינס ווי ישראל אַ איין־איינציג פאָלק אין דער וועלט!”

## דאָס שליסעלע מיט'ן קייטעל.

פערבונדען האָט גאָט אויף אייביג זיין גרויסען נאָמען מיט'ן נאָמען ישראל (דער סוף פון ישראל איז „אל”—גאָט).

אַ קעניג האָט געהאַט ביי זיך אַ קליין שליסעלע פון'ם שענסטען און בעסטען אוצר זייַנעם, האָט ער איבערגעטראַכט: אויב איך לאָז עס אַזוי ווי ס'איז, קען עס אַמאָל גאָר לייכט פערלוירען געהן און פערפאַלען ווערען. גלייכער איך זאָל דאָס צובינדען צו אַ קייטעלע, וועט מען עס שוין צוליעב דעם קייטעל גיך און גרינג אויפזוכען.

אַזוי האָט אויך גאָט געטהון מיט זיין ליעב פאָלק ישראל. אַ קליינס איז עס, האָט ער זיך געטראַכט, זאָל איך עס איבערלאָזען אַזוי ווי עס איז צווישען אַזוי פיעל פעלקער, וועט עס דורך זיי פערשלונגען ווערען און פערלוירען געהן. איך וועל עס דעריבער פערבינדען מיט מיין נאָמען — און צוליב דעם וועט עס שוין אויף דער וועלט פערבלייבען אייביג.

## וואָס איז בילכער?

דער תנא ר׳ אליהו דערצעהלט:

— בשעת מיין וואַנדערען אויף דער וועלט איז מיר אויסגעקומען איינמאָל זיך צו בעגעגענען מיט אַ לייטישען מענשען, אַ בן־תורה און אַ ווארימען יודי. האָט ער פערפיהרט מיט מיר אַ שמועס וועגען פערשידענע תורה־זאַכען.

— רבי׳—גיט ער מיר אַ זאָג׳—צוויי זאַכען זענען מיר טיף איינגעבאַקען אין האַרצען, איך האָב זיי ליעב ווי דאָס לעבען. דאָס זענען: תורה און יודען. איך ווייס אָבער נישט ווער פון די צוויי איז בילכער.

ענטפער איך איהם דערויף:

— מענשען געוועהנליך מיינען, אַז בילכערס פון דער תורה איז גאָר נישטאָ. איך אָבער וואָלט געזאָגט: יודען, ליבע הייליגע יודען, זיי זענען בילכער.

## אַן עם קשה־עורף.

מ׳גיט איבער אין נאָמען פון ר׳ מאיר:

— ווי קומט עס וואָס די תורה איז געגעבען געוואָרען דוקא יודען און נישט איינעם פון אַלע אַנדערע פעלקער?

— ווייל די יודען זענען אַ פאָלק אַ איינגעשפאַרטס, מיט אַ שטאַרקען גייסט און מיט אַ פעסטען ווילען.

— אַנדערע זאָגען: דערפאַר׳ ווייל די יודען זענען אַ פאָלק אַ ברען, מיט אַ הייסער, שטענדיג־אונרוהיגער נשמה; ווען נישט זיי זאָלען זיין דורך דער תורה איינגעצאַמט, וואָלט קיין אומה ולשון נישט געקענט פון זיי אויסשטעהן.

אויף דעם האָט ר׳ אמי געזאָגט: מיינט מען דאָך אַז דאָס איז זייערער אַ חסרון; ניין, ס׳איז דוקא די גרעסטע מעלה זייערע: אָדער בלייב אַ יוד, אָדער געה אויף דער תליה!

און דערפאַר טאַקי — זאָגט ר׳ אבין — רופט מען יודען נאָך ביז היינטיגען טאָג „אַן עם־קשה־עורף" — אַ האַרט־נאַקענדיג, איינגעשפאַרט פאָלק.

## אויסדערוועהלטע פון אַלע פעלקער.

ר׳ אלעזר בן ר׳ יוסי הגלילי האָט גע׳דרש׳עט אַזוי:

— „נישט ווייל איהר זענט גרעסער פון אַלע פעלקער — האָט משה

רבנו געזאָגט צו די יודען—נישט דערפאַר האָט עס גאָט געצויגען צו אייך; פערקעהרט, איהר זענט קלענער פון אַלע פעלקער". און אָט איבער דעם אַליין — זאָגט גאָט — זענט איהר, יודען, מיר אַזוי ליעב: וואָרום ווי גרויס אפילו און ווי אָהן שיעור זאָל נישט זיין דאָס גליק וואָס איך בעשער אייך — נעהמט איהר זיך דערמיט נישט איבער און בלייבט אַלץ אַקעגען מיר קליין ביי זיך אין די אויגען: נעהמט אַלע גרויסע ביי די איבעריגע אומות, ווי אַ נמרוד, אַ פּרעה, אַ סנחריב, אַ נבוכדנצר—קוים זענען זיי נור עולה לגדולה געוואָרען, האָבען זיי פערריסען דעם קאָפּ ביז'ן הימעל, מיט שטאָלץ זיך מיר אַקעגענגעשטעלט און געמיינט אַז קיינער איז צו זיי נישט גלייך. איהר יודען אָבער זענט נישט אַזוי. איך האָב בעגליקט אברהם'ען, האָט ער געזאָגט: "איך בין נישט מעהר ווי שטויב אין אַש"; משה מיט אהרנ'ען — האָבען זיי געזאָגט: "וואָס זענען מיר"; דוד'ן — האָט ער גע־זאָגט: "אַ ווערימעל בין איך, נישט קיין מענש".

# אַ פאָלק אַ נרדף.

ר' יוסף בן נהוראי זאָגט:

— אַלע מאָל שטעלט זיך גאָט אויף דער זייט פונ'ם בעליידיגטען אַקעגען דעם בעליידיגער זיינעם. אַזוי איז דאָס שוין פון אייביג אָן. נעהמט, אַ שטייגער, קין מיט הבל'ן: קין האָט גע'רודפ'ט הבל'ן — ווער פון די צוויי איז ביי גאָט ליבער געווען? הבל דער נרדף! נעהמט ווייטער אברהם מיט זיין שונא נמרוד (וואָס האָט איהם אין קאַלך־אויווען אַריינגעוואָרפען), יעקב מיט זיין שונא עשו, יוסף מיט זיינע ברידער, דוד מיט שאול'ן — אומעדום און אַלע מאָל האָט זיך גאָט געשטעלט אויף דער זייט פונ'ם נרדף און איהם צו זיך מקרב געווען.

דאָס אייגענע איז אויך מיט יודען: נרדפים זענען זיי צווישען אַלע פעלקער — האָט זיי גאָט אויסדערוועהלט.

# נישט גלייך צו אַלע.

"ווי די כּושים — אַזוי זאָגט דער נביא אין גאָט'ס נאָמען צו יודען— ווי די כּושים זענט איהר דאָך ביי מיר, יודישע קינדער". וואָס איז עפּעס אויסגעקומען דעם נביא אָנצורופען יודען מיט'ן נאָמען כּושים (עפיאָפּען)? ווייל אַזוי ווי די כּושים אונטערשיידען זיך שאַרף פון אַלע איבעריגע מענשען מיט זייער שוואַרצער הויט, אַזוי זענען יודען מיט אַלע זייערע געננג און אויפפיהרונגען אַן אויסנאַהם פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט.

ר׳ לוי זאָגט: געוויס אַזוי יודען זענען טאַקי אויסגענומען פון די איבעריגע פעלקער מיט אַלע זייערע מעשים: מיט זייער אַקערען און זייען, מיט זייער שניידען, בינדען און דרעשען, אין זייערע תּבואות־שייערען און ווײַן־קעלטער, מיט זייער צעהלען חדשים און רעכענען די צייטען. אַקערען זיי איז — נישט געאַקערט מיט קיין אָקס און עזעל צוזאַמען; זייען זיי — מיש זיך נישט אויס פערשידענע מינים צוזאַמען; שניידען זיי — לאָז איבער דעם אָבפאַל פון די זאַנגען פאַר אָרימע לייט; בינדען זיי גאַר־בען — גיב־אָפּ ווידער דעם פאַרגעסענעם גאַרב די אָרימע לייט; דרעשען זיי — דאָס מויל נישט פערשליס דעם אָקס ביי׳ם דרעשען; האָבען זיי אַ שייער תּבואה און קעלטער וויין—טייל־איין מיט דער פולער האַנד פון די ביידע דעם קנעכט ביי׳ם בעפרייען; צעהלען זיי חדשים און רעכענען צייטען — איז נישט נאָך דער זון ווי אַלע אַנדערע פעלקער, נאָר נאָך דער לבנה.

---

און פאַר וואָס צעהלען נישט אויך יודען נאָך דער זון?

ווייל אַזוי איז שוין דער שטייגער: גרויס — צו גרויס און קליין — צו קליין, עשו, דער גרעסערער, צעהלט נאָך דער גרעסערער ליכט, נאָך דער זון, און יעקב, דער קלענערער—נאָך דער קלענערער ליכט, נאָך דער לבנה.

— און דאָס איז דוקא אַ גוטער סימן — זאָגט אויף דעם ר׳ נחמן — אַזוי ווי די זון געוועלטיגט נור ביי טאָג און נישט ביינאַכט, אַזוי איז עשו׳ס ממשלה נאָר עולם הזה, אויף ד ע ר וועלט, אָבער נישט אויף עולם הבא, אויף יענער קומענדיגער וועלט; און אַזוי ווי די לבנה זעהט זיך אָן סיי בייטאָג סיי ביינאַכט, אַזוי איז יעקב אָנגעזעהן סיי אויף דער וועלט סיי אויף יענער וועלט.

— געוועהנליך — זאָגט ווייטער ר׳ נחמן — ווי לאַנג די גרויסע ליכט שיינט אויף דער וועלט מיט איהר גאַנצען גלאַנץ, זעהט זיך די קליי־נע וועניג אָן; וויבאַלד אָבער די גרויסע פערגעהט — בעווייזט זיך די קליינע מיט איהר גאַנצען שיין.

---

יודען זענען פערשידען פון אַנדערע פעלקער אויך מיט זייער עסען און טרינקען; יודען אויף אַן אונטערהאַלט—עסען זיי און טרינקען מיט אַ מאָס, שמועסען צווישען זיך דברי תּורה, מ׳זאָגט אַ יודיש וואָרט; ווערט מען פרעהליך און מען זינגט—הערט מען ביי זיי אַ הייליג וואָרט, אַ לויב־

געזאַנג צו גאָט. די אומות־העולם אָבער פרעסען און זויפען זיך אָהן אַ מאָס און מ׳געהט גלייך איבער צו גראָבע ווערטלעך און אויסגעלאַסענע ליעדלעך.

---

ר׳ דוסתאי דערצעהלט דערויף אַזאַ מעשה:

— מיינער אַ בעקאַנטער, זעהר אַ רייכער גוי, האָט איינמאָל געמאַכט אַ גרויס מאָהלצייט, איינגעלאַדען אַלע שטאָדט־לייט, און מיך אויך. טרע־פען מיר דעם טיש צוגעגרייט מיט אַלע בעסטע און טייערסטע שפייזען און געטראַנקען פון דער וועלט. געקומען צו די פרוכט, קוקט זיך דער גוי אום אַז עס פעהלט דאָרט אַ מין פיסטאַציע־נוס. ווערט ער אָנגעצונדען, חאַפּט די טייערע דעק פון טיש, פון אַ זעקס צענטנער זילבער די ווערטה, און צוברעכט זי אויף שטיקלעך. פרעג איך איהם: וואָס הייסט עס? וואָס טהוסטו? ענטפערט ער מיר: איהר יודען אַליין זאָגט, אַז די וועלט איז אונזערע און יענע וועלט איז אייערע, אויב מיר ווען ניט געניסען פון אַלעמען דאָ אויף דער וועלט — ווען־זשע דען וועלען מיר עס קענען געניסען?

— דאָס האָט מיר דערמאָנט — זאָגט ר׳ דוסתאי — דאָס קלוגע שפריכוואָרט פון שלמה המלך אין משלי: דער צדיק עסט צו זאַט, דער רשע אָבער קען קיינמאָל נישט אָנפילען דעם בויך.

## עשו׳ס הענד און יעקב׳ס קול.

צוויי ירושות האָט אונזער פאָטער יצחק איבערגעלאָזט זיינע צוויי קינדער: יעקב׳ן דאָס קול — הקול קול יעקב, עשו׳ן די הענד — הידים ידי עשו. נעהמט זיך עשו שטאַרק איבער מיט זיין ירושה און וואָס עפּיס שרעקט ער מיט דער האַנד זיינער: „אָט טרעט איך אַרויס געגען דיר מיט דער שווערד!” יעקב ווידער האַלט זיך פעסט ביי זיין ירושה, און ווי נאָר עס ווערט איהם ענג לאָזט ער זיך הערען מיט דעם קול זיינעם: „גאָטעניו, גאָט פון מיינע עלטערען, קום מיר צו הילף!”

עס וועט קומען אַמאָל די צייט, אַז יעדען פון זיי וועט אָבגעצאָהלט ווערען מיט דעם זייניגען: עשו׳ן מיט דער שווערד, ווי דער נביא זאָגט:

מיין שווערד אין הימעל ווערט אָנגעזאַפּט מיט בלוט,
איבער אדום (עשו׳ן) לאָזט זי זיך אַראָפּ”.

יעקב׳ן מיט׳ן קול, ווי דער נביא זאָגט:

„די איצט פערוויסטע שטעדט יהודה׳ס,
די ליידיגע גאַסען פון ירושלים,

װעלען נאָך היללען אַמאָל פון קולות —
אַ קול פון פריידי, אַ קול פון גליקי,
אַ געהילך פון חתן־כלה ליעדערי,
אַ לויב־געזאַנג צו גאָט אין הימעל
פאַר זיינע גרויסע חסדים צו זיין פאָלק".

---

## יודישע כבוד און גדולה.

„קום, מיין פריינד, מיין האַרציגער,
קום מיט מיר אין פעלד אַרויס,
קום אין דערפלעך רוהיגע,
אין די שטילע זומער־נעכט,
װעלען מיר דאָרט נעכטיגען
מיט דער זון זיך אויפהויבען,
לאָזען זיך אין װיינגערטנערי,
יעדעס איינציג ביימעלע
װעלען מיר בעקוקען דאָרט:
בליהט שוין אויף דאָס װיינשטאָקעל?
פיקען זיך שוין די טרויבעלעך?
שפּראָצען שוין די מילגראָמען?
דאָרטען װעל איך אָבגעבען
מיין גאַנצע ליבע דיר —

קום, פריינד מיינער — זאָגט צו גאָט, ברוך הוא, די כנסת־ישראל מיט אָט די װערטער פון שיר־השירים — קום װאָס װייטער פון די גרויסע רוישענדע, גוי׳אישע שטעדט, דאָרט זענען מענשען פערזונקען איבער׳ן קאָפּ אין זינד און אומריינקייט, עס הערשט דאָרט טאָג און נאַכט קנאה, שנאה, מ׳רויבט, מ׳פעלשט, מ׳פרעסט, מ׳זויפט, מ׳נואפ׳ט, — מ׳האָט פערגעסען אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אין דער װעלט, אין די קליינע שטילע ערטער קום מיט מיר, גאַנץ פריה זאָלען מיר אין די שוהלען און בתי־מדרשים אַריינגעהן, װעלען מיר דאָרט זעהן װי יונגע צווייגעלעך, קליינע יודישע קינדערלעך, זיצען איבער די חומשים׳לעך, און זייערע קול׳עכלעך קלינגען; עלטערע לערנען אַ פּרק משניות, און דערוואַקסענע אַ בלאַט גמרא — דאָרט, גאָטעניו, װעסטו זעהן מיין גאַנצען כבוד און מיין גאַנצע גדולה, מיינע עהרליכע זיהן און ריינע טעכטער.

# ווער איז דער עיקר ?

אויפ׳ן פעלד בשעת שניט־צייט האָבען די שטרוי, דער שטאָפּעל און די שפּריי צווישען זיך אַ שמועס פערפיהרט און אָנגעהויבען זיך צו אַמפּערען. דער זאָגט: צוליב מיר איז דאָס פעלד געזייעט געוואָרען און דער זאָגט: ניין, צוליב מיר. רופען זיך אָן די קליינע קערנער ווייץ אין דער שטיל: שאַט, צו וואָס איז דאָס קריגעריי? וואַרט בעסער ביז איהר וועט קומען אין שייער, וועלען מיר שוין דאָרט קלאָר געוואויר־ווערען צוליעב וועמען דאָס פעלד איז געזייעט געוואָרען.

געקומען אין שייער, האָט דער פעלדמאַן נאָכ׳ן אויסדרעשען די תּבואה זיך געשטעלט ווהען — איז די שפּריי אַוועק מיט׳ן ווינט, מיט דער שטרוי האָט ער בעמיסטיגט דאָס פעלד, דעם שטאָפּעל געוואָרפען אין פייער, און די אויסגערייניגטע קערנער ווייץ האָט ער פּאָרזיכטיג צונויפ־געשאַרט און געמאַכט פון זיי אַ הויפען, און יעדער פערבייגעהער נעהמט־אָן פון זיי אַ פולע האַנד, בעטראַכט מיט ליעבע און ווינשעוועט־אָן דעם בעל־הבית אַלעס גוטס.

. דאָס אייגענע איז אויך מיט די אומות־העולם. די זאָגען: מיר זע־נען דער גאַנצער עיקר, די גאַנצע וועלט איז צוליב אונז בעשאַפען געוואָ־רען; און די זאָגען: ניין, צוליב אונז. זאָגען יודען: וואַרט ביז דער גרוי־סער טאָג וועט קומען, וועלען מיר שוין דעמאָלט זיך דערוויסען צוליב וועמען די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען.

און אַזוי זאָגט דער נביא :

עס קומט אַ טאָג אַ ברענענדיגער ווי אַן אויבען,
און אַלע פרעכע, אַלע בעזע וועלען גלייך ווי שטרוי
פערברענט ווערען אויף אַש אין פלאַמערדיגען פייער
פון יענעם קומענדיגען גרויסען טאָג — — —
ווי שפּריי וועט זיי דער ווינט צעבלאָזען
און ווייט וועט זיי דער שטורם פערטראָגען.
נאָר דו אַליין, מיין פאָלק, אַ מונטערען, אַ שטאַרקער,
וועסט פרעהען זיך מיט גאָט דעם גרויסען
און מיט דעם הייליגטהום זיך ריהמען.

## גאָט אין הימעל שמייכעלט.

לעתיד לבוא, אין דער קומענדיגער צייט, וועט גאָט, ברוך־הוא, ברענגען אַ ספר־תורה מיט זיך אין שויס און וועט אויסרופען: ווער עס האָט זיך אָבגעגעבען מיט אָט דער תורה זאָל אַריינגעהן און בעקומען

זיין לוין· קומען באַלד אַלע פעלקער צוזאַמען און שטופען זיך אַרייצוגעהן. זאָגט זיי גאָט: דרענגט זיך נישט אַלע צוזאַמען, איינציגווייז געהט־אַריין, יעדעס פאָלק בעזונדער מיט זיינע געלעהרטע לייט.

געהט־אַריין צום ערשטען דאָס גרויסע רוימישע פאָלק.

— זאָגט, וואָס האָט איר אַזוינס אויפגעטהון אויף דער וועלט? — פרעגט זיי גאָט, ברוך הוא.

ענטפערען זיי:

— האַר פון דער וועלט, פיעל מאַרקען און שענע גאַסען האָבען מיר איינגעאָרדענט, פיעל פּרעכטיגע בעדער האָבען מיר אויפגעבויט, פיעל גאָלד און זילבער האָבען מיר צונויפגעזאַמעלט, און מיט דעם אַלעמען זענען מיר קיין זאַך נישט אויסען געווען, נאָר צו מאַכען דאָס לעבען אַלץ בעקוועמער און שענער, כדי דיין פאָלק ישראל זאָל זיך קענען רוהיג מיט דער תורה אָבגעבען און זי אָבהיטען.

רופט זיך אָן צו זיי גאָט:

— אַ, נאַרישע מענשען! מיר וועט איהר עס דערצעהלען? מיט דעם אַלעמען וואָס איהר האָט אויפגעטהון זענט איהר דאָך אויסען געווען נאָר אייער אייגענעם וואוילטאָג. אויסגעפּוצט האָט איר די מאַרקען—דאָרט צו בעזעצען אייערע אויסגעלאַסענע פרויען; פּרעכטיגע בעדער — דאָרט זיך אָנטהון אַלערליי תענוגים; דאָס גאָלד און זילבער אייערס — איז גאָט׳ס און פרעמדס. דערצעהלט מיר בעסער וועגען דער תורה, ווער פון אייך קען זאָגען אָט דאָס?

געהען זיי אַרויס מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ.

אַוועק דאָס רוימישע פאָלק, קומט באַלד נאָכדעם אַריין דאָס פערסישע, פרעגט זיי גאָט, ברוך־הוא:

זאָגט, וואָס האָט איהר אַזוינס אויפגעטהון אויף דער וועלט?

ענטפערען זיי:

— האַר פון דער וועלט, פיעל בריקען האָבען מיר אויפגעבויט, פיעל בעפעסטיגטע שטעדט האָבען מיר איינגענומען, פיעל מלחמות האָבען מיר געפיהרט — און מיט דעם אַלעמען זענען מיר אויסען געווען דיין פאָלק ישראל, עס זאָל קענען אינגאַנצען זיך איבערגעבען דער תורה.

רופט זיך אָן צו זיי גאָט:

— וועמען וועט איהר עס דערצעהלען? מיט דעם אַלעמען וואָס איהר האָט אויפגעטהון זענט איהר אויסען געווען נור זיך אַליין: בריקען אויפגעבויט — צו נעהמען אָבצאָהל, פעסטע שטעדט איינגענומען — צו נעהמען פון דאָרט מענשען אויף אַרבייטען פאַר דער קרוין, די מלחמות

אייערע — האָב איך געפיהרט. דערצעהלט מיר בעסער וועגען דער תורה, ווער פון אייך קען זאָגען אָט דאָס ?

געהען די אויך אַוועק מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ. און אַזוי איז מיט יעדען פאָלק בעזונדער.

נעהמען אַלע פעלקער טענה'ן פאַר גאָט :

— האַר פון דער וועלט, האָסטו געפּרובט אויף אונז, ווי אויף די יודען, די תורה דיינע אָנוואַרפען און מיר האָבען זי נישט אָנגענומען?

זאָגט זיי גאָט :

— און די זיבען מצוות, וואָס איהר האָט אַמאָל אויף זיך יאָ אָנגענומען, האָט איהר דען אויסגעהאַלטען?

ענטפערען זיי גאָט :

— האַר פון דער וועלט, און די יודען דיינע האַלטען דען די אַלע מצוות וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען?

— יאָ — זאָגט גאָט — איך בין אַן עדות, אַז זיי האָבען מקיים געוועען אַלע מצוות פון דער תורה.

טענה'ן זיי ווייטער:

— קען דען אַ פאָטער זאָגען עדות אויף זיין אייגען קינד ?

זאָגט גאָט :

— אויב אַזוי, זאָלען הימעל און ערד אויף זיי עדות זאָגען אַז זיי האָבען געהאַלטען די גאַנצע תורה.

זאָגען זיי :

— די עדות פון הימעל און ערד קען אויך אויף יודען נישט אָנגענומען ווערען, ווייל אָהן דער תורה, וואָס דו האָסט יודען געגעבען, קענען די קיין קיום נישט האָבען.

זאָגט גאָט :

— אויב אַזוי, לאָזען קומען פון אייערע און עדות זאָגען אויף יודען, אַז זיי האָבען געהאַלטען די תורה: זאָל קומען נמרוד און עדות זאָגען אויף אברהם'ן, אַז געלאָזט האָט ער זיך אין פייער וואַרפען און די עבודה־זרה נישט געדיענט; זאָל קומען לבן און עדות זאָגען אויף יעקב'ן, ווי טריי און עהרליך ער האָט איהם געדיענט, נישט אָנגעריהרט פרעמדס אויף אַ האָר ; זאָל קומען פוטיפר'ס פרוי און עדות זאָגען אויף יוסף'ן, אַז ער איז געבליבען ריין, אָהן אַ פלעק פון זינד; זאָל קומען נבוכדנצר און עדות זאָגען אויף חנניה מישאל ועזריה, אַז זיי האָבען געלאָזט זיך אין קאַלכאויבען וואַרפען און צום צלם נישט געבוקט; זאָל קומען דריוש און עדות זאָגען אויף דניאל'ן, אַז ער האָט זיך געלאָזט אין לייבענגרוב וואַרפען און פון

תפלה־טהון זיך נישט אָבגעזאָגט; זאָלען קומען די פרומע און עהרליכע פון אייך, בלדר השוחי, צופר הנעמתי, אליפז התימני און אליהו בן ברכאל הבוזי און לאָזען זיי עדות זאָגען אויף יודען, אַז זיי האַלטען זיך טריי אין דער תורה.

זאָגען זיי:

— האַר פון דער וועלט, גיב אונז איצט דיין תורה פון דאָס ניי, זענען מיר אויך גרייט זיך אין איהר האַלטען טריי.

זאָגט ער זיי:

— נאַרישע מענשען! ווער ס'האָט זיך נישט בעמיהט ערב־שבת, פון וואַנען וועט ער האָבען אויף שבת צו עסען?... נאָר פון דעסטוועגען אָט איז ביי מיר פאַרהאַן אַ מצוה'לע אַ גרינגס, סוכּה הייסט עס—געהט טהוט עס.

נעהמט באַלד יעדער איינציגער פון זיי און חאַפּט זיך מאַכען אַ סוכּה ביי זיך אויפ'ן פלאַכען דאַך. אין אַ הייסען טאָג איז טאַקי זעהר אַנגענעהם צו זיצען אין דער קיהלער סוכּה. לאָזט אָבער גאָט אויף זיי אַרויס אַ הייס פייערדיגע תמוז'דיגע זון און זי שטעכט דורך די סוכּה מיט איהרע ברענענדיגע שטראַהלען, ווערט די מצוה זיי שווער און יעדער פון זיי גיט אַ שפּיי אויף דער סוכּה און אַנטלויפט פון דאָרט ווי אַן אָב־געבריהטער.

## צו וואָס זענען יודען געגליכען.

דאָס יודישע פאָלק איז אין דער תורה געגליכען אַמאָל צו שטויב פון דער ערד און אַמאָל צו שטערען איז הימעל: פאַלען יודען—איז נידריג ביז צו דער ערד, ווערען זיי דערהויבען—איז הויך ביז צו די שטערען.

און זעהסטו אַז יודען זענען שוין געפאַלען גאָר־גאָר נידריג, ביז צו דער ערד—זאָלסטו וויסען, אַז באַלד־באַלד וועלען זיי זיך טהון אַ הויב־אויף אין דער הויך.

יודען זענען ווידער געגליכען צו זאַמד אויפ'ן ברעג פון ים: גלייך ווי די זאַמד אויפ'ן ברעג, מעגסט דאָרטען פאַרנאַכט אויסגראָבען אַ גרי־בעל, קומסטו אַהין אין דער פריה און געפינסט שוין דאָס אָרט צוריק פערשאָטען און אָנגעפילט ווי פריהער, אַזוי זענען אויך יודען: וויפיעל עס זאָל אין די שלעכטע פינסטערע צייטען פון זיי נישט אָבפאַלען, קומט עס זיי באַלד צו צוריק אין די בעסערע ליכטיגערע צייטען און עס ווערט פון זיי גאָר ניט געמינדערט.

וויפיעל פון די יודען זענען אומגעקומען אין די שווערע דוד המלך'ס צייטען, בשעת די גרויסע פערביטערטע מלחמות, וואָס ער האָט געפיהרט

מיט אַלע אַרומיגע פעלקער, איז דאָס באַלד זיי צוגעקומען דערנאָך אין די בעסערע רוהיגערע צייטען פון זיין זוהן שלמה המלך. אַזוי איז עס געווען אַמאָל און אַזוי איז אין אַלע צייטען.

---

אין איין מזמור פון תהילים ווערען יודען געגליכען צו אַ פּאַלמען־בוים. אַ פּאַלמענבוים האָט ניט אין זיך קיין שום פסולת, אַלץ אין איהם קומט צונוץ: די טייטלען זיינע — צום געניסען, די גרינע לולבים — צו לויבליעדער און קרענץ, די טרוקענע צווייגען — צו בעדעקען סוכות, דער באַסט — אויף שטריק, די דינע פרענזעל־צווייגלעך — צו פלעכטען דער־פון זיפּען, דער שטאַם — צו הויז־באַלקענס. אזוי זענען אויך יודען — קיין פסולת ווערט מען ביי זיי נישט געפינען: די פערשטעהען אַ פסוק חומש, די — אַ פרק משניות, אַנדערע — אַ בלאַט גמרא און אַנדערע — אַ שטיקעל מדרש.

---

„ווי אַן עפּעלבוים צווישען וואַלד־בוימער" — אַזוי זענען יודען געגליכען אין שיר־השירים. גלייך ווי דער עפּעלבוים גיט די פרוכט זיינע פאַר די בלעטער, אַזוי האָבען יודען בשעת מתן־תורה אויסגערופען „נעשה" — מיר ועלען טהון, פריהער פאַר „ונשמע" — איידער נאָך מיר וועלען הערען.

און נאָך ווערען דאָרט יודען געגליכען צו אַ נוסענבוים. אַזוי ווי אַ נוס, ווי אומריין און פאַרשמירט זאָל ביי אים נישט זיין די שאָלעכץ פון דרויסען, דאָך בלייבט דער יאָדער זיינער אינוועניג שטענדיג זויבער־ריין, אַזוי אויך יודען: וויפיל זיי זאָלען זיך נישט איינשמירען אינ'ם וואָ־כענדיגען אַלטעגליכען לעבען, בלייבען זיי אינ'ם תוך זייערען ריין, און קומט אַ שבת, אַ יום־טוב, אַ ימים־נוראים, וואַרפען זיי פון זיך אַראָב די אומריינע שאָלעכץ און די יודישע נשמה בעווייזט זיך אין איהר גאַנצער ריינקייט.

און נאָך מיט איין זאַך זענען יודען געגליכען צו ניס; פּרובט פון אַ הויפען ניס אַרויסשלעפּען איינס, הויבען זיך אַלע אָן צו ריהרען און צו קויקלען זיך פונ'ם אָרט. אַזוי אויך יודען — ריהרט מען נור איינעם פון זיי, דערלאַנגט עס דעם גאַנצען כלל און אַלע דערפיהלען עס.

---

יודען ווערען דאָרט ווידער געגליכען צו בוימעל.

ווי דעם בוימעל בעקומט מען אַרויס אַ לויטערען נאָר דורכ'ן דריקען, אַזוי ווערען יודען געלייטערט נור דורך צרות.

ווי בוימעל קען זיך נישט אויסמישען מיט אַלע אַנדערע פליסיגקייטען, אַזוי קענען יודען נישט ווערען איינס מיט אַלע איבעריגע פעלקער.

ווי בוימעל ברענגט ליכט אויף דער וועלט, אַזוי האָבען יודען געבראַכט ליכט דער גאַנצער מענשהייט.

ווי בוימעל שווימט שטענדיג אַרויף אויף וואַסער פון אויבען, אַזוי זענען יודען גייסטיג העכער איבער אַלע פעלקער.

און ווי בוימעל פליסט שטיל און רוהיג אָהן דעם קלענסטען גע־רויש, אַזוי געהען יודען אויף דער וועלט שטיל זייער וועג צווישען די רוישיגע פעלקער, נישט צו לאָזען זיך הערען.

---

„ווי אַ רויז צווישען דערנער" — אַזוי זענען יודען צווישען פעלקער.

ר' חנינא בר־אבא טייטשט־אויס דאָס פערגלייכעניש אַזוי:

ווי די רויז וואָס וואַקסט צווישען דערנער — גיט אויף איהר אַ בלאָז אַ צפון־ווינט און בייגט זי איין קיין דרום־זייט, בעקומט זי דאָרט אַ שטאָך פונ'ם דאָרן; בלאָזט אויף איהר צוריק אַ דרום־ווינט און גיט זי אַ בייג קיין צפון זייט, בעקומט זי דאָרט אַ שטאָך פונ'ם דאָרן, און וואוהין זי זאָל זיך נישט קעהרען און בייגען, אַלץ שלאָגט זי זיך אָן אינ'ם דאָרן און קריגט אַלע מאָל אַ שטאָך אין דער זייט — און דאָך בלייבט איהר אונבעריהרט הערצעל שטענדיג געווענדעט אַרויף גלייך צום הימעל. אַזוי אויך יודען צווישען פעלקער: וואוהין דער ווינט זאָל זיי נישט פערטראָ־גען, אויף וועמען פון די אַרומיגע פעלקער זיי זאָלען זיך נישט אָנשפאַ־רען, אַלץ קומט זיי אויס צו ליידען שווערע בעליידיגונגען און גרויסע צרות און דאָך בלייבט דאָס האַרץ זייערס שטענדיג געווענדעט אַרויף, צו זייער פאָטער אין הימעל.

ר' אָבין טייטשט עס אויס אַזוי:

ווי די רויז — כל זמן עס ברענט די זון בייגט זי אָן איהר קעפיל און וועלקט, קוים פאַלט אויף איהר טוי גלייכט זי זיך אויס און בליהט אָן אויפגעלעבטע ווייטער; אַזוי אויך יודען — כל זמן זיי געהען אין שווע־רען יאָך פון גלות זעהען זיי אויס ווי פערוועלקטע און איינגעטריקענטע, קוים פאַלט פון זיי דער יאָך אַראָב גלייכען זיי אויס דעם רוקען און ווע־רען אָבגעפרישט.

ווי די רויז האַלט זיך אויף נור צוליב איהר איידעלען ריח, אַזוי אויך יודען האַלטען זיך אויף דער וועלט נאָר צוליב זייערע איידעלע מדות און גוטע מעשים.

ווי די רויז ווערט בעמערקט צווישען אַלע אַרומיגע גראָזען, אַזוי זענען אויך יודען אָנגעזעהן צווישען אַלע אַנדערע פעלקער.

---

„פון מצרים האָסטו איבערגעפיהרט אַ וויינשטאָק” — דאָס הייסט דאָס יודישע פאָלק.

אַ וויינשטאָק האָט אין זיך אַלערליי שטיינגלעך, קלענערע און גרע־סערע, און וואָס גרעסער איז דאָס שטיינגעל אַלץ נידריגער האַלט זיך דאָס צו דער ערד; אַזוי איז אויך דאָס יודישע פאָלק: וואָס גרעסער איז אַ יוד אַלץ קלענער האַלט ער זיך פון׳ם אַנדערען.

אַ וויינשטאָק ווידער ווערט די פרוכט זיינע פריהער מיט די פיס געטראָטען, דערנאָך אָבער שפּאַרט עס אָן אויפ׳ן קעניגליכען טיש; אַזוי איז אויך מיט יודען: אין די איצטיגע צייטען זענען זיי פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט שונאים און ווערען מיט די פיס געטראָטען, עס וועט אָבער קומען אַ צייט אַז קעניגען וועלען זיך מיט זיי אַרומטראָגען.

אַ וויינשטאָק קען געוועהנליך נישט גוט וואַקסען און פריש בליי־בען סיידען ער האָט זיך אָנצושפּאַרען אויף טרוקענע שטעקלעך; דאָס אייגענע איז אויך מיט יודען: דאָס אָנהאַלט זייערס אין לעבען איז נור זכות־אבות — דער זכות פון זייערע גרויסע, לאַנג פערשטאָרבענע עלטערען.

ריש־לקיש זאָגט:

דאָס יודישע פאָלק איז אין אַלעמען געגליכען צו אַ וויינשטאָק: די צווייגלעך פון וויינשטאָק — דאָס זענען די בעלי־בתים פון פאָלק; די שטיינגלעך טרויבען — די געלעהרטע; די בלעטער — דער פשוט׳ער עולם; די ליידיגע פרענזלעך־ריטלעך — די גאָר פוסטע לייט.

און דערפאַר האָט מען בעפוילען פון ארץ־ישראל קיין בבל: זאָלען די שטיינגלעך טרויבען גאָט בעטען פאַר די בלעטער, ווייל אויב נישט די בלעטער, וואָלטען נישט געהאַט קיין קיום די שטיינגלעך.

---

די טויב צייכענט זיך אויס מיט איהר שטילקייט און צניעות און איבערגעבענקייט און אויך מיט איהר שענעם גאַנג; אַזוי אויך יודען צייכענען זיך אויס מיט זייער שטילקייט און פרומקייט און געטריישאַפט צו גאָט, און אויך מיט זייערע שענע געענג און אויפפיהרונגען.

די טויב, ווען מען רויבט אַפילו פון אונטער איהר אַוועק די יונגע טייבעלעך איהרע דאָך פערלאָזט זי נישט איהר טויבענשלאַק; אַזוי אויך יודען, נאָכדעם אַפילו וואָס זייער לאַנד און בית־המקדש זענען חרוב גע־וואָרען ציהט עס זיי אַלץ אַהין אין זייער אַלטער נעסט.

די טויב ווי וויט זי זאָל נישט פערפליהעֶן פון איהר נעסט, געפינט זי אַלץ דעם וועג צוריק; אַזוי אויך יודען, ווי ווייט זיי זאָלען נישט פער־וואָרפען ווערען און פערוואָגעלט זיין אין פרעמדע לענדער — איז באַלד ווי די צייט וועט קומען, וועלען זיי פון עק וועלט זיך איילען און פלאַ־טערען צוריקפליהען צו זיך אַהיים אין אייגען לאַנד אַריין.

די טויב, ווען זי קומט צופליהען צוריק אין איהר טויבענשלאַק, ציהט זי מיט זיך מיט נאָך אַנדערע, פרעמדע טויבען; יודען אויך, ווען זיי וועלען אויפגעריכט ווערען, וועלען צושטעהן צו זיי און נאָך זיי זיך נאָכצי־העֶן פיעל פון אַנדערע פעלקער.

די טויב ביי'ם שעכטען ציהט־אויס דאָס העלזעל אונטער'ן חלף און טהוט אַפילו דערביי קיין צאַפּעל נישט; אַזוי זענען אויך יודען גרייט מוסר־נפש צו זיין פאַר זייער גאָט און זייער גלויבען.

די טויב האַלט זיך תמיד ביי איהר פּאָר, נישט איבערצוגעהן צו קיין אַנדערען; אַזוי האַלטען זיך יודען פעסט ביי זייער איינציגען גאָט, קיינמאָל זיך מיט איהם נישט צו שיידען.

---

„טייבעלע מיינס, פערטאָגטע אין פעלזענשפּאַלט" — אַזוי ווענדעט זיך גאָט צום יודישען פאָלק מיט ליעבע — „שליע שלאַנג" רופען דיך די פערביסענע שונאים דיינע, אין אַ פינסטערען שפּאַלט האָבען זיי דיך פער־טריבען. איך אָבער קען דיך ווי פרום און עהרליך דו ביזט, ביי מיר אין די אויגען ביזטו פון אייביג אָן אַ שטיל ריין טייבעלע.

## יודען און יסורים.

„אַן איילבירטבוים אַ צווייגהאַפטיגער מיט די שענסטע פרוכט בע־ציערט" — אַזוי רופט אָן דער נביא דאָס יודישע פאָלק. פאַר וואָס גראַד אַן איילבירטבוים? ווייל דיביידע, יודען און אָט דער בוים, זענען איינס אויפ'ן אַנדערען זעהר עהנליך. זעהט דעם איילבירט — אַנדערש גיט ער נישט פון זיך אַרויס דאָס אייל סיידען מען קלאַפּט אים פריהער גוט אָן, נאָכדעם מאָלט מען איהם, דערנאָך לעגט מען אויף איהם שווערע שטיינער און גראָבע קלעצער און מען דריקט איהם אַזוי לאַנג ביז מען בעקומט פון איהם אַרויס דעם ריינעם לויטערען בוימעל. דאָסגלייכען איז אויך מיט יודען: מען קלאַפּט און דריקט זיי, מען טרייבט זיי, מען פייניגט און מען טהוט זיי אָן געבערענטע ליידען — און ערשט דערנאָך קעהרען זיי זיך אום אויסגעלייטערטע צו גאָט און בעווייזען זיך פאַר דער וועלט אין זייער גאַנצען שיין.

---

„ריהרט ווער אייך אָן — זאָגט דער נביא זכריה צו די יודען — איז ווי ער וואָלט אָנגעריהרט אין שווארצאַפּעל פון'ם אויג.“ דאָס אויג — זאָגט ר' שמעון בן אלעזר — איז ביי'ם מענשען דאָס טייערסטע און דאָס ציטער־דיגסטע פון'ם גאַנצען גוף זיינעם. ווייל מען איינעם דערלאַנגען אַ קלאַפּ אין קאָפּ אָדער אין אַן אַנדערען אבר, גיט יענער דאָס ערשטע אַ פינטעל מיט'ן אויג און שליסט עס. און יודען ביי גאָט זענען ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

ריש־לקיש זאָגט: קומט אַ צרה אויף דער וועלט, אָדער עס קומט אַ שמחה אויף דער וועלט — ווער דערפיהלט עס די ערשטע? — יודען. יודען זענען דאָס האַרץ פון דער וועלט.

ווידער זאָגט ריש־לקיש: אַלע מאָל גרייט גאָט צו פאַר יודען די רפואה פריהער פאַר דער מכה.

## סימנים פון יודען.

דריי סימנים האָט דאָס יודישע פאָלק: זיי האָבען רחמנות און בושה און טהוען גמילות חסדים — און אָנקלעפּען זיך אין דער אומה מעג נור דער, וואָס האָט אין זיך אָט די דריי סימנים.

---

ר' אחא בר אַבּא זאָגט: ס'איז גאָר נישט צום פאַרשטעהן די טבע פון דער דאָזיגער אומה: מאָהנט מען ביי זיי אויפ'ן משכן — גיט מען; מאָהנט מען אויפ'ן עגל — גיט מען אויך.

## פערזינדיגטע קינדער.

„קינדער זענט איהר ביי אייער גאָט“ — האָט משה געזאָגט צו יודען.

פיהרט איהר זיך אויף אַקעגען איהם ווי קינדער — זאָגט דערויף ר' יהודה — הייסט איהר ביי איהם קינדער, אויב נישט — זענט איהר נישט זיינע קינדער. ר' מאיר אָבער זאָגט: קינדער, נאַרישע קינדער, זינדיגע, אומ־טרייע קינדער, נאָר פאָרט קינדער. אַ יוד — זאָגט ר' אבא — ווי זינדיג ער זאָל נישט זיין, הייסט אַלץ אַ יוד. ווי זאָגט די וועלט: אין דערנער אַ רויז — ווערט ניט אויס.

איינער אַ שונא ישראל האָט אַמאָל געזאָגט רבי חנינא'ן: איצט אַרומשלעפּענדיג זיך אין גלות זענט איהר געוויס פערשמוצטע און פער־

אומרייניגטע פון קאָפּ ביז פּיס; ווי שוין לאַנג האָט דער נביא ירמיה געזאָגט נאָכ'ן חורבן אויף דער יודישער אומה: „איהר אומריינקייט איז ביי איהר אויף די קליידער-זוימען".

— אמת — ענטפערט אים ר' חנינא — משה רבנו אָבער האָט נאָך פריהער געזאָגט אויף יודען: „גאָט רוהט ביי זיי אינמיטען זייער אומריינ-קייט" — ווי אומריין יודען זאָלען נישט זיין, דאָך רוהט צווישען זיי די שכינה.

---

בשעת יודען האָבען זיך פערזינדיגט מיט'ן עגל האָט גאָט געזאָגט משה'ן: „געה אַראָב (פון באַרג סיני), דיין פאָלק האָט זיך שווער פער-זינדיגט". און דערנאָך ווען משה האָט תפלה געטהון, אַז גאָט זאָל זיי די זינד מוחל זיין, האָט ער געטענה'ט: „בעשטראָף נישט שווער דיין פאָלק דיין אייגענס... זיי זענען דאָך דיין פאָלק דיין אייגענס".

מען דערצעהלט אויף דעם אין ר' לוי'ס נאָמען אַזאַ משל:

אַ רייכער גוט-בעזיצער האָט איבערגעגעבען זיין ווייגאָרטען איינעם אַ פּאַכטער און פלעגט דערפאַר בעקומען אַ געוויסען טייל פון די טרוי-בען. איז אויב דער וויין איז געווען דאָס יאָהר געראָטען — פלעגט ער זיך מיט איהם קוויקען און פאַר יעדען זיך בעריהמען: אַך ווי גוט איז דער וויין פון מיין ווייגאָרטען! איז אָבער אַמאָל דער וויין נישט געראָ-טען פלעגט ער זיך קלאָגען: אַך ווי שלעכט איז דעם פּאַכטער'ס וויין! רופט זיך אָן דער פּאַכטער: ליעבער האַר! געראָט דער וויין איז ער דיינער, געראָט ער נישט איז ער מיינער! ניין, מיין ליעבער האַר, סיי גוט סיי שלעכט, איז ער תמיד אַלץ נישט קיינעמס נאָר דיינער.

דאָס זעלבע איז אויך מיט גאָט און משה'ן. אַז גאָט האָט זיך משה'ן בעוויזען און איהם געשיקט אויסלעזען די יודען פון מצרים, האָט ער איהם געזאָגט: „געה בעפריי מיין פאָלק די יודישע קינדער". וויבאַלד אָבער זיי האָבען זיך פערזינדיגט מיט'ן עגל האָט גאָט איהם שוין געזאָגט: „געה אַראָב, דיין פאָלק האָט זיך שווער פערזינדיגט". טענה'ט משה פאַר גאָט: רבונו של עולם, פערזינדיגען זיי זיך זענען זיי מיינע, און אַז זיי זענען גוט און פרום זענען זיי דיינע! ניין, גרויסער גאָט, זינדיגע אָדער פרומע, סיי ווי סיי זענען זיי דיינע — „ד י י ן פאָלק ד י י ן אייגענס"...

---

ר' שמעון חסידא פלעגט זאָגען:

—אַ תענית אין אַ עת צרה אויף יודען, וואָס אין איהם בעטייליגען זיך נישט אויך די פושעי ישראל, איז גאָר קיין תענית נישט. דער מין

חלבנה האָט זעהר אַ שלעכטען ריח, פון דעסטוועגען נעהמט איהם די תורה אַריין צווישען די געווירצען פון די קטורת...

---

„איהר האָט נישט נאָכגעטהון אייערע אַרומיגע פעלקער" — אַזוי קלאָגט זיך אין איין אָרט דער נביא יחזקאל אויף יודען, און דער זעלבער נביא זאָגט אויף אַן אַנדער אָרט אין זיינע שטראָף־רייד צו יודען: „איהר האָט יאָ נאָך געטהון די פעלקער".

— אויף דעם טאַקי שרייט דער נביא — גיט צו פערשטעהן ר׳ יהושע בן לוי — די בעסערע פון זיי טהוט איהר נישט נאָך — דוקא די ערגערע פון זיי.

---

אַז דער נביא ישעיה האָט ביים ערשטען אַרויסטריט אויסגעשריגען פאַר גאָט: „איך געפין זיך צווישען אַ פאָלק מיט אומריינע ליפען", — האָט זיך באַלד אַראָבגעלאָזט איינער פון די שרפים, געחאַפט פונ׳ם מזבח מיט אַ צוואַנג אַ פליהענדיגע קויל און זי צוגעלעגט צום נביא׳ס מויל, דאָס הייסט: פערברענט זאָל ווערען דאָס מויל, וואָס עפענט זיך צו רעדען אויף יודען רכילות!

ר׳ אבהו און ר׳ שמעון בן לקיש זענען אַמאָל דורכרייזענדיג אַריינגעקו־מען אין דער גרויסער שטאָדט קיסריה, רופט זיך אָן ר׳ אבהו: צו וואָס זאָ־לען מיר אַריינקומען אין אַזאַ קאַנט פון ליטער פושעי ישראל! שפרינגט אַראָב ר׳ שמעון בן לקיש פונ׳ם עזעל, נעהמט־אָן אַ הויפען זאַמד און פערשטופט איהם דאָס מויל.

— פאַר וואָס איז אַזוי? פרעגט ר׳ אַבהו פערוואונדערט.

גאָט וויל נישט ליידען — ענטפערט איהם ר׳ שמעון בן לקיש — אַז מען זאָל אויף זיינע קינדער רכילות רעדען.

## ישראל — איין בינדעל.

די תורה הייסט יודען נעהמען אים סכות אַ פראַכט־פרוכט (אתרוג), אַ פאַלמענצווייג (לולב), אַ מירטענצווייג (הדס) און אַ ווייַדענצווייג (ערבה) און מיט די פיער צוזאַמען פערבונדענע מינים זאָלען אַלע יודען אינאיי־נעם זיך פרעהען מיט דעם יום־טוב פאַר גאָט.

יודען צווישען זיך זענען אַזוי פערשידען ווי אָט די פיער מינים:

דער אתרוג פערמאָגט סיי אַ שאַרפען טעם סיי אַ ליַעבען, איידעלען ריח — אַזוי זענען פאַרהאַן יודען, וואָס פערמאָגען ביידע זאַכען: סיי תורה סיי גוטע מעשים;

די פאַלמענפרוכט (דער טייטעל) האָט אַ זיסען טעם אָהן אַ שום

ריח — אַזוי זענען פאַרהאַן יודען, וואָס תּורה פערמאָגען זיי, אָבער נישט קיין גוטע מעשים;

דער מירטענצווייג האָט, פערקעהרט, אַן איידעלען ריח אָהן אַ שום טעם — אַזוי זענען פאַרהאַן יודען, וואָס פערמאָגען גוטע מעשים אָהן אַ ביסעל תּורה;

די ערבה אָבער פערמאָגט איהר אייגענס גאָרנישט, ניט קיין טעם און נישט קיין ריח — אַזוי זענען פאַרהאַן יודען, וואָס האָבען ניט קיין תּורה און ניט קיין גוטע מעשים·

וואָס־זשע זאָל גאָט טהון מיט אַזעלכע — אומברייינגען זיי פון דער וועלט? ניין, זאָגט גאָט — זאָלען נור אַלע פיער מינים זיך צוזאַמען האַלטען פעסט און איין בינדעל, וועלען די בעסערע פון זיי בעשיצען אויף די ערגערע·

און אַלע מאָל ווען יודען טהוען דאָס און פערבינדען זיך אַלע איינ־איינעם אין איין בונד, ווערט דער גרויסער נאָמען פון זייער אייִנציגען גאָט דערהויבען אויף דער וועלט·

---

די גאַנצע מאַכט פון יודען איז נור אין זייער אייניגקייט.

אַ גאַנץ בינדעל ריטלעך אַלע אינאיינעם איז קיינער נישט אים־שטאַנד מיט אַמאָל צוברעכען, שלעפט מען אָבער אַרויס פון דאָרט איינ־ציגוויז אַ ריטעל נאָך אָ ריטעל, צוברעכט זיי אַפילו אַ קליין קינד·

יודען וועלען אַנדערש נישט אויסגעלעזט ווערען, ביז זיי וועלען ווערען איין פערבאַנד·

---

אַלע יודען זענען איינער פאַר׳ן אַנדערען פעראַנטוואָרטליך·

ברעכט זיך דורך אַ לאָך אין איין שיפסקאַמער, הייסט דאָס נישט — געלעכערט איז אַ שיפסקאַמער, נאָר די שיף איז געלעכערט·

---

„צושפרייטע שעפעלעך זענען יודען" — אַזוי ווי די שעפעלעך, ווי נאָר איינ׳ס פון זיי ווערט געפּלאָגט, דערפיהלען עס אַלע איבעריגע; אַזוי זענען אויך יודען, פערזינדיגט זיך איינער פון זיי, דערלאַנגט עס אַלעמען — „איינער זינדיגט און דער צאָרן איז אויף דעם גאַנצען כלל"·

— עס קומט אויס — זאָגט אויף דעם ר׳ שמעון בן יוחאי — ווי יענע וואָס רייזען אין מיטען ים אויף אַ שיף· נעמט איינער אַן עקבויער און הויבט־אָן אונטער זיך צו בויערען·

— וואָס טהוסטו דאָרט אַזוינס? פרעגען אים די חברים מיט גרויס שרעק·

— וואָס גערהט עס אייך אָן? — ענטפערט יענער — איך בויער דאָך אונטער זיך·

— די גאַנצע שיף וועט דאָך איבער דיר איינעם גערהן צו גרונד!

## יודישע שונאים און גוטע פריינד·

„טריי זענען — זאָגט שלמה המלך אין משלי — די וואונדען פון אַ גוטען פריינד און איבערדריסיג זענען דעם שונא׳ס קושען״· ר׳ יונתן זאָגט אויף דעם: די קללה, אַ שטייגער, וואָס דער יודישער נביא אחיה השילוני האָט געשאָלטען, איז בעסער ווי בלעם הרשע׳ס ברכה· אחיה השילוני אין זיינע שטראָף־רייד אויף יודען רופט־אויס: „גאָט וועט שטראָפען יודען און זיי וועלען זיין ווי אַ שילף־רעהריל וואָס וואַקעלט זיך אין וואַסער״; בלעם אין זיינע ברכות אויף יודען גלייכט זיי צו צעדער־בוימער· אַ שילף־רעהריל וואַקסט ביים וואַסער, זיין שטיינגעל בעגייט זיך פון יאָהר צו יאָהר און זיינע וואָרצלען זענען פיעל· און מעגען בלאָזען אויף איהם די שטאַרקסטע ווינטען פון דער וועלט — בויגען זיי איהם אַהין און אַהער אָבער זיי ריהרען איהם נישט פונ׳ם אָרט; ווערען די ווינטען געשטילט, בלייבט ער ווידער רוהיג אויף זיין אָרט ווי פריהער· אַ צעדערבוים אָבער שטעהט געוועהנטליך נישט ביי וואַסער, זיין שטאַם בעגייט זיך נישט אינגאַנצען און זיינע וואָרצלען זענען נישט פיעל; ווינ־טען געוועהנליכע ריהרען איהם נישט פונ׳ם אָרט, נאָר חאַפּט זיך אַמאָל אויף אַ שטאַרקער דרום־ווינט, רייסט ער איהם און קעהרט איהם איבער אינגאַנצען·

און נאָך אַ זאַך: דאָס קליינע שילף־רעהריל איז זוכה דערצו, מען זאָל מאַכען דערפון אַ פען און מיט דעם שרייבען אַ ספר־תורה·

---

אַ גאַנצע תוכחה מיט שאַרפע און ביטערע שטראָף־רייד איז יודען אויסגעקומען צו הערען פון משה רבנו׳ס מויל, דאַגעגען האָבען זיי פון בלעם׳ן אויסגעהערט פיעל שבחים און ברכות· אייגענטליך וואָלט בע־דאַרפט זיין פערקעהרט: משה זאָל זיי לויבען און בענשען, און בלעם זאָל זיי שענדען און שעלטען· נאָר וואָלט זיי בלעם שאַרף געשטראָפט, וואָל־טען זיך יודען דערפון גאָר נישט געמאַכט: ווייס איך וואָס אַ שונא קען אויסטראַכטען; און וואָלט זיי ווידער משה רבנו געלויבט, וואָלט עס ביי

די גויים קיין שום ווערטה ניט געהאַט: מילא, וואָס זייער אַן אייגענער גוטער פריינד לויבט! און דערפאַר איז ביי גאָט געבליבען, אַז בענשען זאָל זיי דער שונא בלעם און שטראָפען זאָל זיי דער גוטער פריינד משה, ווען ביידע, סיי די ברכות סיי די תוכחות, האָבען אויף אַזאַ אופן מעהר האַפט און קראַפט.

---

אַ געוויש פון פיעלע פעלקער
אַ ליאַרם ווי פון אויפגעברויזטע מעערען — — —
און בייזע מענשען ווי אַ ים
אַן אויפגערעגטער בלייבען אַלץ נישט רוהיג,
און וואַלען שמוציגע און טריבע
שנעל יאָגען זיך ווי ווילדע איינע נאָך דעם צווייטען
און טראָגען האַסטיג זיך צום ברעג —

די יודישע שונאים זענען ווי די וואַלען פון אַ שטורעמדיגען ים: דער ים, אַז ער צושפּיעלט זיך, הויבט זיך אויף פון איהם אַ ווילדער וואַל, לויפט לויפט מיט צאָרן און מיט שוים, גיט זיך ראַש אַלאָז צום ברעג: אָט נעהם איך און פערפלייץ די וועלט! — ווי נור עס שלאָגט זיך אָבער אָן אין דעם זאַמד, בלייבט ער באַלד אין אָהנמאַכט און פאַלט־אָב צוריק. וואָלט דאַכט זיך אַ צווייטער זיך בעדאַרפט אַראָבנעהמען אַ מוסר, ווילט זיך איהם אָבער אויך נאָכטהון דעם ערשטען — און האָט אויך דעם זעל־בען סוף.

דאָסזעלבע איז אויך מיט די יודישע שונאים: קומט פרעה און פאַלט־אָן מיט זיין בייזער מאַכט אויף יודען — האָט ער געהאַט די רעכטע מפלה און ווערט פערזונקען אין ים, ער מיט זיין גאַנצען חיל. וואָלט דאַכט זיך פרעה בעדאַרפט דיענען עמלק'ן פאַר אַביישפּיל, איז ניין: יודען האָבען זיך נור געלאָזט ווייטער אין וועג — „ויבוא עמלק", עמלק בעפאַלט — און בעקומט אויך די מפלה, וואָלטען זיך איצט בעדאַרפט סיחון און עוג אַוודאי אַראָבנעהמען אַ מוסר — קוקען זיי נישט אויף קיין זאַך און געהען אויך איינער נאָך דעם אַנדערען אַרויס געגען יודען — און בעקומען, פערשטעהט זיך, דעם פינסטערען סוף, וואָס אַלע פריהער־דיגע. און דאָס אייגענע איז אויך געווען דערנאָך מיט בלק'ן און מיט אַלע אַנדערע יודישע שונאים נאָך איהם.

## יודען און דאָס מזל.

אין איינער פון זיינע נבואות זאָגט דער נביא ירמיהו צו די יודען אין גאָט'ס נאָמען:

„די גענג פון די פעלקער ניט לערנט זיך אָב,
פאַר די צייכען אין הימעל נישט שרעקט זיך;
זאָלען זיך שרעקען די פעלקער פאַר זיי,
דען די איינגלויבענישען פון די פעלקער זענען נאַריש״.

אַז עס טרעפט אַ לקוי־חמה (זונפינסטערניש) ווערט עס אָנגענומען אַלס אַ שלעכטער סימן פאַר דער גאַנצער וועלט. עס קומט עפּעס אויס ווי אַ קעניג וואָס האָט געמאַכט פאַר זיינע לייט אַ גרויסען מאָהלצייט ביי זיך אין פּאַלאַץ און האָט לכבוד זיי געהייסען אָנצינדען דאָס שענסטע און העלסטע ליכט. איז ער אויף זיי פאַר עפּיס אויפגעבראַכט געוואָרען, גיט ער אַ געשריי זיין דיענער: נעהם־צו פון זיי דאָס ליכט און לאָז זיי זיצען אין דער פינסטער!

ר׳ מאיר זאָגט: די ערשטע וואָס נעהמען עס אָן פאַר זיך פאַר אַ שלעכטען סימן זענען די יודען, ווייל אַזוי זענען זיי שוין געוועהנט, אַז וואָס עפּיס אַ שלאַק טרעפט דאָס זיי צום ערשטען. בעווייזט זיך אין חדר דער רבי מיט׳ן קאַנטשיק אין דער האַנד — ווער פון די תלמידים גיט דער ערשטער אַ ציטער? דער וואָס חאַפּט שמיץ אַלע טאָג.

יודען אָבער, קוים נאָר זיי טהוען גאָט׳ס ווילען, האָבען זיי פאַר די אַלע צייכענס און סימנים זיך גאָרניט וואָס צו שרעקען — זאָלען זיך דערפאַר שרעקען די, וועלכע זענען איינגעגלויבט אין זייערע נאַרישקייטען.

---

אויף יודען האָט דאָס מזל קיין שליטה נישט.

אין ירמיהו׳ס צייטען האָבען יודען שוין געהאַלטען דערביי, זיי זאָלען זיך אָבלערנען פון די בבל׳ער גענג און אָננעהמען פאַר אַן אמת דאָס גלויבען פון די שטערנזעהער אין דעם כוח פון די מזלות — האָט זיי דער נביא אין גאָט׳ס נאָמען געוואָהרענט דערפון מיט יענע ווערטער:

פאַר די צייכען פון הימעל נישט שרעקט זיך,
זאָלען זיך שרעקען די פעלקער פאַר זיי,

אַמאָל האָט שוין געהאַלטען דערביי אייער פאָטער אברהם — האָב איך איהם אויך נישט דערלאָזט. בשעת איך האָב איהם צוגעזאָגט אויף דער עלטער אַ זוהן, האָט ער פאַר מיר געטענה׳ט: „מיר איז דאָך אָבער פון דיר קיין קינד נישט בעשטימט״ — דאָס מזל שטעלט מיר די אויגען און זאָגט: „אַברהם, דיר איז נישט בעשערט קיין קינד האָבען״. האָב איך איהם באַלד אין גאַס אַרויסגעפיהרט, אָנגעוויזען איהם אויף די שטערען־וועגען אין הימעל און געזאָגט: „אברהם, וואַרף־אַוועק דיין שטערנזעהעריי, אַ נביא ביסטו אָבער נישט קיין אַסטראָלאָג!״

אינ׳ם נאָמען פון ר׳ יוחנן זאָגט מען, אַז גאָט האָט אויפגעהויבען אברהם׳ן העכער פון דער הימעלס־ספערע און איהם אַזוי געזאָגט: קוק פון אויבען אַראָב אויף די שטערען. ווער ס׳איז אונטער דעם מזל, דער זאָל פאַר איהם מורא האָבען; דו, וואָס דו ביסט איבער איהם, גיה אַקעגען איהם מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

---

ר׳ חנינא׳ס צוויי תלמידים זענען אַמאָל אַרויסגעגאַנגען פון שטאָדט אין דערבייאיגען וועלדיל אַריין אָנהאַקען פאַר זיך האָלץ. בעמערקט זיי ביי׳ם אַרויסגאַנג איינער אַן אַסטראָלאָג, זאָגט ער צו די מענשען וואָס שטעהען דאָרט: ווי איך זעה־אַרויס, וועלען אָט די צוויי שוין צוריק לעבעדיגע נישט קומען, זיי וועט דאָרט אַ ביס טהון אַ גיפטיגע שלאַנג.

ווי נור די צוויי זענען אַרויס פון שטאָדט, בעגעגענען זיי אַן אַלטען מאַן אַ שטאַרק פערשמאַכטען:

– האָט אין מיר אַ מצוה – בעט זיך ביי זיי פער׳חלש׳ט דער אַלטער מאַן – שוין דריי טעג אַז איך האָב נישט געהאַט אין מיין מויל.

נעהמען זיי באַלד אַרויס דעם איינציגען לאַבען ברויט, וואָס זיי האָבען געהאַט מיט זיך, ברעכען־אָב פון דעם אַ האַלבען און גיבען דעם אַלטען. עסט ער אָב און ווינשעוועט זיי צו: „גאָט זאָל אייך אַזוי דערהאַלטען ביי׳ם לעבען ווי איהר האָט מיך דערהאַלטען"

נאָכדעם זענען זיי אַוועק אין וואַלד, אָנגעהאַקט האָלץ און קעהרען זיך אום אין שטאָדט בשלום. ווענדען זיך צום אַסטראָלאָג די מענשען וואָס האָבען פריהער געהערט זיינע ווערטער:

זעהסטו — זאָגען זיי איהם — ווי דו האָסט געטראָפען? וואו זענען דיינע ווערטער, אַז די לייט וועלען נישט קומען צוריק קיין לעבעדיגע?

— טאַקי אַ חידוש! — ענטפערט דער אַסטראָלאָג—אָדער איך האָב דאָס מאָל אַ טעות געהאַט, אָדער די אַסטראָלאָגיע לייגט! פון דעסטוועגען לאָמיר געהן זעהן וואָס טהוט זיך ביי זיי דאָרט אין די בינדלעך האָלץ.

זוכט מען און מען געפינט אין איין בינדעל איין העלפט פון אַן איבערגעהאַקטער שלאַנג און די צווייטע העלפט אין צווייטען בינדעל. בלייבט דער עולם שטעהן פערגאַפט.

— וואָס פאַר אַ גוטע זאַך האָט איהר היינט געטהון, וואָס אייך אי געשעהן אַזאַ גרויסער נס? — פרעגט מען ביי ר׳ חנינא׳ס צוויי תלמידים.

דערצעהלען זיי די מעשה מיט׳ן אַלטען אָרימאַן.

רופט זיך אָן דער אַסטראָלאָג:

וואָס קען מען מאַכען מיט׳ן יודישען גאָט, אַז ער לאָזט זיך איבער־קויפען מיט אַ האַלבען לאַבען ברויט!

## יודען – אַן אייביג פאָלק.

„ווי די פיער ווינטען פון דער וועלט – זאָגט דער נביא זכריה צו יודען אין גאָט׳ס נאָמען – אַזוי האָב איך אייך אומעדום פערשפּרייט“. ווי די וועלט קען נישט אויסקומען אָהן ווינטען, אַזוי קען זי נישט אויסקומען אָהן דעם יודישען פאָלק. יודען טראָגען־אַר־יין בעוועגונג אין דער וועלט.

---

„האָב ניט קיין פורכט, מיין קנעכט יעקב!“ — זאָגט גאָט צו יודען. יעקב אבינו, אַנטלויפענדיג פון דער היים אין דער פּרעמדי, האָט אויפ׳ן וועג געזעהן אַ חלום ווי אויף אַ לייטער געהען מלאכים אַרויף און אַראָב. דאָס האָט אים גאָט בעוויזען, איינעם נאָכ׳ן אַנדערען, די הימלישע שרים פון אַלע גרעסטע קעניגרייכען, וואָס וועלען קומען אויף דער וועלט. דער שר פון בבל, פון מדי און פון יון הויבען זיך אויף פריהער ביז דער העכסטער מדרגה פון גרויסקייט און מאַכט און נאָכדעם פאַלען זיי אַראָב ביז צום גרונד, נישט צו האָבען שוין מעהר קיין תקומה.

— זעהסטו – זאָגט איהם גאָט — אָט ווי די שרים וועסטו אויך אַמאָל זיך אויפהויבען גאַנץ הויך.

— רבונו של עולם! – רופט־אויס יעקב דערשראָקען — וועל איך אפשר אויך ווי זיי אַראָבפאַלען דערנאָך און אינגאַנצען פערלוירען געהן?

—דו, מיין קנעכט יעקב—זאָגט אים גאָט—„האָב קיין פורכט נישט“. נאָכדעם ווי דו וועסט זיך אויפהויבען וועסטו שוין קיינמאָל נישט פאַלען.

---

„איך גאָט – זאָגט דער נביא ישעיהו אין גאָט׳ס נאָמען – האָב נישט ווידערהאָלט“ — פון איין קלאַפּ מיינעם קומט־אום אַ פאָלק און איך דאַרף שוין נישט ווידערהאָלען: „און איהר, יעקב׳ס קינדער, זענט נישט אומגעקומען“ — אַלע פיילען מיינע אין אייך געציעלטע וועלען זיך אויס־לאָזען, איהר אָבער וועט זיך ניט אויסלאָזען. אַזוי לאָזט אַרויס אַ גבור אַלע זיינע פיילען אין אַ מעכטיגען שטאַם פון אַן אַלטען שטאַרקען דעמב. די פיילען לאָזען זיך אויס, און דער שטאַם בלייבט פעסט ווי פריהער אויף זיין אָרט.

„צו אַ סאַפּפיר־שטיין זענען יודען געגליכען“ — זאָגט ירמיהו אין זיינע קינות. עס מאַכט זיך אַ טייערער סאַפּפיר־שטיין, וואָס מען לעגט

איהם אַוועק אויף אַ אייזערנעם קלאָץ און מען קלאַפּט אויף איהם מיט אַ האַמער, ווערט דער קלאָץ צושפּאָלטען, דער האַמער צובראָכען — און דער סאַפּפיר־שטיין בלייבט גאַנץ.

---

יודען זענען פיעל מאָל ווידער געגליכען צו שטויב פון דער ערד. ווי די שטויב פון דער ערד איז צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט — אַזוי זענען אויך יודען; און ווי דער שטויב פון דער ערד ווערט געטראָטען אונטער יעדענס פיס און לעבט אַלץ איבער — אַזוי זענען אויך יודען: אַלע פעלקער, וואָס טרעטען יודען מיט די פיס, קומען־אום און יודען בלייבען.

„אַ דור געהט־אַוועק, אַ דור קומט־אָן — זאָגט שלמה אין קוהלת — און די ערד בלייבט שטעהן אייביג".

אַראָב אַ דור, אַרויף אַ דור; אַרויס אַ קעניגרייך, אַריין אַ קעניגרייך; אַ גזירה אויס, אַ גזירה איין — און דאָס יודיש פאָלק קומט אַלץ איבער און בלייבט ווי די ערד שטעהן. גאָט האָט די יודען נישט פערלאָזט און וועט זיי נישט פערלאָזען, זיי זענען ביז אַהער נישט אומגעקומען און וועלען אויף ווייטער נישט אומקומען. „איך גאָט האָב זיך נישט געענדערט" — און וועל זיך נישט ענדערען; און איהר, יעקב'ס קינדער, זענט נישט אומגעקומען — און וועט נישט אומקומען. „קוים זענט איהר בעהעפט אין אייער אייביגען גאָט, לעבט איהר אַלע אייביג".

## דאָס אויפנעהמען אַ גר.

אַ גר, אַ צוגעשטאַנענער פון דער פרעמד, איז שעדליך פאַר'ן יודישען פאָלק ווי אַן אָנוואוקס צום גוף.

קומט אַ גר היינטיגע צייטען אָננעהמען יודישקייט דאַרף מען זיך פריהער פרובען איהם דערפון אָברעדען: „וואָס האָסטו אַזוינס ביי אונז דערזעהן — זאָגט מען איהם — וואָס דיר האָט זיך פערוואָלט אָננעהמען יודישקייט? ווייסטו דען נישט ווי יודען זענען היינטיגע צייטען פערוועהטיגט און דערשלאָגען, געיאָגט און געפּלאָגט, פול מיט צרות און ליידען פון אַלע זייטען? אויב ער ענטפערט דערויף: „איך ווייס דאָס, און דאָך הלוואַי זאָל איך האָבען די זכיה" — נעהמט מען איהם גלייך אויף און מען ערקלערט איהם אַ טייל פון די לייכטערע מצוות און אַ טייל פון די האַרבערע, אויסער דעם ערקלערט מען איהם נאָך, וואָס אַ יוד איז מחויב צו טהון פאַר אָרימע לייט, מען מוז זיי אוועקשענקען דעם לקט (די אָבגעפאַ־

לעֶנעֶ ביי׳ם שניט זאַנגעֶן)· שכחה (דעֶם פעֶרגעֶסעֶנעֶם גאַרב אין פעֶלד)· פאה (דעֶם פאַס זאַנגעֶן אין עֶק פעֶלד) און מעשר עני (אַ צעֶהנטעֶל פון דעֶר אָבגעֶשניטעֶנעֶר תבואה)· ווייטעֶר עֶרקלעֶרט מעֶן איהם די שווערעֶ שטראָף וואָס עֶר נעֶמט אויף זיך פאַר איבעֶרטרעֶטעֶן די מצוות· „וויסעֶן זאָלסטו – זאָגט מעֶן איהם – אַז ביז איצט האָסטו געֶמעֶגט עֶסעֶן חלב· נישט היטעֶן שבת· און ס׳איז דיר דעֶרפאַר גאָרנישט געֶקומעֶן; פון איצט אָן אָבעֶר עֶסטו חלב – קומט דיר כרת· פעֶרשטעֶרסטו שבת — ביזטו חייב מיתה· און פון דער אַנדעֶרעֶר זייט דעֶרצעֶהלט מעֶן איהם אויך דעֶם גרויסעֶן לוין· וואָס איהם עֶרוואַרטעֶט פאַר׳ן אָבהיטעֶן מצוות· „וויסעֶן זאָלסטו – זאָגט מעֶן איהם – אַז יעֶנעֶ וועֶלט איז אָנגעֶגרייט נאָר פאַר גוטעֶ און פרומעֶ· יודעֶן אויף ד עֶ ר וועֶלט אָבעֶר קעֶנעֶן נישט אויפנעֶהמעֶן צופיעל גוטס און ניט צופיעל שלעֶכטס·

אויף אַזאַ אַרט דאַרף מעֶן איבעֶררעֶדעֶן פריהעֶר מיט׳ן גר; מעֶן טאָר אָבעֶר נישט איבעֶרחאַפּעֶן די מאָס און נישט צופיעל איהם אָבשרעֶקעֶן·

## אָהן זכות אבות.

רבה בר רב הונא האָט געֶזאָגט: יודעֶן געֶבוירעֶנעֶ האָבעֶן אַקעֶגעֶן גרים אַ גרויסעֶ מעלה: אויף יודישעֶ קינדעֶר ווערט געֶזאָגט: „איך בין זיי געֶוואָרעֶן אַ גאָט און זיי מיר אַ פאָלק״· גאָט זייעֶרעֶר· הייסט עֶס· האָט זיך מיט זיי פעֶרבונדעֶן פון אייביגעֶ יאָהרעֶן אָן· נאָך איידעֶר זיי האָבעֶן זיך אַליין דעֶרקעֶנט· וועֶגעֶן די אָבעֶר וואָס נעֶהמעֶן־אָן יודישקייט ווערט געֶזאָגט: „איהר· וואָס האָט מוטה געֶהאַט זיך צו מיר דעֶרנעֶהנטעֶרעֶן· וועט איהר מיר ווערעֶן אַ פאָלק און איך אייך אַ גאָט״ פריהעֶר· הייסט עֶס האָ־בעֶן זיי זיך דעֶרקעֶנט אַלס פאָלק און עֶרשט שפעֶטעֶר האָבעֶן זיי זיך בעֶהעֶפט אין גאָט·

אַ גר — זאָגט אַן אַנדעֶרעֶר – האָט נישט קיין גרייטעֶ זכות אבות· און אויף איהם איז געֶזאָגט געֶוואָרעֶן: „יגיע כפיך כי תאכל״ — דו געֶ־ניסט די מיה פון דיינעֶ אייגעֶנעֶ העֶנד·

## דריי מינים גרים.

דריי מינים זעֶנעֶן פאַרהאַן גרים:

איינעֶר נעֶהמט אָן יודישקייט דעֶרפאַר וואָס ס׳איז איהם געֶפעֶלעֶן געֶוואָרעֶן דאָס יודישעֶ הויז מיט זיינעֶ שבת׳דיגעֶ און יום־טוב׳דיגעֶ מאכלים· אַ יודיש שטיקעֶל פיש· אַ כשר שטיקעֶל פלייש א· ד· ג· — מאַכט עֶר זיך אַ האַרץ און ווערט אַ יודי·

אויף אַזאַ גר האָט גאָט אָנגעזאָגט די יודען: קינדער מיינע, ווי דער האָט ליעב בעקומען דאָס יודישע הויז, אַזוי ווייזט איהר איהם אַרויס ליעבע — „ליעבט דעם גר".

אַן אַנדערער ווידער נעהמט־אָן יודישקייט ווי אַמאָל שכם, חמור'ס זוהן, ווייל ער האָט שטאַרק ליעב בעקומען אַ יודישע פרוי, און אַז מען וויל זי איהם נישט געבען ביז ער וועט ווערען אַ יוד, גיט ער זיך אונטער און ווערט אַ יוד.

אויף אַזאַ גר האָט גאָט אָנגעזאָגט די יודען: קינדער מיינע, אָט דער זוכט ביי אייך רוהה פאַר זיין האַרץ, גיט איהם די רוהה — "פערשאַפט נישט קיין ליידען דעם גר".

ס'איז אָבער אויך פאַרהאַן אַן אמת'ער גר, ווי אברהם אָבינו. נאָכ־דעם וואָס ער האָט אויסגעפּרובט די גלויבענס פון אַלע פעלקער, איז ער דערגאַנגען, אַז דאָס יודישקייט שטעהט זעהר גרויס ביי יעדען אין די אויגען און דערפאַר איז ביי איהם געבליבען: „איך וועל ווערען אַ יוד און אויך אַרונטער אונטער די פליגעל פון דער שכינה".

אויף אַזעלכע האָט גאָט געזאָגט: „איך וועל זיי אָבגעבען אין מיין הויז און אין מיינע מויערען אַ בכבוד'יגען פּלאַץ".

---

„דעם גר פערשאַף נישט קיין ליידען" — אַזוי האָט די תורה אין פיעל ערטער אָנגעזאָגט די יודען — בעליידיג איהם נישט אַפילו מיט ווערטער. טאָרסט איהם נישט זאָגען: ערשט נעכטען ביזטו געווען אַ צלמ־ניק און דער חזיר שמעקט דיר נאָך ביז איצט פונ'ם פיסק אַרויס...

## דער צוגעשטאַנענער הירש.

„דעם מעשר (אַ צעהנטעל) פון דיין תבואה — האָט גאָט אָנגעזאָגט די יודען דורך משה'ן — זאָלסטו אַוועקלעגען פאַר'ן לוי און פאַר'ן גר". רופט־אויס משה פערוואונדערט: וואָס, אַ גר איז ביי דיר גלייך ווי דער לוי?

— ניין — זאָגט איהם גאָט — ער איז נאָך אין מיינע אויגען חשוב'ער, ווייל ער איז געקומען צו מיין גלויבען מיט זיין אייגענעם ווילען.

עס קומט־אויס ווי יענער פאַסטוך וואָס האָט זיך אַרומגעפיהרט מיט זיינע שאָף אין דער מדבר. איינמאָל איז געקומען פון ערגיץ אַ הירש און איז צוגעשטאַנען צו די שאָף און צווישען זיי זיך אויסגעהאַלטען. האָט זיך דער פאַסטוך מיט טאיהם זעהר אָבגעגעבען, איהם אונטערגעטראָגען עסען און טרינקען אין דער צייט און איהם אַרויסגעוויזען ליעבע מעהר

ווי צו אַלע זיינע שאָף· פרעגט מען איהם: וואָס קעכעלסטו אַזוי דעם אָנגעקומענעם הירש מעהר ווי דיינע אייגענע שאָף? ענטפערט ער: וויפיעל האָבען מיר די שאָף אָפּגעקאָסט מיה· אַרויסלאָזען זיי אַלע אין דער פריה· אַריינגעהמען זיי אַלע פאַר נאַכט· זוכען פאַר זיי אַלע מאָל פרישע גראָז· פיהרען זיי צום טייך· היטען זיי פאַר ווילדע חיות — ביז איך האָב זיי דערצויגען; און אָט דער הירש· גאָר אַ ווילד־פרעמדער· אויסגעוואַקסען אין מדבר און אין וואַלד· איז אַליין פון זיך געקומען און צוגעשטאַנען צו די שאָף — איז ער נישט ווערטה מען זאָל איהם קעכלען?

אַזוי זאָגט גאָט ברוך־הוא: וויפיעל מיה האָבען מיר מיינע יודען אָבגעקאָסט: זיי אַרויסגעפיהרט פון מצרים· בעלויכטען פאַר זיי דעם וועג מיט מיין פייערזייל· געשפייזט זיי מיט׳ן מן· געבראַכט זיי צופליהען וואַכטלען· אַ ברונען וואַסער זיי צוגעשטעלט אין דער וויסטעניש· בעשיצט זיי פון אַלע זייטען מיט מיינע פראַכט־וואָלקענס — ביז זיי האָבען אויף זיך מקבל געווען מיין תורה; און דאָ קומט איינער אַ פרעמדער פון זיך און לעהעפט זיך אין מיר — זאָל ער נישט זיין חשוב ביי מיר ווי אַ יוד און ווי אַ לוי?

## בעריהמטע גרים·

I

פיעל פון די פאָרנעהמע און געלעהרטע גריכען אין די צייטען פון בית שני האָבען זיך בעקאָנט מיט דער יודישער תורה אין איהר גריכישער איבערזעצונג און דורך דעם זיך דערנעהענט אָדער אינגאַנצען איבערגע־גאַנגען צו יודישקייט·

איבער דעם אָננעהמען יודישקייט פון אייניגע אַזעלכע גרים· ווערט דערצעהלט אַזוי:

די צוויי זיהן פון דעם קעניג תלמי (פטאָלאָמעאוס)· מונבז און איזטס· זענען אַמאָל געזעסען און צוזאַמען געלייענט אין דער יודישער תורה דעם ספר בראשית· געקומען צום פסוק „איהר זאָלט בעשניידען די פאָרהויט אין אייער לייב״ האָט זיך יעדער פון זיי אומגעקעהרט מיט׳ן פנים צו דער וואַנד און שטיל פאַר זיך געוויינט· באַלד נאָכדעם האָבען זיךביידע בעשניטען· ניט וויסענדיג איינער פונ׳ם אַנדערען·

אין אַ צייט שפּעטער זיצען ביידע ברידער ווידער צוזאַמען און לייענען דעם ספר בראשית· געקומען צום זעלבען פסוק· קוקען זיי זיך ביידע איבער און איינער רופט זיך אָן: וועה מיר אויף דיר· ברודער מיינער! זאָגט דער צווייטער: ניט דיר אויף מיר· נאָר מיר אויף דיר

איז וועה! — און ביידע האָבען אויפגעדעקט איינער פאַר׳ן אַנדערען דעם סוד זייערען.

דערוואוסט זיך דערפון זייער מוטער העלענאַ, האָט זי מורא טאָמער דערגעהט עס צום פאָטער און די קינדער וועלען שווער בעשטראָפט ווע־רען, קומט זי און זאָגט איהם אַזוי:

— ס׳האָט זיך עפּיס געמאַכט ביי די קינדער אויפ׳ן לייב אַ געשוויר, האָט דער דאָקטאָר געהייסען, ניט אַנדערש נאָר זיי זאָלען זיך בעשניידען.

— זאָלען זיי — זאָגט דער פאָטער.

II

עקילס, דער זוהן פונ׳ם קיסר אדריאַנוס׳ עס אַ שוועסטער, האָט גע־וואָלט זיך מגייר זיין. האָט ער זיך אָבער געפּאָרכטען עס צו טהון פאַר זיין פעטער אַדריאַנוס. קומט ער איינמאָל אַריין צום קיסר און זאָגט איהם: ביי מיר איז געבליבען מאַכען מסחר. רופט זיך אָן צו איהם דער קיסר: אפשר פעהלט דיר אויס דערויף גאָלד און זילבער, זענען פאַר דיר אָפען אַלע מיינע שאַצקאַמער, נעהם זיך וויפיעל דו דאַרפסט.

— ניין — זאָגט איהם עקילס — איידער איך לאָז זיך אין דער וועלט צו טהון מסחר רעכען איך פאַר גלייך מיט דיר זיך צו בעראַטהען.

זאָגט איהם אַדריאַנוס: דעם כלל זאָלסטו האָבען — טרעפט זיך דיר אַ מין סחורה וואָס איז שטאַרק געפאַלען ביז צו דער ערד, זאָלסטו זיך באַלד אין איהר אָנחאַפּען, ווייל זי וועט שפּעטער געוויס שטייגען און וועסט ביי דעם שעהן פערדיענען.

לאָזט זיך עקילס אַוועק אין ארץ־ישראל און נעהמט זיך דאָרט צו דער יודישער תורה און לערנט טאָג און נאַכט. בעגעגענען איהם אַמאָל זיינע בעקאַנטע יודישע געלעהרטע ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע, בעמערקען זיי ווי ער זעהט־אויס שלעכט, זאָגען זיי איינער צום אַנדערען: אפּנים עקילס לערנט די תורה גאַנץ געטריי. הויבען זיי אָן מיט איהם צו שמוע־סען אין תורה, האָט ער זיי פערוואָרפען מיט פערשידענע שאלות. ער האָט אַלץ אָבגעפרעגט און זיי איהם אָבגעענטפערט.

אין אַ צייט אַרום קומט עקילס ווידער צו זיין פעטער אַדריאַנוס, פרעגט איהם אַדריאַנוס: עקילס, וואָס זעהסטו אַזוי אויס שלעכט? ווייזט אויס, דו האָסט געמאַכט שלעכטע געשעפטען, און אפשר, זאָג מיר, האָט דיך עמיצער שטאַרק בעליידיגט?

— ניין — ענטפערט ער — אַז איך האָב דיך פאַר אַ פעטער, ווער וועט זיך וואַגען מיך עפּיס בעליידיגען?

— דאָך, וואָס ביזטו אַזוי פונ׳ם פּנים אַראָב?

— איך האָב געלערנט די יודישע תורה — ענטפערט ער איהם — און דערצו נאָך זיך געלאָזט בעשניידען.

— וואָס זאָגסטו? — שרייט־אויס אַדריאַנוס אין צאָרן — ווי פאַלסטו אויס אַזוינס צו טהון?

— דו אַליין האָסט מיר דאָס געראַטהען, האָב איך דיך געפאָלגט.

— ווי, ווען? — שטוינט אַדריאַנוס נאָך מעהר.

— געדענקסט, ווען איך האָב דיר דערצעהלט אַז איך לאָז זיך אַוועק אויף דער וועלט האַנדלען, האָסטו מיר אַליין אַן עצה געגעבען מיט די ווערטער: „טרעפט זיך דיר אַ מין סחורה וואָס איז שטאַרק געפאַלען ביז צו דער ערד, זאָלסטו זיך באַלד אין איהר אָנחאַפּען, ווייל זי וועט שפּעטער געוויס שטייגען“. מוז איך דיר זאָגען, אַז פון אַלע פעלקער וואָס איך האָב איבערגעזעהן אויף דער וועלט, שטעהט נישט איינס אַזוי נידע־ריג ביז צו דער ערד ווי דאָס יודישע פאָלק; האָב איך, לויט דיין ראַטה אין זיי זיך אָנגעחאַפּט, ווייל זיי וועלען געוויס דערהויבט ווערען, און אַזוי האָט לאַנג אויף זיי פאָראויסגעזאָגט זייער נביא ישעיה:

„אַזוי זאָגט גאָט
דער אויסלעזער, דער הייליגער ישראל׳ס:
דו, דער פעראַכטעסטער פון יעדער זעל,
דער העסליכסטער פון יעדען פאָלק,
דער קנעכט ביי הערשער,
זעלבסט קעניגען ביים זעהן דיך — וועלען אויפשטעהן
און הערען וועלען זיך צו דיר בוקען“...

## שען אַנטלאָפּען!

אַז בלעם האָט בעמערקט אין דער מדבר קיני׳ס שטאַם, וואָס איז צו יודען צוגעשטאַנען, האָט ער איבער איהם אַזוי געזאָגט:

„פעסט איז דיין זיץ־פּלאַץ
אין פעלז האָסטו דיין נעסט געמאַכט“.

ס׳קומט אויס ווי יענס פויגעלע, וואָס איז אַנטלאָפען פונ׳ם יעגערן, זיך געדרעהט אַהין און אַהער, איבערגעפלויגען פון איין אָרט אויפ׳ן אַנ־דערען — ביז ס׳איז צום סוף אַרויפגעפלויגען אויף דער האַנד פון אַ קעניגליכען מאָנומענט־בילד און דאָרט שטעהן געבליבען, דערזעהן דאָס, רופט־אויס דער יעגער: ווי שען און קלוג זיין איצטיג אַנטלויף אַהער!

אַזוי האָט בלעם געלויבט קין'ן: „פעסט איז דיין זיץ־פּלאַץ" — דו האָסט פערשטאַנען אויף וואָס פאַר אַ פעלז דיין נעסט איבערצוטראָגען.

## די שיף מעג שוין אָבשווימען.

איינער פון די רוימישע קיסרים, אַ פערברענטער שונא ישראל, האָט איינמאָל, אין אַ געשפּרעך מיט זיינע מיניסטאָרען וועגען יודען, זיך צו זיי געווענדעט מיט אַזאַ פראַגע:

— ווי מיינט איהר, האָט זיך עמיצען אַריינגעחאַפּט די בראַנד אינ'ם פוס, וואָס איז פאַר יענעם גלייכער: צי אַראָבנעהמען דעם פוס און לעבען בלייבען, צי איבערלאָזען איהם אַזוי און ליידען גרויסע ווערטאָגען און אפשר גאָר אומקומען?

— געוויס — האָבען זיי געענטפערט — גלייכער זיך לאָזען אָבשניי־דען דעם פוס און לעבען בלייבען.

—עס וועט דיר אָבער גאָרנישט העלפען — רופט זיך אָן צום קעניג איינער פון די שרים, אַ יודענפריינד, קטיעא בר שלום — ערשטענס וועט זיך דיר פאַר קיין פאַל נישט איינגעבען אויסצוראָטען זיי אַלע מיט אַמאָל: יודען זענען דאָך ווי די ווינטען צוזייט און צושפּרייט אין אַלע פיער עקען וועלט; צווייטענס, פּאַסט גאָר נישט אַזאַ זאַך פאַר דער קעניגרייך: וואָס וועט די וועלט זאָגען — אַ קעניגרייך אַ אונטערגעהאַקטס!

— ביסט אפשר נישט אומגערעכט — זאָגט דערויף דער קיסר — נאָר דער וואָס טרעט־אַרויס דעם קיסר אַקעגען קומט איהם אַריינוואַרפען אין קאַלך־אויווען.

און באַלד האָט מען דעם שר אַוועקגעפיהרט אין געפענגעניש. אויפ'ן וועג הערט ער ווי אַ מאַטראָנע, איינע פון די רוימישע פאָרנעהמע פרויען וואָס האָבען בעהאַלטענערהייד אָנגענומען יודישקייט, שרייט איהם נאָך: „וועה איז דער שיף וואָס געהט אָב פונ'ם ברעג אָהן אָבצאָהל!" דער געפאַנגענער האָט פערשטאַנען דעם מיין פון דעם אויסרוף און האָט באַלד דערנאָך זיך אַליין מיט די אייגענע הענד בעשניטען.

— דער אָבצאָהל איז שוין אָבגעגעבען געוואָרען — האָט ער גע־זאָגט ווען מען האָט איהם געפיהרט פערברענען — איצט מעג שוין די שיף פונ'ם ברעג אָבשווימען.

און פאַר'ן פערברענען האָט ער אָבגעזאָגט איינגאַנצען דאָס רייכע פערמעגען זיינס פאַר דעם יודישען תנא ר' עקיבא און זיינע חברים.

האָט זיך געלאָזט הערען אַ בת־קול:

— קטיעא בר שלום איז בעוואָרענט מיט'ן אייביגען לעבען!

און ווען רבי פלעגט הערען רעדען פון דער מעשה פלעגט ער דערביי זאָגען מיט טרעהרען:

— איינער געווינט דאָס אייביגע לעבען אין איין רגע; אַן אַנדערען קומט עס אָן מיט פיעליאָהריגער מיה!...

## דריי לעגיאָנען גרים.

דער בעוואוסטער אונקלוס בר קלונימוס האָט זיך מגייר געווען. שיקט דער רוימישער קיסר זיינעם אַ לעגיאָן איהם צו נעהמען אין געפענ־געניש. האָט אונקלוס געגומען שמועסען מיט זיי פון דער יודישער תורה און זיי אַזוי לאַנג איינגערעדט ביז זיי האָבען זיך אויך מגייר געווען.

שיקט דער קיסר אַ צווייטען לעגיאָן און זאָגט זיי אָן: נישט דער־וועגען זאָלט איהר זיך מיט איהם אַריין אין אַ שמועס! ווי זיי האָבען אונקלוס געפאַנגען און זיך געלאָזט מיט איהם געהן, זאָגט ער זיי:

הערט, איך וועל אייך זאָגען עפּיס אַ זאַך גלאַט אַזוי זיך: לויט דעם געוועהנליכען צערמאָניאַל, טראָגט דער נידריגער הויפטבעאַמטער דעם פאַקעל פאָראויס דעם העכערען פון זיך — דער ניפיור פאַר'ן אַפיפיור, דער אַפיפיור פאַר'ן דוכס, דער דוכס פאַר'ן הגמון, דער הגמון פאַר'ן קיסר, דער קיסר אַליין אָבער פאַר וועמען האָט צו טראָגען?

— פאַר קיינעם נישט — ענטפערען זיי.

— און דער יודישער גאָט — זאָגט ער זיי — טראָגט דעם פאַקעל זיינעם פאָראויס זיין ליעב פאָלק ישראל, ווי עס ווערט דערצעהלט אין דער תורה: „גאָט איז געגאַנגען פאָראויס זיי בייטאָג מיט'ן וואָלקען זייל און ביינאַכט מיט'ן פייערזייל".

און ער האָט גערעדט איבער זיי אַזוי לאַנג ביז זיי האָבען זיך אויך מגייר געווען.

שיקט דער קיסר נאָך אונקלוס'ן אַ דריטען לעגיאָן און זאָגט זיי אָן נאָך שטרענגער — קיין איין וואָרט מיט איהם נישט אויסצורעדען.

ווי זיי האָבען איהם געפאַנגען און זיך געלאָזט מיט איהם געהן, זעהען זיי ווי ער לעגט אַרויף די האַנד אויף דער מזוזה פון דער טהיר און שמייכעלט דערביי. קענען זיי זיך נישט איינהאַלטען און גיבען איהם אַ פרעגע, וואָס בעדייט דאָס שמייכלען זיינס.

— ווי דער שטייגער איז — זאָגט ער זיי — זיצט דער קעניג ביי זיך אין פאַלאַץ אינוועניג און זיינע בעדינער שטעהען אין דרויסען ביי

די טהירען אויף דער וואַך· ביים יודישען גאָט איז אָבער פערקעהרט: די בעדיענער זיינע זיצען אינוועניג און ער שטעהט אין דרויסען ביי זייערע טהירען אויף דער וואַך· ווי עס זאָגט זייער מלך דוד אין תהילים: „גאָט היט דיין אַרויסגאַנג און דיין אַריינגאַנג פון איצט ביז אייביג״.

האָבען די אויך אָנגענומען יודישקייט.

און מעהר האָט שוין דער קיסר נאָך איהם נישט געשיקט.

## נישט זיי — דאָס מזל זייערס.

ר׳ יוחנן האָט געזאָגט:

דער שלאַנג· וואָס האָט אָנגערעדט חוה׳ן צו זינדיגען האָט אַרייגגעלאָזט זיין שמוץ אין אַלע מענשען־קינדער: יודען· וואָס זענען ביי׳ם באַרג סיני געשטאַנען און מקבל געווען די תורה· זענען פון דעם שמוץ איגגאַנצען לויז געוואָרען; די איבריגע פעלקער· וואָס זענען ביי׳ם באַרג סיני נישט געשטאַנען· זענען פון איהם נישט לויז געוואָרען·

— און ווי איז מיט גרים? — האָט איינער געפרעגט·

— גרים — האָט מען איהם געענטפערט — חאָטש זיי אַליין זענען ביי׳ם באַרג סיני נישט געווען· איז אָבער געווען דאָרט זייער מזל·

## צוזייעט איבער דער ערד·

ר׳ אלעיזר האָט געזאָגט:

— גאָט האָט פערטריבען די יודען צווישען די פעלקער נאָר צוליעב דעם· כדי עס זאָלען צו זיי צושטעהן גרים פון אַלע פעלקער· ווי דער נביא הושע זאָגט איבער׳ן יודישען פאָלק: „איך וועל מיר עס צוזייען איבער דער ערד״ — פערזייעט אַ מענש אַ מעסטעל איז נור כדי עס זאָל איהם איינברענגען פיעל מאָל מעהר וויפיעל ער האָט פערזייעט·

## אומות־העולם·

ר׳ שמעון בן גמליאל דערצעהלט:

— איך בין אַמאָל געגאַנגען אין וועג· האָט מיך עפּיס איינער אָנגעטראָפען און איז צו מיר שטאַרק צוגעשטאַנען·

— האָט איהר דען אַליין נישט געזאָגט — האָט ער געטענה׳ט — אַז די אומות־העולם אַמאָל אין גאָר די אַלטע צייטען האָבען אויך געהאַט זייערע אייגענע עטליכע נביאים· ווי בלעם· איוב און אַנדערע· וועלכע האָבען זיי געוואָרענט מיט שטראָף־רייד· און דערפאַר וואָס די אומות האָבען זיי נישט געפאָלגט וועלען זיי דעריבער פערלוירען געהן אין גיהנם?

— יאָ, מיין זוהן — האָב איך איהם געענטפערט — אַזוי איז דאָס.

— אויב אַזוי זאָגט יענער — קענען דאָך די פעלקער, וואָס זענען שפּעטער געקומען אויף דער וועלט האָבען אַזאַ טענה: וויבאַלד קיין תורה האָט מען אונז נישט געגעבען, קיין נביאים אין אונזערע צייטען האָבען אונז אויך נישט געוואָהרענט, — פאַרוואָס קומט אונז בעשטראָפט צו ווערען?

— ווייסטו פאַר וואָס, זוהן מיינער — זאָג איך איהם — ווייל אויך פאַר זיי זענען תמיד די פליגעל פון דער שכינה געווען אויסגעשפּרייט, און ווער ס׳האָט נור געוואָלט, האָבען איהם יודען אין אַלע צייטען אויס־געשטרעקט די הענד און געהאַלטען איהם אונטער די פליגעל אַרונטער־פיהרען — זאָלען די גרים פון יעדען דור אַקעגען זיי פאַר אַ בעוויז דיענען.

---

גאָט וואַרפט זיך נישט מיט קיינעם; יעדען נעהמט ער אָן, די טויערען זענען צו אַלע צייטען ברייט אָפען און ווער ס׳וויל אַריין קען אַריינגעהן, און אַזוי האָט שוין לאַנג געזאָגט דער נביא ישעיה: „עפענט די טויערען און זאָל אַריינקומען אַ פאָלק אַ גערעכטס״ — ער זאָגט נישט „זאָלען אַריינקומען כהנים, לויים און ישראלים״, נאָר „אַ פאָלק אַ גערעכטס״, וויבאַלד אַ גערעכטס מעג זיין יעדעס פאָלק וועלכעס ס׳איז.

---

הימעל און ערד שטעל איך פאַר עדות — זאָגט אליהו רבא — אַז סיי אַ גוי סיי אַ יודי, צי אַ מאַן צי אַ פרוי, מעג זיין אַ קנעכט אָדער אַ דיענסט — יעדער לויט זיין פערדינסט רוהט אויף איהם דער רוח־הקודש.

---

ווען יודען נאָך יציאת־מצרים זענען בשלום איבערגעגאַנגען דעם ים־סוף און די מצרים זענען דאָרט איינגעזונקען געוואָרען, האָבען די מלאכים אין הימעל געוואָלט זיך שטעלען זינגען אַ לויב־געזאַנג פאַר גאָט. זאָגט זיי גאָט: איהר זעהט מיינע בעשעפענישען זינקען אין ים — און איהר שטעלט זיך פאַר מיר זינגען?

---

# ארץ־ישראל.

## דאָס וואוינען אין ארץ־ישראל.

אין אַלע צייטען זאָל אַ יוד בעסער וואוינען אין ארץ־ישראל אפילו אין אַ שטאָדט וואו דאָס רוב איינוואוינער זענען גויים, איידער אין חוץ־לארץ אפילו אין אַ יודישער שטאָדט, וואָרום דער יוד וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל האָט אַן אייגענעם גאָט, יענער יוד אָבער וואָס וואוינט דאָרט נישט — לעבט ער נישט קיין יודיש לעבען און ס'איז גלייך ווי ער זאָל חלילה קיין גאָט נישט האָבען.

און דערפאַר האָט זיך דוד בעקלאָגט אויף יענע וואָס האָבען איהם פעריאָגט פון זיין היים און געטריבען אין דער פרעמד צווישען די פלשתים מיט די ווערטער: „פערטריבען האָבען זיי מיך און אָבגעריסען פון דעם גאָט'ס ערב־זיך, געהייסען מיר: געה דיען פרעמדע געטער". געהייסען אַזוי האָט איהם אייגענטליך קיינער נישט, נאָר קוים האָט ער געמוזט וואוינען אויסער ארץ־ישראל, האָט דאָס שוין געהייסען ביי איהם גלייך ווי ער זאָל דיענען עבודה־זרה.

## אַ היים.

„אָ ווען מען גיט מיר פליגעל ווי אַ טויבּ,
וואָלט איך געפלויגען זוכען זיך אַ רוה,
ווייט־ווייט וואָלט איך געוואַנדערט,
גענעכטיגט אין דער וויסטע, —

מיט די ווערטער זאָגט אַרויס דער משורר אין תהלים זיין טיעף

בענקעניש נאָכ׳ן יודישען לאַנד. נישט ווי אַנדערע פויגעל, וואָס מיעד־ווערענדיג בשעת דעם פליהען זייערען, לאָזען זיי זיך אַראָב רוהען אויף אַ פעלז אָדער אויף אַ בוים; ניין, ווי אַ טויב פליהט צוריק אין איהר נעסט אַזוי וויל איך זיין; די טויב, ווי מיעד אין וועג זי זאָל נישט ווערען, שטעלט זי זיך נישט אָב, נאָר איין פליגעלע פערמאכט זי און מיט׳ן אַנדערען פאָכעט זי נאָך אַלץ און פליהט זיך אין איהר וועג ווייטער, און אַזוי „וואָלט איך געוואַנדערט ווייט־ווייט״ — אַלץ ווייטער־ווייטער געצויגען זיך, אַלץ נעהנטער־נעהנטער צו מיין אייגען לאַנד, „נעכטיגען דאָרט אין דער וויסטע״— ליעבער איז מיר צו פערברענגען די נאַכט ערגיץ דאָרט אין אַ מדבר, נאָר אין מיין אייגענעם לאַנד, איידער אויסצורוהען זיך אין די שענסטע פאַלאַצען פון דער פרעמדי.

# ליעבע צו ארץ־ישראל.

## I

איינמאָל האָבען פיער גרויסע תנאים: ר׳ יהודה בן בתירא, ר׳ מתיא בן חרש, ר׳ יהושע און זיין ברודער׳ס זוהן ר׳ חנינא, געמוזט זיך אַוועקלאָזען קיין חוץ־לארץ. געקומען קיין פלטוס, אַ שטאָדט ביי דער גרעניץ, האָבען זיי דערפיהלט ווי שווער ס׳איז זיי זיך אָבצושיידען פון ארץ־ישראל. האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע אויגען אָנגעפולטע מיט טרעהרען, לאַנגלאַנג געקוקט פון דערווייטענס אויף זייער ליעב לאַנד, צעריסען אויף זיך אין טרויער די קליידער און דערביי געזאָגט יענע ווערטער פון דער תורה: „איהר וועט דאָס לאַנד איינגעהמען, וואוינען אין דעם און אָבהיטען אַלע געזעצן״ — שוין דאָס וואוינען אַליין אין ארץ־ישראל בעשטעהט געגען אַלע מצוות צוזאַמען.

## II

ר׳ זירא, אויפ׳ן וועג פון בבל קיין ארץ־ישראל, איז געקומען צו אַ טייך, וואו ער האָט נישט געפונען דעם פראַהם (פאָהר־שיף) אויף איבערצופאָהרען. וואַרט ער ניט ביז דער פראַהם וועט אָנקומען, חאַפּט זיך געשווינד אָן ביי׳ם שטריק, וואָס איז דאָרט איבערגעצויגען איבער׳ן טייך פון איין עק צום אַנדערען. און אַזוי איז ער מיט מסירת־נפש אַריבער דעם טייך. דערזעהט עס איינער פון די כופרים, לאַכט ער איהם אויס:

— אַז מען זאָגט אַן „עמא פזיזא״, אַ פאָלק אַ מבוהל, זאָל מען גלויבען, ווי אַמאָל אויפ׳ן באַרג סיני, וואו איהר האָט געחאַפּט מיט׳ן מויל פאַר די אויערען: געשריגען „נעשה״ (מיר וועלען טהון) פאַר „נשמע״ (מיר

וועלען הערען) — אַזוי ביז היינטיגען טאָג האַלט איהר אַלץ אין איין חאַ־פעניש און איילעניש!

— וואָס רעדסטו? — זאָגט איהם דערויף ר׳ זירא — אַן אָרט וואָס משה מיט אהרן האָבען די זכיה נישט געהאַט אַהין צו קומען, ווער ווייסט צי איך וועל צו דעם די זכיה האָבען?

III

ר׳ אבא איז צוגעפאַלען צו די שטיינער פון עכו און זיי געקושט, ר׳ חנינא פלעגט מיט די אייגענע הענד פעררירכטען און אויסגלייכען די וועגען אין ארץ־ישראל· ר׳ חיא בר גמרא פלעגט זיך אויסקויקלען אינ׳ם שטויב פון דעם הייליגען לאַנד·

## ביי׳ם לעבען צי נאָכ׳ן טויט·

I

עולא האָט געמוזט אַוועק פון ארץ־ישראל קיין בבל און איז דאָרט פערבליבען· פאַר זיין פטירה האָט ער אָנגעהויבען וויינען· פרעגט מען איהם: וואָס וויינסטו, מיר וועלען דאָך צוריק איבערפיהרען דיך קיין ארץ־ישראל·

— וואָס קומט דערפון אַרויס? — ענטפערט ער — איך פערליער דעם פעריל מיינעם אין דעם אומריינעם לאַנד· ס׳איז גאָר אַ גרויסער אונטערשיעד צי מען גיט־אָב די נשמה אין דער מוטער׳ס שויס, צי אינ׳ם שויס פון אַ ווילד־פרעמדער·

אַז מ׳איז דערנאָך געקומען און אָנגעזאָגט ר׳ אלעזר׳ן אין ארץ־ישראל די שלעכטע בשורה פון עולא׳ס פטירה, האָט ער אויסגערופען:

— אַך עולא! ס׳איז דיר בעשערט געווען אויף אַן אומריינער ערד צו שטאַרבען!

זאָגט מען איהם: זיין ארון האָט מען אַהער געבראַכט·

— ס׳איז אָבער אַ גרויסער חילוק — זאָגט ר׳ אלעזר — צי די הייליגע ערד נעהמט־אויף דעם מענשען ביי זיין לעבען, צי ערשט נאָך זיין טויט·

II

צוויי תנאים, ר׳ ברוקה און ר׳ אליעזר בן פדת, האָבען געשפאַצעירט אונטער דער שטאָדט טבריה· ביי׳ם טויער זעהען זיי ווי עס קומט־אָן ארונות מיט מתים פון חוץ־לארץ· רופט זיך אָן ר׳ ברוקה צו ר׳ אליעזר׳ן:

— וואָס קומט אָט די דאָזיגע אַרויס דערפון? ביי׳ם לעבען האָבען זיי דאָס לאַנד פערלאָזט און איצט, נאָכ׳ן טויט, זענען זיי צו דעם ווידער

געקומען. אויף אַזעלכע זענען אָנגעפּאַסט די ווערטער פון׳ם נביא ירמיה: „מיין נחלה איז אייך געווען דערווידער“ — ביי אייער לעבען. „און גע־קומען זענט איהר פעראומרייניגען מיין לאַנד“—נאָך אייער טויט.

— ניין! — זאָגט איהם ר׳ אליעזר — ס׳איז נישט אינגאַנצען אַזוי. קוים זענען זיי בעגראָבען אין הייליגען לאַנד און עס בעדעקט זיי אַ רודע ארץ־ישראל־ערד, איז עס שוין אויף זיי מכפּר, ווי די תורה זאָגט: „גאָט׳ס ערד איז מכפּר אויף זיין פאָלק“.

## ווער האָט די זכיה?

אַז אויף משה רבנו איז נגזר געוואָרען ער זאָל שטאַרבען אין דער מדבר, האָט ער גענומען טענה׳ן פאַר גאָט:

רבונו של עולם, יוסף׳סביינער האָבען יאָ געהאַט די זכיה אַריינ־קומען אין יודישען לאַנד, און מיר איז נישט בעשערט אַהין אַריינצוקומען?

— אַזוי בעדאַרף צו זיין — ענטפערט איהם גאָט — יוסף האָט זיך פאַר קיינעם נישט געשעמט מיט זיין לאַנד און זייענדיג אין דער פרעמד, אין מצרים, האָט ער אָפען דערצעהלט: „מ׳האָט מיך אַוועקגע׳גנב׳עט פון יודישען לאַנד“ — דערפאַר איז איהם בעשערט געווען קומען צו קבורה אין זיין לאַנד. דו אָבער האָסט געהערט ווי יתרו׳ס טעכטער אין מדין דערצעהלען דעם פאָטער וועגען דיר: „אַ מאַן אַן עגיפּטער האָט אונז גע־רעטעט פון די פאַסטוכער׳ס הענד“, און דו האָסט דיין לאַנד פערשוויגען— דערפאַר איז דיר נישט בעשערט זאָלסט קומען צו קבורה אין דיין לאַנד.

## „תורה פון ציון“.

ליעבער איז ביי מיר — זאָגט גאָט — אַ קליין בינטעל חכמים אין ארץ־ישראל פון אַ גרויסען סנהדרין אין חוץ־לארץ.

---

אַ לענגערע צייט נאָכ׳ן חורבן פון׳ם צווייטען בית־המקדש איז דאָס רעכט אויף צו בעשטימען עבור־יאָהרען און ראשי־חדשים פערבליבען, ווי פריהער, נור אין די הענד פון די יודישע חכמים וואָס וואוינען אין ארץ־ישראל. דורך דעם זענען יודען פון אַלע לענדער פעסט צוגעבונדען געווען צו זייער הייליג לאַנד.

און די ארץ־ישראל׳דיגע חכמים האָבען זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַר דעם רעכט זייערען, נישט דערלאָזט עס אָנצוריהרען. די גרעסטע צדיקים און חכמים — האָבען זיי געזאָגט — מעגען זיך געפינען אין חוץ־לארץ, און עס זאָל נישט מעהר פערבלייבען אין ארץ־ישראל ווי פאַסטוכער פון שאָף און רינדער, דאַרף דאָס בעשטימען פון עבור־יאָהרען איינשטעהן אין די הענד פון די פאַסטוכער. נאָך מעהר, עס מעגען אין חוץ־לארץ זיין

די גרעסטע נביאים און אין ארץ־ישראל זאָלען נור פערבלייבען פּראָסטאַ־קעס, דאַרף דאָס בעשטימען פון עבור־יאָהרען געמאַכט ווערען דורך די פּראָסטאַקעס פון ארץ־ישראל.

---

ר׳ אבהו פלעגט דערצעהלען וועגען דעם אַזאַ מעשה:

אַז דער גרויסער געלעהרטער ר׳ חנינא, דער זוהן פון ר׳ יהושע׳ס ברודער, איז אַוועק פון ארץ־ישראל און האָט זיך בעזעצט אין בבל, האָט ער אָנגעהויבען דאָרט בעשטימען עבור־יאָהרען און ראשי־חדשים. שיקט מען אַהין פון ארץ־ישראל צוויי תלמידי־חכמים, ר׳ יוסי בן כיפּר און ר׳ זכריה בן קבוטל׳ס אַן אייניקעל, זיי זאָלען מיט איהם איינטענה׳ן און דערפון אָבהאַלטען. ווי ער האָט זיי דערזעהן פרעגט ער זיי: צוליב וואָס זענט איהר אַהער געקומען?

— לערנען תורה זענען מיר אַהער געקומען—ענטפערען זיי.

מאַכט ער זיי אַ שענעם קבלת־פנים און לאָזט וועגען זיי מעלדען אין זיין שולע אַזוי: אָט די צוויי אָנגעקומענע געסט זענען פון די גרעסטע לייט אין אונזער דור, פון די שענסטע מיוחסים—די עלטערען זייערע האָבען געדיענט פאַר גאָט אין בית־המקדש.

דערנאָך, בשעת ר׳ חנינא האָט זיך געשטעלט לערנען דעם שיעור פאַר די תלמידים, האָבען די צוויי לייט זיך גענומען איהם אַלץ אָבווענדען און דערוויזען פערקעהרט: זאָגט ער אויף אַ פאַל: אומריין, דערווייזען זיי: ריין; זאָגט ער: דאָס טאָר מען נישט, דרינגען זיי אויס: מען מעג. ווערט ער אויפגעבראַכט און לאָזט אויף זיי אויסרופען: אָט די דאָזיגע לייט זענען נישטיגע פאַרשוינען, הוילע גאָרנישטען!

— פאַרפאַלען — זאָגען זיי — דו האָסט שוין איינמאָל געבויעט, קענסטו נישט צעוואַרפען; איינמאָל פערצוימט, איז שווער די צוים אויס־צעברעכען.

— פאַרוואָס ־ זשע—פרעגט ער זיי מיט אַ בעזער—רעדט איהר מיר אַלץ דערווידער? איך זאָג: אומריין, זאָגט איהר: ריין; איך זאָג: מען טאָר נישט, זאָגט איהר: מען מעג!

— דערפאַר — זאָגען זיי — וואָס דו ערלויבסט זיך צו בעשטימען עבור־יאָהרען און ראשי־חדשים אין חוץ־לארץ.

זאָגט ער זיי: עקיבא בן יוסף האָט דאָך עס נאָך פאַר מיר געטהון.

לאָז־געמאַך ר׳ עקיבא׳ן — זאָגען זיי — ער האָט נישט איבערגע־לאָזט אין ארץ־ישראל נאָך איינעם אַזעלכען ווי ער.

— איך האָב אויך — שרייט ער אויס — נישט איבערגעלאָזט אין ארץ־ישראל אַזוינעם ווי איך!

— דאַרפסט וויסען — זאָגען זיי איהם — אַז די יונגע ציגעלעך וואָס דו האָסט איבערגעלאָזט זענען אויסגעוואַקסען און געוואָרען גרויסע צאַפּעס מיט שאַרפע הערנער, און זיי האָבען עס אונז צו דיר געשיקט און אָנגעזאָגט אַזוי: געהט און גיט איהם איבער אין אונזער נאָמען: ווען ער פאָלגען איז רעכט; אויב נישט — וועט ער זיין אין חרם. און אונזערע ברידער דאָרט אין גלות־לאַנד זאָלט איהר זאָגען: פאָלגען זיי איז רעכט; אויב נישט — זאָלען זיי זיך אַלע אויפהויבען אויף אַ באַרג, זייער גרויסער אחיה זאָל אויסבויען דאָרט אַ מזבח, חנניה דער לוי זאָל צושפּיעלען אויפ׳ן פּיעדעל, און אַלע זאָלען זיך אָבזאָגען פון גאָט און צוזאַמען אויסשרייען: זיי האָבען קיין חלק נישט אין יודישען גאָט!

דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָט דער גאַנצער עולם אויסגעבראָכען אין אַ געוויין און אויסגעשריגען אויף אַ קול: חס ושלום, מיר האָבען אַ חלק אין יודישען גאָט!

און דער גאַנצער רעש איז געווען דערפאַר, ווייל נור „פון ציון דאַרף אַרויסגעהן די תורה און גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים".

## תורה פון ארץ־ישראל.

ר׳ אליעזר הקפר האָט געזאָגט:

ס׳וועט קומען אַ צייט, אַז אַלע שוהלען אין בתי־מדרשים פון חוץ־לארץ, וואו יודען לערנען און פערשפרייטען תורה און חכמה, וועלען זיך איבערטראָגען און איינגעפלאַנצט ווערען אין ארץ־ישראל.

— ווילסטו זוכה זיין צו זעהן די שכינה אויף דער וועלט — האָט געזאָגט ר׳ יוסי בן חלפתא צו זיין זוהן ר׳ ישמועאל—זאָלסטו לערנען תורה אין ארץ־ישראל.

די תורה אין ארץ־ישראל איז אַ „באר מים חיים" — אַ קוואַל פון לעבעדיג וואַסער.

די לופט פון ארץ־ישראל מאַכט קלוג.

אפילו פון אַ געוועהנליכען וואָכענדיגען שמועס פון די ארץ־ישראל־לייט קען מען אויך פיעל לערנען.

אויב פונ׳ם הימעל האָט מען איינגעטיילט דער וועלט צעהן מאָס חכמה, איז ניין פון זיי אָנגעקומען אויפ׳ן חלק פון ארץ־ישראל.

## זבת חלב ודבש.

I

„די חכמה — זאָגט שלמה אין משלי — שפּיעלט זיך פאַר גאָט אויף דער וועלט זיין לאַנד" — אין גאָט׳ס לאַנד האָט זיך די חכמה

וואו צו שפּיעלען: ס׳איז פאַר זיך אַ גאַנץ וועלטיל: בעשאָנקען איז דאָס לאַנד פון גאָט׳ס האַנד מיט אַלעס גוטען פון דער גאַנצער וועלט. אַלע אַנדערע לענדער — פערמאָגט איינס וואָס דעם אַנדערען פעהלט. ארץ־ישראל אָבער איז נישטאָ איין זאַך וואָס ס׳זאָל דעם פעהלען. די ערד דאָרט איז בעצירט פון אויבען מיט אַלע מיני געוויקסען און רייך אינווייניג מיט אַלע מיני מעטאַלען.

„אַ גאָט׳ס געבענשטס איז דאָס לאַנד״ — געבענשטער פון אַלע לענדער. דער טוי בעפייכט די ערד אַלע צייטען און לעבעדיגע קוואַלען פרישען זי אָב. שטענדיג אָפען אַקעגען די וואַרימע זון־שטראַהלען און אָפען אַקעגען דער קיהלער לבנה־שיין, בעלאָדען מיט אַלעס גוטען און גאָט׳ס ברכה פעהלט אין זיין לאַנד קיינמאָל נישט אויס.

„אַ לאַנד פון בערג און טהאָלען״ — און פערשידענאַרטיג איז דאָרט דער באָדען. לייכטע ערד אין דער הויך אויף די בערג און פעסטע — אונטען אין די טהאָלען. אַלערליי געוויקסען זעהט דאָרט דאָס אויג אין איין און דער זעלבער צייט, בערג־געוויקסען פון אויבען און דערביי נאָהענט טהאָל־געוויקסען אין דער נידער, יעדעס געוויקס נאָך דער נאַטור פון זיין באָדען.

„נישט ווי דאָס לאַנד מצרים״ — די נאָהענטע שכנה, אַ לאַנד אָהן רעגען, וואו די ערד איז פערטריקענט און פערשטיינערט, און אויב דער ערד־אַרבייטער בעגיסט זי נישט מיט זיין שווייס און מיהט זיך נישט מיט׳ן האַק און מיט׳ן גראָב־אייזען און בערויבט נישט פון זיינע אויגען דעם שלאָף — האָט ער פון איהר גאָרנישט. נישט אַזוי איז ארץ־ישראל: יודען דאָרטען שלאָפען נאָך רוהיג אין די בעטען — און גאָט ברוך־הוא שיקט פון זייער־טוועגען פון הימעל אַראָב מזל־ברכה׳דיגע רעגענס.

„אין דער צייט גיט גאָט די רעגענס״ און מיט אַ מאָס — נישט צו־פיעל, די ערד זאָל נישט איבערגעוואַסערט ווערען, און נישט צווועניג, זי זאָל נישט דאָרשטיג בלייבען, נאָר מיטעלמייסיג, אויף יעדען פלאַץ אַזוי, ווי פיעל ס׳איז דאָרט פאַר די געוויקסען נויטיג.

II

זעלטען שענע, פעטע און געראָטענע וואַקסען־אויס אין ארץ־ישראל די פרוכט און די תבואה. עס טרעפט זיך אַמאָל, ווי אַ שטייגער אין דער צייט פון ר׳ שמעון בן שטח׳ן, וואָס די ערד האָט אַרויסגעגעבען ווייצען, יעדער קערען ווי אַ ניער די גרויס, גערשטען ווי די יאָדערען פון אייל־בירטען און לינזען ווי די גאָלדענע רענדלעך, און מוסטערען דערפון האָט

מען איינגעבונדען און בעהאלטען אויף חדושים צו ווייזען די שפעטער־דיגע דורות.

---

רמי בר יחזקאל איז געקומען אין דער שטאדט בני־ברק, זעהט ער ווי ציגען שטעהען און עסען אונטער טייטעלבוימער. האט פון די צייטי־גע טייטלען געטריפט האניג־זאפט און פון די ציגען־בריסט האט גערונען מילך, און די ביידע, דער האניג מיט׳ן מילך, האבען זיך צונויפגעמישט צוזאמען.

—אט וואס הייסט „ארץ זבת חלב ודבש". א לאנד וואס פליעסט מילך מיט האניג! — האט ער אויסגערופען.

---

ר׳ יהודה פון סיכנין האט איינמאל געזאגט דעם זוהן: געה ארויף אויפ׳ן בוידעם און ברענג אונז אראב פונ׳ם פעסעל דארט עטליכע געפרעס־טע פייגען. געהט ער אהין ארויף, שטעקט אריין די האנד אין פעסעל — איז דאס גאר פול מיט האניג. קומט ער אראב און דערצעהלט עס דעם פאטער.

— דער האניג — זאגט איהם דער פאטער — נעהמט זיך פון די געפרעסטע פייגען וואס אין פעסעל. פרוב אריינשטעקען די האנד טיע־פער וועסטו בעקומען די פייגען.

---

ר׳ חנינא דערצעהלט:

— אז איך בין אנגעקומען פון בבל קיין ארץ־ישראל איז מיר גע־קומען צו דער האנד א באקסער, האב איך איהם געעפענט, האט פון איהם זיך ארויסגעצויגען מיר א פולע האנד מיט האניג.

און אנדערס מאל — דערצעהלט ווידער ר׳ חנינא — האב איך זיך אנגעשלאגען אויף אזא גרויסען דיקען באקסענבוים, אז איך האב אראב־גענומען מיין גארטעל מיט מיין פאטער׳ס און דערצו צוגעבונדען דעם לאנגען גורט פון מיין בהמה, און געפרובט ארומנעהמען ארום דעם שטאק פונ׳ם בוים — און ס׳האט אלץ נישט געקלעקט.

---

ר׳ חיא בר אבא האט געלערנט מיט ריש־לקיש׳ס קינדער. איינמאל איז ער דריי טעג נאכאנאנד נישט געקומען לערנען. אז ער איז דערנאך געקומען, פרעגט איהם ריש־לקיש: פארוואס האסטו איבערגעריסען דאס לערנען?

— פון מיין פאָטער — ענטפערט ער איהם — איז מיר איבערגע־בליבען בירושה אַ וויינשטאָק, האָב איך פון איהם געקליבען טרויבען דריי טעג כסדר: דעם ערשטען טאָג דריי הונדערט שטיינגלעך, פון יעדען שטיינגעל אַ פעסעלע וויין; דעם צווייטען טאָג אויך דריי הונדערט שטיינגלעך, קלענערע, פון צוויי אויף אַ פעסעלע וויין; דעם דריטען טאָג ווידער דריי הונדערט, שוין דריי אויף א פעסעלע וויין. און נאָך בין איך מיט דעם אינגאַנצען נישט פאַרטיג געוואָרען, און מעהר פון העלפט האָב איך געמוזט לאָזען הפקר.

וועד ווייסט — זאָגט איהם ריש־לקיש — ווען דו זאָלסט נישט גע־ווען מבטל זיין פון לערנען וואָלט דיר דיין ווינשטאָק איינגעבראַכט פיעל מעהר.

---

איינער אַ כופר האָט אַמאָל געזאָגט ר׳ חנינא׳ן:

— איהר מעגט זיך טאַקי מיט אייער לאַנד איבערנעהמען: מיין פאָטער האָט מיר איבערגעלאָזט בירושה אַ קליין שטיקעל לאַנד אויף איין מעסטעל זייען די גרויס, בעקום איך פון דעם אי בוימעל, אי וויין, אי ברויט, אי אַרבעס, אי פוטער פאַר מיין בהמה.

---

ר׳ שמעון בן חלפתא האָט דערצעהלט:

— דער פאָטער האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה אין גאָרטען זיי־נעם אַ העפטיל קרויט אויפ׳ן וואָרצעל, איז עס אויסגעוואַקסען אַזוי הויך, אַז מיר פלעגען אויף דעם קלעטערען דורך אַ לייטער.

ר׳ יוסף פלעגט דערצעהלען:

— איינעם אין שיחון איז איבערגעבליבען פונ׳ם פאָטער אין גאָר־טען זיינעם אַ בוים מיט דריי צווייגלעך זענפט, האָט מען פון איין צוויי־געל, וואָס האָט זיך אָבגעריסען, גאַנצע ניין טעפּ זענפט אַראָבגענומען און מיט די ריטלעך זיינע האָט מען געדעקט אַ גאַנצען דאַך פון אַ סוכה.

---

ר׳ יהושע בן לוי איז איינמאָל געקומען קיין גבל, געהט ער פערביי וויינגערטנער, וואו די וויינשטאָקען זענען געשטאַנען שווער בעהאַנגען און געדיכט אָנגעזעצט מיט שטיינגלעך טרויבען, ווייזט זיך איהם אויס אַז קעלבלעך שטעהען דאָרט. פרעגט ער: וואָס איז דאָרט פאַר קעלבלעך צווי־שען די וויינשטאָקען? ענטפערט מען איהם: דאָס איז אַזעלכע גרויסע שטיינגלעך טרויבען, זאָגט ער מיט אַ קרעכץ:

— אוי לאַנד, לאַנד! פאַר ווען מען גיסטו אַרויס די פרוכט דיינע? אָט פאַר די אַראַבער, וואָס זענען אויף אונז אָנגעשיקט געוואָרען איבער די גרויסע זינד אונזערע! האַלט איין די פרוכט דיינע!

שפעטער מיט אַ יאָהר איז אַהין אָנגעקומען ר׳ חייא. זענען שוין די שטיינגלעך טרויבען קלענערע געווען און האָבען זיך איהם אויסגעוויזען ווי ציגעלעך. פרעגט ער: וואָס איז דאָס פאַר ציגעלעך צווישען די וויינשטאָקען? זאָגט מען איהם:

-- געה שוין געה! טהו אונז נישט ווי פאַראַיאָהרען דער חבר דיינער...

---

דריי תנאים ר׳ חלבו, ר׳ עוירא און ר׳ יוסי בר חנינא, זענען געקומען קיין ארץ־ישראל, איז מען זיי מכבד דאָרט מיט איין פערשקע די גרויס ווי אַ פינפמעסטעלדיגער קעסעל, האָבען זיי אַ דריטעל דערפון אויפגעגעסען, אַ דריטעל געגעבען זייער שטיק פיה און אַ דריטעל נאָך איבערגעלאָזט.

אין אַ יאָהר אַרום איז געקומען ר׳ אליעזר, דערלאַנגט מען איהם אויך פערשקעס שוין גאָר קליינע, נעהמט ער זיי אין דער האַנד, בעטראַכט זיי און זאָגט: „דאָס פרוכטבאַרע לאַנד ווערט וויסט איבער דעם שלעכטס פון זיינע איינוואוינער״.

---

אַרום ירושלים האָבען געוואַקסען ווערדלעך פון צימערינגבוימער, און ווען מען פלעגט מיט זיי הייצען, פלעגט דער געשמאַקער ריח זייערער זיך טראָגען איבער גאַנץ ארץ־ישראל. דערנאָך, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרען, זענען זיי אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען, נאָר איין קליין שטיקעלע, ווי אַ גערשטען די גרויס, געפינט זיך נאָך דערפון אין שאַצקאַמער פון דער קעניגין צימצימאַי.

## ירושלים.

אויב פונ׳ם הימעל האָט מען איינגעטיילט דער וועלט צעהן מאָס שענקייט, איז ניין פון זיי אָנגעקומען אויפ׳ן חלק פון ירושלים.

ירושלים איז דאָס אָרט, וואוהין עס ווענדען זיך אַלע יודישע הערצער פון דער גאַנצער וועלט.

ירושלים איז אַ שטאָדט, וואָס מאַכט אַלע יודען פאַר חברים, ברידער פון איין פאָלק.

ירושלים איז דאָס פּלאַץ פון וואַנען עס שטאַמען־אַרויס אַלע נביאי׳שע גייסטער.

---

רוים און ירושלים — זאָגט דיר איינער, אַז ביידע זענען חרוב — גלויב נישט; זאָגט ער אַז ביידע זענען געבויעט — גלויב נישט. איז די חרוב מוז יענע געבויעט זיין, איז יענע חרוב — מוז די געבויעט זיין.

---

ר׳ שמואל בר נחמני זאָגט: מיר האָבען אַ קבלה פון אבות־אבותינו, אַז ירושלים וועט אַנדערש נישט געבויעט ווערען ביז ס׳וועלען זיך פריי־הער אין ארץ־ישראל פערזאַמלען יודען פון אַלע גלות־לענדער.

---

# לשון־קודש און אַנדערע לשונות.

## די שפּראַך איז דאָס לעבען פון פאָלק.

I

אין נאָמען פון ר׳ מאיר ווערט איבערגעגעבען:

יעדער איינציגער וואָס בעזעצט זיך אויף שטענדיג אין ארץ־ישראל און רעדט אויף לשון־קודש, פערזיכערט ער זיך דאָס אייביגע לעבען.

II

ר׳ יוסי בן עקיבא האָט געזאָגט:

די תורה זאָגט־אָן: „איינלערנען זאָלט איהר זיי (גאָטס ווערטער) מיט אייערע קינדער צו רעדען אין זיי" — דאָס הייסט, האָבען אויף דעם די חכמים געזאָגט, אַז ווי אַ יודיש קינד הויבט נאָר אָן צו רעדען, דאַרף דער פאָטער זיינער רעדען מיט איהם לשון־קודש און לערנען תורה; טהוט ער נישט אַזוי — איז גלייך ווי ער זאָל איהם בעגראָבען אַ לעבעדיגען, ווי די תורה זאָגט דאָרט: „איינלערנען זאָלט איהר זיי מיט אייערע קינדער צו רעדען אין זיי — כּדי איהר זאָלט האָבען לאַנגע יאָהרען, איהר און אייערע קינדער"; טהוט איהר אָבער דאָס נישט, האָט איהר זיך און אייערע קינדער פערקירצט די יאָהרען.

III

יודען האָבען זוכה געווען אויסגעלעזט צו ווערען פון מצרים דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך פעסט געהאַלטען ביי זייערס, נישט איבערגענומען פרעמדע מנהגים; זיי האָבען נישט געענדערט זייערע נעמען: אָנגעקומען זענען זיי אַהין „ראובנ׳ס" מיט „שמעונ׳ס", און „ראובנ׳ס" מיט „שמעונ׳ס"

זענען זיי פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען; נישט איבערגעדרעהט „ראובן” אויף „רופוס”, „יהודה” אויף „יוליאַן”, „יוסף” אויף „יוסטוס”, „בנימין” אויף „אַלכסנדר”. זיי האָבען אויך נישט געענדערט זייער שפּראַך, גערעדט נישט אויף מצרים־לשון, נאָר אויף זייער אייגענעם לשון־קודש.

## אָדער לשון־קודש, אָדער די וועלט־שפּראַך.

אין ארץ־ישראל, וואו דאָס רוב יודען האָבען צו דער צייט פון נאָכ׳ן חורבן גערעדט סיריש (אַן אַראַמישער דיאַלעקט), פלעגט ר׳ יהודה הנשיא זאָגען: צו וואָס טויג יודען דאָ אין ארץ־ישראל די סירישע שפּראַך? אָדער מען דאַרף רעדען אויף דער אמת׳ער יודישער שפּראַך, אויף לשון־קודש, אדער אויף דער וועלט שפּראַך, אויף גריכיש.

אין בבל, וואו דאָס רוב יודען האָבען גערעדט אַראַמיש, פלעגט ר׳ יוסי זאָגען: וואָס טויג יודען אין בבל די אַראַמישע שפּראַך? — אָדער די אייגענע שפּראַך, לשון־קודש, אָדער די רעגירונגס־שפּראַך — פּערסיש!

## אַראַמיש — די שוועסטער פון לשון־קודש.

ר׳ שמעון בר נחמן זאָגט: האלט נישט די סירישע (אַראַמישע) שפּראַך פאַר גרינג, מיר געפינען, אַז אומעדום, סיי אין דער תורה, סיי אין די נביאים און סיי אין כתובים, האָט גאָט איהר אָבגעגעבען כבוד. אין דער תורה און אין די נביאים געפינען זיך איינציגע ווערטער און אמאָל אויך אַ גאַנצער פסוק אויף אראַמיש, און אין כתובים געפינען זיך אַראַמישע גאַנ־צע קאַפּיטלען און כמעט אַ גאַנצער ספר.

## דאָס ערשטע וואָרט.

אַז גאָט־ברוך־הוא איז אַראָבגעקומען אויפ׳ן באַרג סיני צו געבען יודען די תורה, איז דאָס ערשטע וואָרט, מיט וועלכען ער האָט זיך צו זיי געווענדעט, געווען אויף יענער שפּראַך, וואָס זיי זענען געוועהנט געווען צו הערען אין מצרים — אויף דער עגיפּטישער: „אָנכי ה׳ אלהיך” — איך בין גאָט דיין גאָט — האָט ער זיי געזאָגט, נישט „אני ה׳ אלהיך”; אויף „איך” זאָגען די עגיפּטער „אָנך”.

עס קומט־אויס, ווי ביי איינעם אַ קעניג האָבען רויבער געפאַנגען זיין געליעבטען זוהן. האָט ער דאָרט, צווישען זיינע פעָנגער, פערבראַכט אַ לאַנגע צייט ביז ער האָט זיך צוגעוועהנט צו זייער לשון. דערנאָך האָט זיך דער פאָטער דערוואוסט וואו דער זוהן זיינער געפינט זיך, איז ער געקו־

מען אַהין, זיך אָבגערעכענט מיט די רויבער און בעפרייט דעם זוהן זיינעם· נעהמט ער מיט איהם רעדען, זעהט ער אַז דער זוהן פערשטעהט די ווערטער נישט גאָר קלאָר; האָט ער געמוזט צום אָנהויב זיך מיט איהם צונויפרעדען אויף יענער שפּראַך פון די רויבער: „איך, זוהן מיינער, בין דיין פאָטער“·

## די איבערגעזעצטע תורה·

אויפ׳ן בעפעהל פונ׳ם קעניג תּלמי האָבען יודישע געלעהרטע, אין דער צייט פונ׳ם צווייטען בית־המקדש, גענומען איבערזעצען די תּורה אויף גריכיש· און יענער טאָג איז געווען פאַר יודען אַ שווערער פינסטערער טאָג ווי דער טאָג ווען יודען האָבען געמאַכט דעם עגל; ווייל איבערזעצען די תּורה ווי עס געהער צו זיין איז אַן אונמעגליכע זאַך·

---

ר׳ יוסי זאָגט:

די הייליגע שריפטען אין זייער איבערזעצונג האָבען נישט די קדושה ווי אין לשון־קודש· מיין פאָטער חלפתּא איז אַמאָל געקומען צו רבן גמליאל׳ן אין טבריה, האָט ער איהם געפונען ווי ער זיצט ביי׳ם טיש און לייענט דעם ספר איוב אין אַ איבערזעצונג· זאָגט מיין פאָטער צו איהם: „מיר געדענקט זיך, אַז דער עלטער־פאָטער דיינער, רבן גמליאל הזקן, איז אַמאָל געזעסען אויף די טרעפּ פון הר־הבית, האָט מען געבראַכט פאַר איהם דעם ספר איוב אין אַן איבערזעצונג· נעהמט ער דעם ספר, דערלאַנגט איהם דעם מויערער, וואָס איז געשטאַנען דערנעבען, און זאָגט איהם: „פערמויער איהם אונטער די שטיינער פון דער וואַנד; זאָל מען איהם נישט לייענען“· דערהערט אַזעלכע ווערטער פון מיין פאָטער, האָט רבן גמליאל אויך זיין איבערגעזעצטען ספר איוב געהייסען באַלד פערשטעקען אין דער גניזה (אַן אָרט, וואו מען פלעגט בעהאַלטען צעריסענע אָדער פסול׳ע ספרים)·

## אַ פאָלק אַ נישטיגס און אַ בזוי·

„אַ נישטיגס האָב איך דיך פערעכענט צווישען די פעלקער – זאָגט דער נביא עובדיה אויף די בני־אדום אין גאָט׳ס נאָמען – זעהר אַ מבוזה׳דיגס ביזטו“ – דאָס איז דערפאַר ווייל אדום האָט נישט קיין אייגענע שריפט און קיין אייגענע שפּראַך·

## יעדע שפּראַך צו וואָס זי פּאַסט·

צום זינגען איז די פּאַסענדסטע שפּראַך – גריכיש; צום מושטירען און קאָמאַנדירען – רוימיש (לאַטייניש); אויף עלעגיען און קלאָג־ליע־

דער – פּערסיש; צום שמועסען און ערצעהלען – העבּרעאיש; צום שרייבּען – ווי איינינע מיינען – אַשוריש·

## געלעגט אַכט אויף דער שפּראַך·

רב זאָגט: די יהודה־לייט אין ארץ־ישראל· וואָס האָבען געלעגט אַכט אויף זייער שפּראַך און זיך געהיט זי זאָל ביי זיי אין מויל נישט פערגרייזט ווערען· האָט זיך דערפאַר ביי זיי די תורה פעסט געהאַלטען; די גליל לייט· וואָס האָבען וועניג געלעגט אַכט אויף זייער שפּראַך· האָט זיך אויך די תורה ביי זיי נישט געהאַלטען און זיי זענען מיט דער צייט געוואָרען פערגרעבּט·

---

די יהודה־לייט ביי׳ם רעדען פלעגען אויסדריקען זייער געדאַנק שאַרף און קלאָר· מיט אַ ריינער אויסשפּראַך· אַזוי· אַז מען זאָל נישט קע־נען קיין טעות האָבען אינ׳ם מיין פון די ווערטער· די גליל־לייט אָבער פלעגען רעדען נישט מיט קיין קלאָרער אויסשפּראַך· איינגעשלונגען האַלבּע ווערטער· אַזוי אַז ס׳איז אָפט שווער געווען צו פערשטעהן זייער מיין· געהט אַ גליל׳ער אין מאַרק און פרעגט ווער האָט חמר צו פערקויפען· מוז מען זיך ביי איהם דערפרעגען וואו דער חמר שטעהט· צי אין שטאַל (חמור – אַן עזעל) צי אין קעלער (חמר – וויין)·

# גלות.

## די גרעסטע קללה.

שרעקליכע קללות, איינע שווערער און ביטערער פון דער אַנדערער, שיטען זיך אין דער תוכחה אויף די יודישע קעפּ. די ביטערסטע פון זיי אַלע — איז גלות.

## צעוועהט און צעשפּרייט.

„איך וועל אייך צעוועהן צווישען די פעלקער" — האָט געזאָגט דער נביא יחזקאל צו די יודען אין גאָט׳ס נאָמען, און אין דעם ליגט טאַקי אַ מורא׳דיגער שטראָף פאַר די יודען. ווערען מענשען פערטריבען פון זייער לאַנד אין דער פרעמד, קוים אָבער זיי זיצען צוזאַמען אין איין אָרט — זעהען זיי זיך איינער מיט׳ן אַנדערען און געפינען אין דעם אַ שטיקעל טרייסט. אויף יודען אָבער איז אַרויס אַ גזר: „צעוועהט וועט איהר זיין צווישען די פעלקער", צעוועהט און צעשפּרייט,־צעוועהט צווישען פעלקער און צעשפּרייט אין פרעמדע לענדער, איינער דערווייטערט און אָבגעזונדערט פונ׳ם אַנדערען, אַזוי גלייך ווי די קערנער פון תבואה בשעת וועהען מיט׳ן שויפעל וואָס צעשיטען זיך אין דער לופטען איינציגווייז, נישט אָנצוריהרען זיך איינס אינ׳ם אַנדערען.

## גלות צווישען ווילד־פרעמדע.

ס׳איז פאַרהאַן נאָך אַנדערע פעלקער, וואָס זענען פערטריבען צווישען פרעמדע, ווייסען זיי נישט דעם אמת׳ען טעם פון גלות: פאָרט ווי אייגענע, די זעלבע מידות, די זעלבע אויפפיהרונגען. יודישער גלות אָבער איז טאקי אַן אמת׳ער גלות: עלענד זענען זיי צווישען די פעלקער, קענען זיך

נישט מיט זיי צונויפגעהן, נישט עסען, נישט טרינקען צוזאַמען, און אָבגע־זונדערט זענען זיי פון אַלעמען מיט זייערע גענג, מיט זייער גאַנצען אַרט לעבען.

## איין טאָג אַ גוטען.

„פערקויף מיר היינטיגען טאָג"... – האָט זיך יעקב געבעטען ביי עשו'ן, פאַר'ן אָבקויפען די בכורה – אַ חאָטש איין און איינציגען טאָג אַזעלכען ווי דיינעס, פערקויף מיר! לאָמיך איין טאָג וויסען פון אַ וועלט צו זאָגען און רוהיג ווי דו געניסען פון מיין לעבען.

אויף דעם זאָגט ר' אחי: מען זאָל נעהמען בערעכענען ווי געהער צו זיין אַלץ וואָס יעקב האָט איבערגעלעבט אינ'ם לאַנגען גלות, וועט מען געפינען קוים איין טאָג וואָס יעקב איז געזעסען אַביסעל רוהיג אונטער'ן שאָטען פון עשו'ן.

---

„אַ פריי אָרט זאָלט איהר לאָזען צווישען איין הערדע און דער אַנ־דערער" – האָט יעקב אָנגעזאָגט זיינע פאַסטוכער ווען זיי האָבען אָבגע־פיהרט די מתנות עשו'ן, און געטענה'ט האָט ער דערביי:

רבונו של עולם! איז שוין יאָ בעשערט מיינע קינדער זיי זאָלען ליידען צרות פון עשו'ס קינדער, זאָלען די צרות נישט שיטען זיך איינע נאָך דער אַנדערער, לאָז זיין אין מיטען אַ פרייע שעה די קינדער מיינע זאָלען קענען אָבאָטהעמען און אַביסעל צו זיך קומען.

„אויף מיין געלעגער אין די נעכט
האָב איך מיין ליבהאַרציגען געזוכט,
געזוכט און נישט געפונען".

– רבונו של עולם – טענה'ט די כנסת ישראל פאַר גאָט – אַמאָ־ליגע צייטען פלעגסטו צווישען איין פינסטערער נאַכט און דער אַנדערער בעוויזען מיר די ליכטיגע שיין, אַזוי איז געווען אַמאָל צווישען דער נאַכט פון גלות מצרים און דער נאַכט פון גלות בבל, דערנאָך צווישען דער נאַכט פון בבל און דער נאַכט פון פרס, צווישען דער נאַכט פון פרס און דער נאַכט פון יון (גריכען), צווישען דער נאַכט פון יון און דער נאַכט פון אדום (רוימער), – היינט אָבער ציהט זיך פאַר מיר דער גלות ווי איין לאַנגע פינסטערע נאַכט אָהן איין ביסעלע שיין צווישען.

## אָבגעשטאָרבען דאָס געפיהל.

· ווער האָט אָנגעשריבען די מגילת תענית, דעם איינציגען ספר־הזכרון, וואו ס'זענען פערצייכענט כסדר די אַלע צרות און אומגליקען וואָס

יודען אין די־צייטען פון בית שני זענען איבערגעקומען? — חנניה בן חזקיהו מיט זיינע לייט· וועלכע האָבען טייער געשעצט די ליידען פון יודישען פאָלק און האָבען זיך געזאָרגט דערפאַר עס זאָל נישט פערגעסען ווערען פון די שפעטערדיגע דורות·

— אייגענטליך — האָט געזאָגט וועגען דעם ר׳ שמעון בן גמליאל — וויסען מיר אויך ווי טייער צו שעצען די יודישע צרות· נאָר וואָס זאָלען מיר טהון? אויב מיר זאָלען זיך נעהמען פערצייכענען אַלץ וואָס יודען ליידען־איבער אין אונזערע צייטען וואָלטען מיר קיינמאָל נישט געענדיגט·

אַנדערע זאָגען דערויף: דאָס לייב פון אַן אָבגעשטאָרבענעם פיהלט שוין נישט דעם שנייד־מעסער·

## וואָס האָט מען צו אונז?

די רוימישע קעניגרייך האָט איינמאָל אַרויסגעלאָזט אַ גזירה אויף יודען, זיי זאָלען זיך נישט פערנעהמען מיט תורה לערנען, זיי זאָלען נישט מל זיין זייערע קינדער און זיי זאָלען מוזען מחלל שבת זיין· איז אַוועק־געגאַנגען ר׳ יהודה בן שמוע מיט זיינע חברים צו אַ רוימישער מאַטראָנע וואָס איז געווען בעפריינדעט מיט די פאָרנעהמסטע רוימער· און האָבען זיך מיט איהר אַן עצה געהאַלטען וואָס מען טהוט· רופט זי זיך אָן צו זיי: קלויבט זיך צונויף ביינאַכט איבער די גאַסען און שרייט מיט קולות·

האָבען זיי אַזוי געטהון· אַ גאַנצע נאַכט זענען זיי איבער די גאַסען אַרומגעגאַנגען און מיט קולות געשריגען:

אוי· גאָט אין הימעל! צי זענען מיר נישט אייערע ברידער? צי זענען מיר נישט קינדער פון איין פאָטער און פון איין מוטער? מיט וואָס זענען מיר אַנדערש פון אַלע איבעריגע פעלקער· וואָס איהר לאָזט־אַרויס אויף אונז אַזעלכע שווערע גזירות?

און דאָס געשריי האָט געהאָלפען: די גזירות זענען באַלד בטל געוואָרען·

## דער בעליידיגער — אַן אויבערהאַר·

„די בעליידיגער איהרע זענען געוואָרען אַן אויבערהאַר״ — קלאָגט דער מקונן אין זיינע קינות אויפ׳ן חורבן פון ציון· אויף דעם האָט ר׳ יוחנן געזאָגט: אַזוי איז שוין· דער וואָס טהוט־אָן צרות יודען ווערט ער אַן אויבערהאַר·

## דער בלינדער אין דער פינסטערניש·

ר׳ יוסי האָט געזאָגט:

— אַלע מיינע יאָהרען איז מיר אויסגעקומען קשה׳דיג די ווערטער פון דער תוכחה אויף יודען: „דו וועסט טאַפּען אין מיטען העלען טאָג

ווי דער בלינדער טאַפּט אין דער פינסטערניש" – וואָס הייסט עס, איז דעם בלינדען דען נישט אַלץ איינס פינסטער צי ליכטיג? ביז ס'האָט זיך מיט מיר געמאַכט אַזאַ צופאַל: איינמאָל אין אַ שטאָק־פינסטערער נאַכט בין איך געגאַנגען אין וועג, בעגעגען איך אַ בלינדען וואָס קומט מיר אַקעגען און האַלט אַ אָנגעצונדענעם פאַקעל אין דער האַנד, פרעג איך איהם: זאָג מיר, זוהן מיינער, וואָס טויג דיר אָט דער פאַקעל?

– פערשטעהסטו מיך – ענטפערט דער בלינדער – אַזוי לאַנג איך טראָג דעם פאַקעל זעהען מיך די פערבייגעהער און זיי היטען מיך שוין אָב פון אַ גרוב אָדער, אַ שטיין צי אַ קלאָץ אויפ'ן וועג.

## שכור – נישט פון וויין.

ר' אליעזר בן עזריה האָט געזאָגט:

איך נעהם זיך אונטער צו בעפרייען אַלע יודען פון שטראָף פאַר זייערע זינד פון נאָכ'ן חורבן אָן ביז היינטיגען טאָג. ווי רופט אָן דער נביא די יודישע אומה אין גלות: „אָרימע און שכור'ע נישט פון ווייך" – אָרים און דערשלאָגען זענען יודען, פערדרעהט דער קאָפּ און שיכור נישט פון ווייך, נאָר פון צרות און פיין. און אַ שכור'ער קען דען זיין פעראַנטוואָרט־ליך פאַר דעם וואָס ער טהוט אָב?

## רייסט נישט אויף די אויגען!

אין דער צייט פונ'ם גרויסען הונגער אין גאַנצען לאַנד כנען, ווען יעקב האָט געזאָלט שיקען די קינדער קיין מצרים איינקויפען דאָרט ברויט פאַר זייער הויזגעזינד, האָט ער זיך צו זיי געווענדעט מיט די ווערטער:

– „קינדער מיינע, צו וואָס זאָלט איהר זיך אַרויסווייזען?" – בע־ווייזען זאָלט איהר זיך נישט ווי קיין זאַטע נישט פאַר עשו'ן און נישט פאַר ישמעאל'ן, איהר זאָלט נישט אויפרייסען די אויגען.

## אָנגעשראָקענע.

ר' יהושע בן קרחה דערצעהלט:

– איינמאָל בין איך מיט נאָך עטליכע חברים געזעסען אונטער אַ בוים. פּלוצים האָט אַ בלאָז געטהון אַ ווינטעלע און געמאַכט אַ גערויש צווישען די בלעטער. האָבען מיר זיך אויפגעחאַפּט און גענומען אַנטלויפען אין איין שרעק: „אוי וועה, דעם שונא'ס ריטער זענען אויף אונז אָנגע־פאַלען". דערנאָך קוקען מיר זיך אום. לאָזט זיך אויס אַז ס'איז נישטא

קיינער. האָבען מיר זיך אַנידערגעזעצט און זיך צעוויינט: אָך און וועה איז אונז צו וואָס מיר זענען געקומען! מקוים געוואָרען איז אויף אונז די קללות פון דער תוכחה: „דער געריוש פון אַ בלאַט וועט אייך פעריאָגען״.

## „ויברח״.

אין דער שטאָדט צפורי איז אַמאָל אָנגעקומען פון דער רעגירונג שווערע גזירות אויף יודען. קומען די פאָרשטעהער פון שטאָדט אַן עצה פרעגען ביי ר׳ אליעזר בן פרטה:

— רבי — זאָגען זיי איהם — ס׳איז אָנגעקומען אויף אונז פון דער רעגירונג שווערע גזירות און מיר קענען זיך פון זיי אויסבעהאַלטען. ווי מיינסטו. אַנטלויפען?

האָט ער מורא געהאַט אָפען זיי אַרויסצוזאָגען און האָט געענטפערט פערשטעלט:

— וואָס פרעגט איהר מיך? פרעגט בעסער ביי יעקב אבינו. ביי משה רבנו. ביי דוד המלך.

וואָס שטעהט ביי יעקב׳ן. ווען עשו האָט פערטראַכט איהם אומצו־ברענגען? — „ויברח יעקב״. איז ער אַנטלאָפען. דאָס אייגענע האָט גע־טהון משה פאַר פרעה׳ן און דוד פאַר שאול׳ן.

און דאָסזעלבע ראָטה דער נביא אין נאָמען פון גאָט דעם יודישען פאָלק: „געה. מיין פאָלק. פאַריין אין דיינע צימערען. בעהאַלט זיך אַ קליינע ווײלע ביז דער צאָרן וועט איבער״ — זעהסטו אַז עס קומט־אָן אַ ווילדע צייט. שטעל זיך איהר נישט אקעגען. טרעט איהר בעסער אָב דאָס אָרט ביז זי וועט איבערגעהן. קוקט אויף מיר: איך אַפילו. דער אַלמעכטיגער. טרעט אויך אַמאָל אָב דעם וועג דער צייט. ווי דער מקונן זאָגט אין דער צייט פונ׳ם חורבן: „צוריקגעהאַלטען האָט ער (גאָט) זיין רעכטע האַנד״.

## „יוד״ — אַ זידעל־וואָרט.

ר׳ פנחס דערצעהלט: צוויי אויסגעלאַסענע שכורע גויות אין אַשקלון האָבען זיך אַמאָל צוקריגט. אינ׳ם רעכטען ברען פון קריג שרייט־אויס איינע דער אַנדערער: „געהסט נישט אַוועק פון דאַנען? דו אַזוינע און אַזעלכע. דו יודישע צורה איינע!״ אין אַ צייט אַרום האָבען זיי זיך ביידע איבערגעבעטען. זאָגט די בעליידיגטע צו דער אַנדערער: אויף אַלע זלזולים דיינע בין איך דיר מוחל. נאָר איינס וועל איך דיר אייביג נישט מוחל זיין — וואָס דו האָסט זיך ערלויבט מיך אָנצורופען „יודישע צורה״.

און אויף דעם קלאָגט דער מקונן אין איכה:
אָ, זעה גאָט, קוק־צו
ווי איך בין געוואָרען אַ שימפּפוואָרט!

## גאָט ברוך־הוא ליידט מיט יודען.

I

אַלע מאָל ווען גאָט ברוך־הוא דערמאָהנט זיך, אַז די קינדער זיינע געפונען זיך אין גרויסע ליידען צווישען די פעלקער, לאָזט ער, כביכול, פאַלען צוויי טרעהרען אין גרויסען ים אַריין און זייער אָבקלאַנג לאָזט זיך הערען פון איין עק וועלט אין דעם אַנדערען — און דערפון נעהמט זיך דאָס ערדציטערניש.

אַנדערע זאָגען: ער לאָזט דאַמאָלס אַרויס אַ לייבענגעבריל און אַלע וועלטען הויבען־אָן ציטערען, ווי דער נביא זאָגט:
גאָט גיט אַ בריל פון דער הויך,
און פון זיין הייליגען וואוינאָרט לאָזט ער אַרויס זיין שטים,
ברילען ברילט ער איבער זיין רוה־פּלאַץ (ירושלים).

II

אַ רוימער האָט געפרעגט ר׳ עקיבא׳ן:
— פון וואַנען, ערקלעהר מיר, נעהמט זיך דאָס ערדציטערניש?
האָט ער איהם געענטפערט:
— אַלע מאָל ווען דער אויבערשטער דערזעהט די טעמפלען פון פרעמדע געטער און די אַלע אַנדערע פעלקער, ווי זיי זיצען זיך רוהיגע און צופריעדעניע און ווייסען נישט פון קיין זאָרג אין דער וועלט, און ער זעהט ווידער ווי זיין אייגענער טעמפעל איז פערוויסט און זיין אייגען פאָלק איז איבערגעגעבען אין גוי׳אישע הענד, גיט איהם, כביכול, אַ ברען און ער לאָזט אַרויס אַ בריל — און דערפון ווערען הימעל און ער דערציטערט.

III

ר׳ יוסי דערצעהלט:
— איינמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג, האָב איך אָבגעטראָטען אין איינע פון די הייליגע ירושלים׳ער חורבות דאָרט תפלה צו טהון. איז געקומען אליהו, דערמאָהנט זאָל ער זיין צום גוטען, מיך אָבגעוואַרט ביי דער טהיר ביז איך האָב געענדיגט מיין תפלה. דערנאָך בעגריסט ער מיך: פריעד צו דיר, רבי!

ענטפער איך איהם צוריק: פריעד צו דיר, רבי און לעהרער מיינער!

— זוהן מיינער — פרעגט ער מיך — צוליב וואָס ביזטו אָבגע־טראָטען אין דער חורבה?

— תּפלה טהון — ענטפער איך איהם.

— האָסטו געזאָלט תּפלה טהון אין וועג.

— איך האָב מורא געהאַט, די וועגגעהער זאָלען מיך נישט איבעררייסען.

פרעגט ער מיך ווייטער:

— זוהן מיינער, וואָס פאַר אַ שטים האָט זיך דיר געלאָזט הערען אין דער חורבה?

— געהערט האָב איך אַ בת־קול ברומט שטיל ווי אַ טויב און זאָגט:

וועה מיר, פערוויסט געמאַכט מיין הויז,
פערברענט מיין טעמפעל,
פערטריבען מיינע קינדער
צווישען פעלקער!

זאָגט ער מיר:

— זוהן מיינער, ווי דו זעהסט מיך לעבען, נישט דאָס מאָל אַליין, נאָר טאָג־טעגליך דריי מאָל אין טאָג לאָזט זיך אַזאַ שטים הערען, און איבערהויפּט אַלע מאָל ווען יודען געהען אַריין אין די שוהלען און בתּי־מדרשים און ענטפערען אויף אַ קול: „אמן יהא שמיה רבא מבורך (אָמן, זאָל זיין גרויסער נאָמען געלויבט זיין), שאָקעלט, כּביכול, גאָט ברוך־הוא מיט׳ן קאָפּ און זאָגט דערביי:

— אַז וואויל איז דעם קעניג,
וואָס מען לויבט איהם אַזוי אין זיין אייגען הויז!
וואָס האָט אָבער דער פאָטער,
וואָס האָט פערטריבען זיינע אייגענע קינדער?
און וועה איז די קינדער,
וואָס זענען פערטריבען פונ׳ם פאָטערס טיש!

IV

„מיט איהם (מיט׳ן פאָלק מיינעם) בין איך אין אומגליק" — זאָגט דער משורר אין תּהלים אין נאָמען פון גאָט. און אַזוי זאָגט אויך דער נביא: „אין אַלע לייד זייערע איז איהם לייד".

און אַז גאָט ברוך־הוא האָט זיך בעוויזען צו משה רבנו פונ׳ם דאָרן־בוים, האָט ער דערמיט געגעבען אָנצוהערען: משה, צי פיהלסטו נישט,

אַז איך לייד מיט די יודען צוזאַמען? אָט זעה דאָס אָרט פון וואַנען איך רעד מיט דיר, פון די דערנער אַרויס — דאָס הייסט: איך בין, כביכול, אַ שותף אין זייערע ליידען.

V

אויב איהר הערט עס נישט —
אין געהיים וויינט מיין זעלע
איבער'ן שטאָלץ" —

אַזוי זאָגט דער נביא ירמיהו אין נאָמען פון גאָט. אויף דעם האָט רב געזאָגט: אַן אָרט אַזוינס איז פאַרהאַן ביי גאָט ברוך־הוא, „מסתרים" (געהיים) הייסט עס. אַהין פערקלויבט זיך די שכינה און אַן איינזאַמע וויינט זי פאַר זיך.

„איבער'ן שטאָלץ" וויינט זי — זאָגט רב שמואל בר יצחק — איבער דעם שטאָלץ וואָס איז אַוועק פון יודען און איבערגעגעבען געוואָרען אַנדערע פעלקער.

און אַזוי איז שוין אַלע מאָל — זאָגט זבדי בן לוי — איידער יודען זענען אויסגעלעזט געוואָרען פון מצרים זענען זיי געוועזען פאַר זיך און די שכינה פאַר זיך. ווי נור זיי זענען אויסגעלעזט געוואָרען זענען זי צוזאַמענגעבונדען געוואָרען ווי איינס. דערנאָך, אַז די יודען זענען ווידער פערטריבען געוואָרען (קיין בבל), איז ווידער די שכינה געבליבען איינזאַם. און אויף דעם קלאָגט דער מקונן: „איכה ישבה בדד" — אָ, ווי איינזאַם זי איז געבליבען זיצען!

## דער היטער פון יודען.

I

נישט אומזיסט ווערען די גרויסע לייט פון עזרא'ס און נחמיה'ס דור אָנגערופען מיט'ן נאָמען „אַנשי כנסת הגדולה" (די מענער פון דער גרויסער פערזאַמלונג), ווייל זיי האָבען אומגעקעהרט די געטליכע קרוין צו איהר אַמאָליגער פראַכט. משה רבנו אַז ער האָט גאָט געלויבט האָט ער איהם גערופען מיט'ן נאָמען: „דער גאָט דער גרויסער, דער שטאַרקער און דער פאָרכטיגער". ירמיהו הנביא אָבער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן פונ'ם בית־המקדש, האָט זיך געטראַכט: פרעמדע פעלקער האָבען זיך אַריינגעריסען צו איהם אין זיין טעמפעל און ברעכען די ווענט זיינע — וואו־זשע איז זיין פאָרכטיגקייט? האָט ער דערפאַר אין זיין לויב צו גאָט שוין נור געזאָגט: „דער גרויסער, דער שטאַרקער", און

נישט „דער פּאָרכטיגער״ דערנאָך דניאל, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם גלות בבל האָט זיך געטראַכט: פרעמדע פעלקער אונטערדריקען אַזוי די קינדער זיינע — וואו־זשע איז זיין גבורה? האָט ער שוין אין זיין לויב צו גאָט נור געזאָגט: „דער גרויסער און דער פּאָרכטיגער״, און נישט „דער שטאַרקער״. זענען געקומען דערנאָך די אַנשי כנסת הגדולה און האָבען געזאָגט: אדרבה, אין דעם אַליין שטעקט טאַקי די אמת׳ע גבורה זיינע, וואָס ער געוועלטיגט איבער זיך אַליין און האַלט־איין דעם צאָרן זיינעם, נישט אויסלאָזען איהם באַלד אויף די רשעים; און אין דעם אליין ווידער ליגט זיין גאַנץ פּאָרכטיגקייט: ווען נישט די שרעק פאַר גאָט ברוך־הוא ווי וואָלט דען מעגליך געווען, אַז איין קליינע אומה זאָל קענען לעבען בלייבען צווישען זיבציג אומות!

II

דער קיסר אַדרינוס האָט איינמאָל אַ זאָג געטהון ר׳ יהושע׳ן:

— ווי גרויס איז דאָס שעפּעלע וואָס קען זיך האַלטען צווישען זיבציג וועלף!

— ווי גרויס איז דער פּאַסטוך — רופט זיך אָן ר׳ יהושע — וואָס רעטעט און בעהיט פון זיי דאָס שעפּעלע און ברעכט זיי פאַר דעם איין! ווי דער נביא זאָגט וועגען יודישען פאָלק: „וואָס פאַר אַ מיטעל עס זאָל נישט צוגעטראַכט ווערען אַקעגען דיר, וועט עס נישט געראָטען״.

III

„גאָט, נישט מיט דיין צאָרן זאָלסטו מיך שטראָפען״ — בעט זיך דער יוד ביי גאָט ברוך־הוא מיט די ווערטער פון׳ם משורר אין תהלים — אויב שטראָפען מוזטו מיך פאַר די זינד מיינע, לאָז עס נישט זיין מיט גרויס צאָרן, איך זאָל האָבען כוח עס איבערצוטראָגען.

ר׳ חנינא זאָגט דערויף אַ משל:

אַ קעניג איז בעז געוואָרען אויף זיין זוהן, האָט ער זיך אַרויסגע־חאַפּט מיט אַ שבועה, אַז ער וועט וואַרפען דעם גרויסען שטיין וואָס ליגט פאַר זיינע אויגען דעם זוהן אין קאָפּ. נאָכדעם, אַז דאָס האַרץ איז איהם אָבגעגאַנגען, האָט זיך דער פאָטער געטראַכט: וועל איך מיין שבועה אויסהאַלטען, וועט עס איהם דאָס לעבען קאָסטען, נישט האַלטען די שבועה קען איך אָבער אויך נישט. וואָס־זשע טהוט מען דאָ? פאַלט דער קעניג אויף אַן עצה און הייסט באַלד צעשטויסען דעם שטיין אויף ברעקלעך און וואַרפט זיי אויפ׳ן זוהן איינציגווייז. קומט־אויס אַז ער האָט אי די שבועה מקיים געווען, אי דעם זוהן האָט עס נישט געשאַדט.

IV

פון שעיר רופט צו מיר אַ שטים:
„אָ היטער!
ווי האַלט די נאַכט?
אָ היטער!
וואָס וועט זיין פון דער נאַכט?"
דער היטער ענטפערט:
„באַלד קומט דער מאָרגען
און אויך אַ נאַכט...
בעגעהרט איהר דאָס — בעגעהרט עס!
צוריק־קעהרט און קומט!"

אַ לעהרער אונזערער און וועגוויזער — פרעגען יודען ביי'ם נביא אין דער פינסטערער גלות־נאַכט — וואָס וועט זיין פון דער נאַכט? ווען וועט נעהמען אַ סוף צו דער לאַנגער פינסטערער נאַכט?

— וואַרט מיר — זאָגט דער נביא — וואַרט ביז איך וועל זיך אָנפרעגען.

און אַז דער נביא האָט זיך אָנגעפרעגט און געקומען צוריק, הערט ער ווידער די שטים פון פאָלק רופט:

— וואָס האָט דער אייביגער שומר ישראל געזאָגט?

ענטפערט דער נביא:

— אַזוי האָט דער שומר ישראל געזאָגט: באַלד קומט אַ מאָרגען און אויך אַ נאַכט.

— און אויך אַ נאַכט? — פרעגען זיי אין גרויס שרעק.

— שרעקט זיך נישט — זאָגט ער זיי, — נישט אַזוי האָט איהר מיך פערשטאַנען: דער מאָרגען — פאַר גערעכטע, די נאַכט — פאַר אומגע־רעכטע; דער מאָרגען — פאַר די געפייניגטע, די נאַכט — פאַר די פייניגער.

— אָ, ווען־זשע וועט עס געשעהן?

— ווען איהר בעגעהרט עס, בעגעהרט ער דאָס אויך.

— וואָס פעהלט דערצו? — פרעגען יודען.

— תשובה! — ענטפערט דער נביא — צוריקקעהרט!

## די אמת'ע ליכט.

„שטעה־אויף און לייכט,
ווייל אָנגעקומען איז דיין ליכט,
גאָט'ס פראַכט האָט איבער דיר ערשיינט" —

ר׳ יוחנן זאָגט דערויף אַ משל:

איינער איז געגאַנגען פאַרטאָג אין וועג. איז געקומען עמיצער און האָט אָנגעצונדען פאַר איהם אַ ליכט. האָט עס דער ווינט פערלאָשען; קומט אַ צווייטער און צינדט ווידער פאַר איהם אָן אַ ליכט. האָט עס אויך דער ווינט פערלאָשען. טראַכט ער זיך: בעסער וועל איך שוין איצטער וואַרטען אויף דעם ליכט פון פריהמאָרגען.

אזוי האָבען אויך די יודען געזאָגט פאַר גאָט: מיר האָבען פאַר דיר אָנגעצונדען אַ מנורה אין די צייטען פון משה — איז זי אויסגעלאָשען געוואָרען; אין די צייטן פון שלמה — איז זי ווידער אויסגעלאָשען געוואָרען. בעסער שוין צו וואַרטען ביז דיין ליכט וועט איבער אונז אַלעמען ערשיינען. ווי עס זאָגט דער משורר אין תהלים: „ביי דיר איז דער קוואַל פון לעבען. אין דיין ליכט וועלען מיר זעהן די אמת׳ע ליכט״.

## נישט געפונען קיין רוה.

אויף דער טויב. וואָס נח האָט נאָכ׳ן מבול אַרויסגעשיקט פון דער תבה. ווערט דערצעהלט: „זי האָט נישט געפונען קיין רוה. האָט זי זיך פאַרנאַכט צוריקגעקעהרט אין דער תבה״ — וואָלט זי אָבער יאָ געפונען אַ רוה. וואָלט זי געוויס צוריק זיך שוין נישט געקעהרט.

דאָס זעלבע ווערט געזאָגט אויף דער יודישער אומה: „זי זיצט צווישען פעלקער. געפינט נישט קיין רוה״ — וואָלט זי אָבער יאָ געפונען רוה. ווער ווייסט. צי זי וואָלט שוין אַמאָל זיך צוריקגעקעהרט אין איהר אייגענער היים.

## ווערטער וואָס שרעקען.

משה האָט געזאָגט אין דער תוכחה אויף יודען: „איהר וועט פערלוירען ווערען צווישען די פעלקער און אויפעסען וועט אייך דאָס לאַנד פון אייערע פיינד״. איז געקומען דער נביא ישעיהו און האָט נבואה געזאָגט: „און עס וועט זיין אין יענעם טאָג וועט געבלאָזען ווערען אין אַ גרויסען שופר וועלען צוריקקומען די פ אַ ר ל ו י ר ע נ ע אין לאַנד אַשור״.

רב פלעגט זאָגען:

— מיך שרעקען די ווערטער פון יענעם פסוק: „איהר וועט פ ע ר ־ ל ו י ר ע ן ווערען צווישען די פעלקער״.

— אפשר ווערט געמיינט ווי אַ פערלוירענע זאַך. וואָס מען קען זי צוריק אויפזוכען?

— מיך שרעקט אָבער נאָך מעהר דער סוף פון יענעם פסוק: „און א ו י פ ע ס ע ן וועט אייך דאָס לאַנד פון אייערע פיינד״.

## ס'איז נאָך אַ גליק.

ר' אושעיא פלעגט זאָגען:

– ס'איז נאָך אַ גליק פאַר יודען, וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישען פערשידענע פעלקער.

איינער אַ גוי האָט אַמאָל געזאָגט ר' חנינא'ן: מיר זענען בעסער פון אייך. אויף אייערע לייט ווערט דערצעהלט, אַז „זעקס מאָנאַט דורכאַנאַנד איז יואָב, דער עלטעסטער פון דוד'ס חיל, מיט זיינע מענשען געזעסען אין אדום, ביז מ'האָט דאָרט אומגעבראַכט וואו אַ מאַנסביל". מיר אָבער – אָט זיצט איהר צווישען אונז אַזויפיל יאָהרען און מיר לאָזען אייך לעבען.

רופט זיך אָב צו איהם ר' חנינא: אויב דו ווילסט, וועט דיר אָבענטפערען דערויף איינער פון די תלמידים.

האָט זיך ר' אושעיא צוגעזעצט צו יענעם גוי און איהם געזאָגט: ווייסטו פאַרוואָס איהר ברענגט אונז נישט אום? ווייל איהר קענט זיך קיין עצה נישט געבען ווי דאָס אויסצופיהרען: אומברענגען אַלע יודען מיט אַמאָל – זענען נישט אַלע אינאיינעם ביי אייך; וועט איהר אומברענגען די אַלע וואָס געפינען זיך ביי אייך – וועט איהר באַקומען דעם נאָמען: אָפּגעשניטענע קעניגרייך".

דערהערט די ווערטער, האָט דער גוי אויסגערופען: איך שווער אייך ביים טויער פון רוים – וועגען דעם טאַקי הערען מיר נישט אויף זיך צו ברעכען דעם קאָפּ.

## גלות השכינה.

I

זעה ווי ליעב זענען די יודען ביי גאָט – זאָגט ר' שמעון בן יוחאי – וואוהין זיי זאָלען נישט פערטריבען ווערען געהט־מיט די שכינה מיט זיי. קיין מצרים זענען זיי פערטריבען געוואָרען – איז די שכינה מיטגעקומען מיט זיי; קיין בבל – ווידער מיט זיי אינאיינעם די שכינה. און ווען זיי וועלען אין די שפּעטערדיגע צייטען אויסגעלעזט ווערען, וועט צוזאַמען מיט זיי אויך די שכינה אויסגעלעזט ווערען פונ'ם גלות.

II

ר' יוחנן זאָגט:

– גאָט האָט געשוואוירען: נישט אריינקומען וועל איך אין ירושלים של מעלה (אויבערשטען ירושלים) ביז איך וועל פריהער נישט אריינקומען ווידער אין ירושלים של מטה (אונטערשטען ירושלים).

# גאָט פערלאָזט נישט זיין פאָלק.

און נאָך דעם אַלעמען — זאָגט משה אין גאָט'ס נאָמען — וואו זיי זאָלען נישט זיין אינ'ם לאַנד פון זייערע פיינד, האָב איך זיי נישט אָבגעוואָרפען און האָב זיי נישט פערראַכטעט ביז צום פערניכטען זיי, צו צעשטערען מיין בונד מיט זיי, ווייל איך בין גאָט זייער גאָט".

„איך האָב זיי נישט אבגעוואָרפען" — אין די טעג פון כשדים (גלות בבל), אויך דעמאָלט האָבען זיי ארויסגעגעבען פון זיך אַזעלכע גרויסע קלוגע און פרומע לייט ווי דניאל, חנניה, מישאל און עזריה.

„איך האָב זיי נישט פערראַכטעט" — אין די טעג פון המנ'ען (אין גלות פרס), זיי האָבען דעמאָלט אַרויסגעגעבען פון זיך אַזעלכע געהויבענע מענשען ווי מרדכי און אסתר, וואָס זענען זיי בייגעשטאַנען אין די נויטען און געראַטעוועט פונ'ם גרויסען אומגליק.

„זיי זענען נישט פערניכטעט געוואָרען" — אין די טעג פון די גריכען, זיי האָבען דעמאָלט אַרויסגעגעבען פון זיך אַזעלכע גרויסע לייט ווי שמעון הצדיק און ווי דער חשמונאי מתתיהו בן יוחנן כהן גדול מיט זיינע קינדער.

„איך האָב נישט צעשטערט מיין בונד מיט זיי" — אין די טעג פון די רוימער, זיי האָבען דעמאָלט אַרויסגעגעבען פון זיך רבי'ס הויז מיט זיינע תלמידים.

„ווייל איך בין גאָט זייער גאָט" — אין אלע צייטען, קיינמאָל וועל איך ניט דערלאָזען זייער ליכט זאָל אויסגעלאָשען ווערן און קיין אומה ולשון וועט זיי קיינמאָל נישט בייקומען.

# וויסען און ווידער וויסען.

„וויסען זאָלסטו וויסען — האָט גאָט געזאָגט צו אַברהם'ן — אַז גרים וועלען זיין דיינע קינדער אין אַ פרעמד לאַנד" — וויסען זאָלסטו, אַז איך וועל זיי צעשפרייטען, און ווידער זאָלסטו וויסען, אַז איך וועל זיי צונויפנעהמען; וויסען זאָלסטו, אַז איך וועל זיי ווי אַ משכון פערזעצען, און ווידער זאָלסטו וויסען, אַז איך וועל זיי צוריק אויסלעזען; וויסען זאָלסטו, אַז איך וועל זיי פערשקלאַפען, און ווידער זאָלסטו וויסען, אז איך וועל זיי בעפרייען.

---

# גאולה און משיח׳ס צייטען.

## קאַמערען פון צרות און קאַמערען פון ישועות.

ר׳ ישמעאל דערצעהלט:

— אז די רוימישע רעגירונג, די מרשעת, האָט אַרויסגעלאָזט אַ גזרה אומצוברענגען די גרעסטע יודישע מענער, האָב איך, לויט דעם ווילען פון מיינע חברים, אויפגעהויבען זיך אויפ׳ן הימעל דאָרט צו דערגעהן ווי עס האַלט מיט דער גזירה. נאָך דעם ווי איך האָב זיך אויפ׳ן הימעל דערוויסט אַז די גזירה איז שוין א גע׳חתמ׳עטע — האָב איך זיך דאָרט בעגעגענט מיט׳ן שר־הפנים, דער נאָהענטסטער מלאך צו גאָט. זאָגט ער מיר: האַרציגער פריינד, זעץ זיך ביי מיר אין שויס וועל איך דיר אויסדערצעהלען וואָס וועט זיין מיט׳ן הייליגען פאָלק ישראל. האָב איך זיך געזעצט ביי איהם אין שויס אין ער האָט זיך איינגעקוקט אין מיר און געוויינט, און טרעהרען האָבען זיך גענאָסען פון זיינע אויגען און געפאַלען מיר אויפ׳ן געזיכט.

זאָג איך איהם: פרעכטיגע שיין מיינע, וואָס וויינסטו?

זאָגט ער מיר: פריינד מיינער, קום מיט מיר, וועל איך דיך אַריינברענגען אין די טיעפסטע צימערען און אין די בעהאַלטענסטע קאַמערען.

האָט ער מיך אָנגענומען פאַר דער האַנד, מיך ערגיץ אַריינגעבראַכט, אַרויסגענומען די ביכער און מיר אנגעוויזען אויף פאַפירען, פערשריבענע מיט שלעכטע גזירות, איינע ווילדער פון דער אנדערער.

פרעג איך איהם: פאַר וועמען?

— פאַר יודען — ענטפערט ער מיר.

פרעג איך איהם ווייטער: וועלען יודען קענען אויסשטעהן אַזעלכעס ?
— וואַרט — זאָגט ער — מאָרגען וועל איך דיר בעווייזען נאָך גזירות, שרעקליכערע פון די.

אויף מאָרגען האָט ער מיך אריינגעבראכט אין די גאָר טיעפסטע חדרים און מיר בעוויזען ליידען פיעל ערגערע פון די פריהערדיגע. ער האָט מיר בעוויזען מענשען ווערען איבערגעגעבען די צו דער שווערד, די צום הונגער, די צום רויב, די צום געפענגעניש.

זאָג איך איהם: פרעכטיגע שיין מיינע! האָבען דען נור יודען אזוי זיך פערדיענט ?

ענטפערט ער מיר: טאָג־טעגליך ווערען צוגעטראַכט אויף זיי אַלץ נייע גזירות נאָך ערגערע פון די, נאָר אַז יודען געהען־אַריין אין שוהלען און בתי־מדרשים און שרייען דאָרט אויס: אמן יהא שמיה רבא מבורך לעלמי עלמיא (אָמן, זיין גרויסער נאָמען זאָל זיין געלויבט אין אַלע אייביגקייטען), לאָזען מיר די גזירות נישט ארויסגעהן פון די בעהאַלטענע חדרים.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך פון איהם אַראָפּגעלאָזט, האָב איך געהערט אַ קול שרייט־אויס אויף אַראַמיש די דאָזיגע ווערטער:

דער הייליגער טעמפּעל וועט ווערען וויסט,
גאָטס פּאַלאַץ אין פייער פערברענט.
דער הויף פון׳ם קעניג וועט היטען די וויסטיקייט.
בחורים און בתולות צום רויב,
די קינדער פון קעניג צום מאָרד,
דער ריינער מזבח פעראומרייניגט ווערען.
פון ירושלים בערג אַש,
צו שרעק פון צו גרויל דאָס יודישע לאַנד.

דערהערט די ווערטער בין איך פערציטערט געוואָרען און אַ פּאַל געטהון צוריק. איז געקומען דער גרויסער מלאך הדרניאל און מיך אויף די פיס אויפגעשטעלט, און מיר געזאָגט: פריינד מיינער, וואָס איז מיט דיר אַזעלכעס פאָרגעקומען ?

זאָג איך איהם: פרעכטיגע שיין מיינע! איז מעגליך אַז יודען זענען שוין גאָר פערפאַלענע ?

— קום — זאָגט ער — וועל איך דיך אַריינפיהרען אין די קאַמערען פון הילף און טרייסט.

האָט ער מיך אַריינגעפיהרט און איך האָב דערזעהן ווי מלאָכים זיצען כתות־וויז און וועבען קליידער פון הילף און שמידען־אויס לעבענס־קרוינען און פּאַסען אין זיי איין אַלערליי מיני דימענטען און פּעריל, און

גרייטען־צו אַלערליי מיני געווירצען און געשמאַקע שפייזען, און פערזיסען די טייערסטע וויינען.

פרעג איך: פרעכטיגע שיין מיינע! דאָס אַלעס פאר ווען?

— פאַר יודען — ענטפערט ער מיר.

דערזעה איך דאָרט איין קרוין, אַנ׳אויסגענומענע פון אַלע אַנדערע, און איינגעפאַסט זענען אין איהר די זון און די לבנה און צוועלף שטערען.

פרעג איך איהם: פאַר וועמענס וועגען איז די טייערסטע און שענסטע קרוין.

זאָגט ער מיר: פאַר דוד מלך ישראל.

זאָג איך איהם ווייטער: פרעכטיגע שיין מיינע! בעווייז מיר, איך בעט דיך, דעם פראַכט פון דוד המלך.

— וואַרט —זאָגט ער — דריי שעה, ביז דוד וועט אַהער אָנקומען וועסטו איהם אַרויסזעהן און זיין גאַנצען פראַכט.

האָט ער מיך אָנגענומען און אַריינגעזעצט צו זיך אין שויס. פרעגט ער מיך: וואָס זעהסטו?

— איך זעה — ענטפער איך — זיבען בליצען לויפען אַלע מיט אַמאָל.

— לאָז אַראָב די אויגען, זוהן מיינער — זאָגט ער מיר — זאָלסט זיך נישט איבערשרעקען. דאָס גערען זיי אַרויס געגען דוד מלך ישראל.

און באַלד האָבען אָנגעהויבען רוישען אַלע הערשאַפטען פון די הימלען, די אופנים און שרפים, און די הייליגע חיות, און די רעדער פון דער מרכבה, און די פראַכט־וואָלקענס, און די אוצרות פון שניי, און די אוצרות פון האָגעל, און די שטערען און מזלות, און די מלאכי־השרת, און די פלאַמפייערדיגע פון זבול (דער פיערטער פון די זיבען הימלען) און אַלע האָבען אינאיינעם אויסגערופען:

„די הימלען דערצעהלען גאָט׳ס פראַכט“.

און אויף דעם האָט זיך געלאָזט הערען אַ הויך קויל פון גן־עדן:

„גאָט קעניגט אויף אייביג“.

און באַלד איז אָנגעקומען דוד מלך ישראל, ער פאָראויס און אַלע מלכי בית־דוד נאָך איהם, יעדער פון זיי מיט זיין קרוין אויפ׳ן קאָפּ און דוד׳ס קרוין שיינט און פונקעלט מעהר פון אַלע קרוינען, און איהר גלאַנץ דערגעהט ביז׳ן עק וועלט.

אַזוי איז דוד געגאַנגען ביז ער איז געקומען אין בית־המקדש פונ׳ם הימעל. דאָרט איז געשטאַנען פאַר איהם צוגעגרייט אַ פייערדיגע שטוהל האָט ער זיך אויף איהר געזעצט, און אַלע מלכי בית־דוד זענען געזעסען פאַר איהם און אַלע מלכי־ישראל זענען געשטאַנען הינטער איהם.

הויבט אָן דוד המלך זינגען לויבליעדער און געזאַנגען, וואָס זינגט די וועלט שטעהט האָט נאָך קיין אויער אַזעלכעס נישט געהערט. און דער גרויסער מלאָך מטטרון מיט דער גאַנצער פמליא של מעלה רופען אַלע:

„הייליג, הייליג, הייליג איז גאָט פון אַלע הערשאַפטען”.

און די הייליגע חיות רופען אויס מיט אַ לויב־געזאַנג:

„געלויבט איז גאָט'ס פּראַכט פון זיין אָרט”.

און די הימלען זינגען:

„גאָט וועט קעניגען אייביג, אייביג”.

און די ערד העלפט־אונטער:

„גאָט קעניגט, גאָט האָט געקעניגט,
גאָט וועט קעניגען אייביג, אייביג”.

און אַלע מלכי בית־דוד לאָזען־אויס:

„און גאָט וועט זיין אַ קעניג אויף דער גאַנצער וועלט,
אין יענעם טאָג וועט זיין גאָט דער איינציגער
און זיין נאָמען איינער”.

## „דו גאָט ביזט אונזער פּאָטער”.

„דו ביזט אונזער פּאָטער, דען אברהם ווייסט אונז נישט, יעקב דער־קענט אונז נישט; דו גאָט ביזט אונזער פּאָטער, אונזער אויסלעזער” — אויף די ווערטער פון'ם נביא ירמיה זאָגט ר' יונתן:

אין די שפּעטערדיגע צייטען וועט גאָט זיך ווענדען צו אברהם און איהם זאָגען:

— דיינע קינדער האָבען זיך געגען מיר פערזינדיגט.

— האַר פון דער וועלט — ענטפערט אברהם — זאָלען זיי אויסגע־מעקט ווערען פון דער וועלט פאַר דיין הייליגען נאָמען.

זאָגט גאָט: איך וועל זיך בעסער ווענדען צו יעקב'ן. ער האָט געפיהלט דעם צער פון ערציהען קינדער — אפשר וועט ער זיך פאַר זיי איינשטעלען.

ווענדעט ער זיך צו יעקב'ן:

— דיינע קינדער האָבען געזינדיגט.

— האַר פון דער וועלט — ענטפערט יעקב — זאָלען זיי אויסגע־מעקט ווערען פאַר דיין הייליגען נאָמען.

זאָגט גאָט: נישט ביי די אַלטע שכל און נישט ביי די יונגע אנ'עצה.

ווענדעט ער זיך צו יצחק'ן:

דיינע קינדער האָבען זיך פאַר מיר פערזינדיגט.

— האַר פון דער וועלט — שרייט־אויס יצחק פאַר גאָט — מיינע קינדער, נישט דיינע! און ווידער: וויפיעל האָבען זיי אינגאַנצען געקענט זינדיגען? וויפיעל איז דאָס לעבען פונ׳ם מענשען? — זיבציג יאָר. נעהם דערפון אַראָב די ערשטע צוואַנציג יאָהר׳ וואָס דער מענש איז נאָך פריי פון שטראָף פאַר זיינע מעשים — בלייבט איבער פופציג. האַלב דערפון נעהם־אַראָב אויף שלאָפען — בלייבט פינף און צוואַנציג. האַלב דערפון אויף דאַוונען און עסען און אַנדערע נויטיגע בעדערפענישען — בלייבט אינגאַנצען צוועלף מיט אַ האַלב יאָהר. ווילסטו — נעהם עס אויף זיך אינגאַנצען. ווילסטו נישט — זאָל זיין האַלב אויף מיר און האַלב אויף דיר. און אויב דו ווילסט דוקא, אַז אינגאַנצען זאָל זיין אויף מיר — פערגעס נישט, אַז איך האָב זיך געלאָזט פאַר דיר מקריב זיין.

געזעהן ווי יצחק שטעלט זיך פאַר זיי איין, רופען יודען אויס: „דו ביזט אונזער פאָטער!״

— נישט מיר, נאָר דעם אויבערשטען קומט די לויב — ענטפערט זיי דערויף יצחק און ווייזט זיי אָן אויף גאָט.

## דער קץ.

I

פאַר׳ן טויט האָט אונזער פאָטער יעקב צונויפגערופען די קינדער זיינע און האָט זיי געזאָגט אַזוי:

— זאַמעלט זיך צונויף, וועל איך אייך פאָראויסזאָגען, וואָס מיט אייך וועט פאַסירען אין די גאָר שפּעטערדיגע צייטען.

ער האָט זיי אָבער דערפון גאָרנישט געזאָגט, נאָר אָנגעהויבען בענשען. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט זיי געוואָלט אויפדעקען דעם קץ (דעם סוף פונ׳ם גלות, ווען משיח וועט קומען), האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהען די שכינה שטעהט איבער איהם — האָט ער בעקומען אַבשיי און האָט זיינע ווערטער איבערגעריסען. די שכינה וויל נישט אַז דאָס וואָס איז פערדעקט פון מענשען זאָל אויפגעדעקט ווערען.

II

„דער טאג פון ראַכע איז ביי מיר אין האַרצען,
דאָס יאָהר פון מיינע אויסגעלעזטע קומט״... —

אַזוי זאָגט דער נביא ישעיה אין גאָטס נאָמען. נאָר פאַר מיין האַרצען האָב איך עס אויפגעדעקט, נישט אפילו פאַר מיין אייגען מויל; מיין האַרצען האָב איך דאָס פערטרויט, נישט אפילו מיינע נאָהענטסטע מלאכים.

III

ר׳ יונתן זאָגט:

— פאַרשאָלטען זאָלען ווערען די וואס רעכענען אויס די צייטען פונ׳ם קץ, ווייל זיי מיינען: וויבאַלד ס׳איז איבערגעגאַנגען די אויסגערעכענטע צייט און משיח בעווייזט זיך נישט — וועט ער שוין מעהר נישט קומען.

רב זאָגט:

— שוין אויסגעלאָזט זיך אַלע קצין. איצט ווענדט זיך נור אין אונזער תשובה און גוטע מעשים.

שמואל זאָגט:

— די צרות פונ׳ם גלות אליין זענען שוין אַ גענוג אָבקומעניש פאַר אונזערע זינד.

IV

„איך שלאָף —

מיין האַרץ איז אָבער וואַך. . .״ —

„איך שלאָף״ — זאָגט די כנסת־ישראל — פאַרדעקט איז פאַר מיר דער קץ; „מיין האַרץ איז אָבער וואַך״ — פאַר דער גאולה: איין טאָג אפילו האָב איך נישט אויפגעהערט צו וואַרטען אויפ׳ן אויסלעזער.

## „היינט״.

ר׳ יהושע בן לוי האָט אַמאָל דערזעהן אליהו הנביא׳ן ווי ער שטעהט ביים אַריינגאַנג אין דער הייל, וואו ר׳ שמעון בן יוחאי ליגט בעהאַלטען. פרעגט ער איהם:

— ווען קומט משיח?

זאָגט ער איהם:

— געה פרעג איהם.

— וואו געפינט מען איהם?

— ער זיצט ביי׳ם אַריינגאַנג אין טויער פון שטאָדט רוים.

— וואָס איז דער סימן זיינער?

— ער זיצט צווישען אָרימע קראַנקע. אַלע אַנדערע דאָרט בינדען אויף און פערבינדען זייערע וואונדען אַלע אויף איין מאָל; ער בינדט אויף און פערבינדט יעדע וואונד בעזונדער, כדי ער זאָל יעדע רגע זיין גרייט אויף גאָט׳ס בעפעהל ברענגען די גאולה.

איז ר׳ יהושע בן לוי אַוועק קיין רוים און דאָרט אויפגעזוכט משיח׳ן.

— פריעד צו דיר, רבי און לעהרער מיינער! — בעגריסט איהם ר׳ יהושע בן־לוי.

— פריעד צו דיר, בן לוי! — ענטפערט ער איהם.

— ווען קומט דער האַר? — פרעגט ר׳ יהושע.

— היינט! ענטפערט ער.

געהט ר׳ יהושע בן לוי צוריק צו אליהו׳ן. פרעגט ער ר׳ יהושע׳ן:

— וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— „פריעד צו דיר, בן לוי״ — האָט ער מיר געזאָגט.

— אויב אַזוי זענט איהר ביידע, דו מיט דיין פאָטער, פערזיכערט מיט יענער וועלט.

— ער האָט מיך אָבער אָבגענאַרט — זאָגט ר׳ יהושע בן־לוי ווייטער— געזאָגט האָט ער: „היינט קום איך״ — און ער איז נישט געקומען.

האָסט איהם שלעכט פערשטאַנען — זאָגט אליהו — היינט, און אויך יעדען טאָג, ווען נור יודען וועלען פערדיענען.

## צו פיער זאַכען.

די יודישע גאולה איז געגליכען צו די פיער זאַכען: צו אַ פעלד, צו אַ ווייגאָרטען, צו געווירצען און צו אַ געווינערין.

אַ פעלד — אַז מען שניידט־אָב פון דעם תבואה פאַר דער צייט טויג אַפילו די שטרוי צו גאָרנישט; אין דער צייט אָבער איז אַלעס גוט, ווי דער נביא זאָגט:

„שטרעקט־אויס דעם סערפ,
דען רייף איז שוין צום שניט דאָס פעלד״.

אַ ווייגאָרטען—אַז מען נעמט אַראָפּ די טרויבען פאַר דער צייט, טויג אַפילו דער עסיג זייינער צו גאָרנישט; אין דער צייט אָבער איז אַלעס גוט, ווי דער נביא זאָגט:

„דער ווייגאָרטען איז זאַפטיג —
בעזינגט איהם״.

געווירצען — קלויבט מען זיי ווען זיי זענען נאָך נישט דערוואַקסען און נאָך פייכט, לאָזט זיך זייער ריח נישט הערען; אין דער צייט אָבער ווען זיי זענען שוין טרוקען, טראָגט זיך זייער ריח גאַנץ ווייט, ווי דער משורר זאָגט:

„ערוואַך, צפון־ווינט, קום, דרום־ווינט,
גיב אַ בלאָז מיין גאָרטען, זאָלען פליסען זיינע ריחות“.

אַ געווינערין — געווינט זי אַ קינד פאַר דער צייט, איז דאָס קינד נישט קיין לעבעדיגס; אין דער צייט אָבער איז דאָס קינד אַ לעבעדיגס ווי דער נביא זאָגט:

„ער וועט זיי לאָזען אויסדויערען די צייט
ביז די געווינערין דאַרף געבוירען“.

---

# משיח׳ס צייטען.

I

ר׳ יוחנן האָט געזאָגט:

— זעהסטו דעם דור, אַז ער איז שוין גאָר טיעף געפאַלען — וואַרט אויף איהם.

זעהסטו אַ דור וואָס צרות פערפלייצען איהם ווי אַ טייך — וואַרט אויף איהם.

בן־דוד וועט אַנדערש ניט קומען נור אין אַ דור וואָס איז אָדער דורכאויס גערעכט אָדער דורכאויס שולדיג.

---

ר׳ יוחנן זאָגט ווידער: אינ׳ם דור, וואָס בן־דוד וועט קומען, וועלען תלמידי־חכמים ווערען אַלץ וועניגער, און די איבריגע וועלען די אויגען זיי אַרויסקריכען אין טרויער און אין שווערגעמוטהה. פיל צרות און ביטערע גזירות, אַלע מאָל נייע, וועלען אָנקומען; איידער איין גזירה ווערט אויסגעפיהרט, וועט אונטערלויפען די צווייטע.

פאַר משיח׳ס צייטען וועט די חוצפה הויך וואַקסען און דאָס אייי־דעלקייט וועט זיין טיעף בעליידיגט, די קלוגשאַפט פון געלעהרטע וועט אויסגעוועפט ווערען, פרומע וועלען פעראַכטעט ווערען און דער אמת וועט פעהלען. דער דור וועט האָבען אַ הינטיש אויסזעהן, יונגלעך וועלען מביש זיין אַלטע לייט, גרויסע מענער וועלען אויפשטעהן פאַר קליינע מענשעלעך; דער זוהן וועט בעשמוצען דעם פאָטער, די טאָכטער וועט זיך שטעלען געגען דער מוטער, די שנור געגען דער שוויגער, די שונאים פון אַ מענשען — זיינע אייגענע הויזלייט. און דער זוהן וועט קיין בושה

נישט האָבען פאַר׳ן פאָטער. אויף וועמען־זשע וועט אונז איבערבלייבען זיך אָנצושפּאַרען? — אויף אונזער פאָטער אין הימעל!

II

ר׳ זירא ווען ער פלעגט טרעפען די חכמים שמועסען וועגען משיח׳ן, פלעגט ער זיי זאָגען: איך בעט אייך, דערוויטערט נישט די גאולה. מיר האָבען אַ קבלה, אַז משיח דאַרף קומען ווי אַ מציאה, גאָר אומגערעכט.

עולא פלעגט זאָגען: זאָל ער קומען, נאָר איך זאָל איהם נישט זעהן. דאָס זעלבע פלעגט אויך זאָגען רבה. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבען נישט געוואָלט איבערלעבען די חבלי משיח *).

ר׳ יוסף אָבער פלעגט זאָגען: הלואי זאָל ער שוין קומען און איך זאָל האָבען די זכיה צו זיצען אינ׳ם שאָטען פון זיין עזעל׳ס זאָטעל!

ר׳ יהושע בן לוי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם דאָזיגען ווידער־שפּרוך:

אין איין אָרט אין דניאל ווערט געזאָגט איבער משיח׳ן: „מיט די וואָלקענס פונ׳ם הימעל וועט דער מאַן אָנקומען", אין אַ צווייטען אָרט ווידער מאָהלט זיך משיח׳ס בילד דעם נביא זכריה ווי אַן „אָרימאַן רייטענדיג אויף אַן עזעל".

— ווען יודען וועלען האָבען די ווערטה — וועט משיח קומען מיט גרויס מאַכט און פּראַכט אינ׳ם שענעם בילד פון אַ מאַן וואָס רייט אויף די וואָל־קענס; ווען זיי אָבער נישט האָבען די ווערטה, וועט ער קומען אָרים און שוואַך ווי אַן „אָרימאַן רייטענדיג אויף אַן עזעל".

---

דער פּערסישער קעניג שבור האָט איינמאָל אַ זאָג געטהון צו שמואל:

— איהר זאָגט אַז אייער משיח וועט קומען אויף אַן עזעל — איך קען איהם שיקען פון מיין שטאַהל אַ פערד אַ בליץ.

שמואל האָט איהם דערויף גלייך געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— פערמאָגסטו דען אין דיין שטאַל אַ הונדערטפאַרביגען?

III

„נעהמט זיך צונויף" — האָט יעקב אויסגערופען צו זיינע קינדער פאַר׳ן טויט זיינעם, ווען ער האָט זיי געוואָלט אוידעקען דעם קץ — נעהמט זיך צונויף אַלע אינייגעם, וועט איהר אַלע ווערען איין פערבאַנד — מעגט איהר זיך גרייטען צו דער גאולה.

ר׳ אַבא זאָגט: מען דאַרף נישט האָבען קיין מעהר אויפגעדעקטע

---

*) משיח־וועהען, די צרות, וואָס זאָלען פאָרבונדען מיט משיח׳ס צייט.

קץ ווי אין די דאָזיגע ווערטער פון׳ם נביא, וואָס האָט נביאות געזאָגט אויף דער צייט פון דער גאולה:

„איהר יודישע בערג, געוויקסע אייערע וועט איהר אַרויסבענגען
און די פרוכטען אייערע וועט איהר טראָגען,
פאַר מיין פאָלק ישראל, וואָס דערנעהענטערען זיך צו קומען"

IV

ר׳ חייא דער גרויסער און ר׳ שמעון בן חלפתא זענען אַמאָל געגאַנגען אין וועג ביינאַכט אינ׳ם טהאָל אַרבאל. דערזעהען זיי ווי עס הייבט אָן ביסלעכווייז צו טאָגען, זאָגט ר׳ חייא צו ר׳ שמעון: רבי, אַזוי וועט אָנקומען די יודישע גאולה, ביסלעכווייז, ביסלעכווייז — ביז זי וועט זיך בעווייזען מיט איהר גאַנצען שיין.

V

„שטעה אויף, מיין ליכט,
ווייל געקומען איז דיין ליכט"...

— קינדער מיינע — זאָגט דער נביא ישעיה צו יודען אין גאָט׳ס נאָמען — מיין ליכט איז אייערע, און אייערע איז מיינע, לאָמיר־זשע צוזאַמען געהן און בעלייכטען ציון.

— ירושלים — זאָגט ר׳ אושעיא — וועט נאָך אַ מאָל ווערען אַ ליכטטהורם פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט, און אַלע וועלען געהן זייער וועג נאָך איהר ליכט.

VI

„דערמאָהנט נישט דאָס אַמאָליגע,
און אויף דעם לאַנגאָנידיגען קוקט זיך נישט אום:
איך שאַף אַ נייעס, איצט וואַקסט עס אויס".

„דערמאָהנט נישט דאָס אַמאָליגע" — דעם שווערען יאָך פון גלות; „און קוקט נישט אויף דעם לאַנגאָנידיגען" — אויף יציאת־מצרים; איך שאַף אַ נייעס, איצט וואַקסט עס אויס — דאָס מיינט מען — זאָגט ר׳ יוסף — די שווערע מלחמה פון גוג ומגוג, וואָס יודען וועלען האָבען אויסצושטעהן אין משיח׳ס צייטען.

עס קומט אויס ווי איינער אַ וועגסגעהער האָט זיך אָנגעשלאָגען אין אַ וואָלף און איז פון איהם גערעטעט געוואָרען — דערצעהלט ער דעם נס פון׳ם וואָלף; שפּעטער בעפאַלט איהם אַ לייב, און ער ווערט פון איהם אויך גערעטעט — האַלט ער שוין אין איין דערצעהלען דעם נס פון׳ם לייב; נאָך שפּעטער ווערט ער גערעטעט פון אַ גיפטיגען שלאַנג — פערגעסט ער שוין די ערשטע צוויי נסים און דערצעהלט נור דעם לעצטען נס פון׳ם שלאַנג.

דאָס זעלבע איז מיט יודען: צוליב די שפעטערדיגע צרות פערגעסט מען די פריהערדיגע.

VII

„אוי די וואָס לעכצען גאָט׳ס טאָג!
וואָס נוצט אייך גאָט׳ס טאָג?
פינסטערניש איז ער אָהן ליכט”...

אויף די ווערטער פונ׳ם נביא האָט ר׳ שמלאי אין זיינער אַ דרשה געזאָגט אַזאַ משל:

דער האָהן און די פלעדערמויז האָבען ביידע אַרויסגעקוקט אויף דער זון־אויפגאַנג. רופט זיך אָן דער האָהן צו דעד פלעדערמויז: מילא איך קוק אַרויס אויף דער שיין, ווייל זי איז פאר מיר; דו אָבער, אויף וואָס דאַרפסטו זי?

דאָס זעלבע איז אויך מיט׳ן גרויסען טאָג פון גאָט. די שיין פון גערעכטיגקייט וועט זיך בעווייזען אין איהר גאַנצען גלאַנץ; וועה וועט אָבער דעמאָלט זיין צו יענע לייט וואָס האָבען געדריקט די געפאַלענע, געפייניגט די דערשלאָגענע — זיי וועט דאָס פינסטערניש פערדעקען און אַ געדיכטער נעבעל וועט זיי פערשליגען.

VIII

אַ רוימישער הגמון האָט אַמאָל געפרעגט ביים אַלטען ר׳ גמליאל׳ן:

— ווער וועט נאָך אונז, רוימער, אויף דער וועלט געוועלטיגען?

נישט אויסרעדענדיג קיין וואָרט, האָט ר׳ גמליאל געבראַכט אַ ריין שטיקעל פאַפיער, גענומען אַ פעדער און אויפגעשריבען די ווערטער פון יענעם פסוק: „און דערנאָך איז אַרויס דער ברודער זיינער, אָנגעהאַלטען מיט דער האַנד אין דעם־פוס זויל עשו׳ס”. מיט דעם האָט ער געמיינט איהם אָנצוווייזען, אַז נאַכדעם ווי עשו׳ס געוועלטיגקייט וועט זיך ענדיגען, וועט זיך אָנהויבען יעקב׳ס.

דער הגמון האָט איבערגעלייענט די אויפשריפט און אַ זאָג געטהון
— אַלטע ווערטער פון אַ נייעם זקן...

IX

ר׳ יוסי בר סימון האָט געזאָגט:

— ווען דער מלך משיח וועט קומען וועלען די אומות־העולם פון אַלע לענדער איהם פיהרען עהרען־געשאַנקען. ווי נור זיי וועלען זיך פאַר איהם פאָרשטעלען, וועט ער זיי זאָגען: עס געפינען זיך ביי אייך יודען — זיי ברענגט מיר!

# משיח.

I

„דורך דיין ליכט זאָלען מיר דערזעהן די שיין“ — זאָגט דער משורר אין תהלים צו גאָט אין נאָמען פון כנסת־ישראל — זאָלען מיר שוין, אָ גאָט, זוכה זיין צו דער אמת׳ער שיין, אויף וועלכער מיר קוקען אַרויס שוין אַזוי לאַנג — צו דער שיין פון משיח.

איידער גאָט האָט נאָך די וועלט בעשאַפען, האָט ער פאָראויסגעזעהן משיח׳ן מיט זיין דורי, און אַז ער האָט צום אָנהויב פון דער בריאה בעשאַפען די גרויסע העלע ליכט, די ליכט פון די ערשטע זיבען טעג, האָט ער געפונען, אַז די וועלט האָט נישט די ווערטה מיט אַזאַ ליכט זיך צו בענוצען, און האָט עס בעהאַלטען אונטער זיין כסא־הכבוד פאַר משיח׳ס דורי.

קומט דער שטן פאַר גאָט און זאָגט: האַר פון דער וועלט, די ליכט די בעהאַלטענע אונטער דיין כסא־הכבוד — פאַר וועמען איז עס צוגעגרייט?

— פאַר דעם — האָט איהם גאָט געענטפערט — וואָס וועט דיך פון דער וועלט פעריאָגען און דאָס געזיכט דיינס בעדעקען מיט שאַנדי.

— האַר פון דער וועלט — זאָגט ווייטער דער שטן — לאָז מיך איהם אָנקוקען.

— קום, גיב אויף איהם אַ קוק.

ווי דער שטן האָט איהם נור דערזעהן, איז ער באַלד פערציטערט געוואָרען און געפאַלען אויפ׳ן פנים.

— יאָ, דאָס איז דער משיח — האָט ער אויסגעשריגען מיט שרעק— וואָס עס וועט זיך נעהמען אויף מיר און אויף אַלע שרים *) פון די פעל־קער און אונז אַריינוואַרפען אין גיהנום אַריין.

*) יעדע אומה האָט איהר שר אין הימעל, אַ מלאך, וועלכער איז ממונה אויף איהר.

איז געוואָרען אַ טומעל צווישען די אומות־העולם: האַר פון דער וועלט, ווער איז דאָס אָט יענער, וואָס מיר וועלען אַריינפּאַלען צו איהם אין די הענד, ווי איז זיין נאָמען און וואָס איז מיט איהם דאָס מעהר?

— אפרים דער משיח פון מיין גערעכטיגקייט איז זיין נאָמען, הויך וועט ער אויפהויבען זיין קאָפּ און דעם קאָפּ פון זיין גאַנצען דור, דער־לייכטערן וועט ער די אויגען פון יודען און ברענגען די ישועה זיין פאָלק. קיין אומה־ולשון וועט געגען איהם נישט ביישטעהן און אַלע שונאים ווע־לען מיט שרעק זיך צעלויפען פאַר איהם. אפילו די טייכען וואָס פליסען אין ים וועלען זיך פאַר איהם אָבשטעלען.

דערנאָך ווענדעט זיך גאָט צו משיח און זאָגט איהם:

— אָט די דאָזיגע, וואָס דו וועסט זיי ברענגען די ישועה, זיי אַליין וועלען אויף דיר אַרויפלעגען אַן אייזערנעם יאָך, און באַלד וועלען זיי דערשלאָגען דיין געמיטה און דורך זייערע זינד וועט דיר די צונג צום גומען צוגעקלעפּט ווערען, — זאָג, געהסט אויף דעם אַלעמען איין?

— האַר פון דער וועלט — זאָגט משיח — וועט אַזאַ צער לאַנג דויערען?

— גאַנצע זיבען יאָהרען, — ענטפערט איהם גאָט — אפשר האָסטו דערפון שטאַרק פערדרוס, בין איך גרייט שוין זיי אומברענגען פון דער וועלט.

— ניין — זאָגט משיח — מיט גרויס פרייד און מיט לייב און לעבען נעהם איך אויף זיך די יסורים, נאָר איין יוד זאָל נישט אומקומען; און נישט לעבעדיגע אַליין זאָלען אין מיין צייט געהאָלפען ווערען, נאָר אויך די וואָס ליגען בעהאַלטען אין דער ערד; און נישט נור די טויטע פון דעם איצטיגען דור, נאָר אויך אַלע טויטע פון אדם־הראשון ביז היינט; אפילו נפל'עך, אפילו די וואָס דו האָסט נור פערטראַכט צו בעשאַפען — אָט וואָס איך פערלאַנג און אָט צוליב וואָס איך נעהם אויף זיך אַזעלכע ליידען.

II

זיבען יאָהר פריהער פאַר משיח'ס קומען, וועט געבראַכט ווערען אייזערנע קלעצער און אַרויפגעלעגט ווערען משיח'ן אויפ'ן האַלז, ביז ער וועט איינגעבויגען ווערען טיעף צו דער ערד. „רבונו־של־עולם! — וועט ער שרייען און וויינען אויף אַ קול ביז צום הימעל — וויפיעל נאָך כוח פערמאָג איך? צי וועל איך עס קענען אויסהאַלטען? וועט מיין מוטה זיך נישט איינברעכען? וועט עס מיין גוף איבערטראָגען? איך בין דאָך נישט מעהר ווי אַ בשר־ודם!

— אפרים, משיח פון מיין גערעכטיגקייט — וועט איהם גאָט ענט־פערען — דו אַליין האָסט שוין לאַנג דאָס אויף זיך גענומען, נאָך פון ששת ימי בראשית אָן, און צי זענען דען די ליידען דיינע גרעסער פון מיינע? איך שווער, אַז זינט נבוכדנאצר דער רשע איז בעפאַלען מיין לאַנד, פער־וויסט מיין הויז, פערברענט מיין טעמפּעל און פערטריבען מיינע קינדער צווישען די פעלקער, — פון דעמאָלט אָן בין איך אַליין ווי אַ פערוואָגעל־טער און בין נישט אַריין זיך זעצען אויף מיין שטוהל. ווילסט אַ סימן, אָט זעה דעם טוי אויף מיין קאָפּ.

— האָסט מיך בערוהיגט — זאָגט משיח דערויף — גענוג איז פאַר׳ן קנעכט צו זיין ווי זיין האַר.

III

ר׳ יצחק זאָגט: דאָס יאָהר וואָס דער מלך המשיח וועט זיך בעוויי־זען, וועלען אַלע קעניגרייכען פיהרען קריעג איינס מיט׳ן אַנדערען און די פעלקער וועלען זיין שטאַרק צוטומעלט. אַ שרעק וועט זיי אַלעמען אָנ־חאַפּען, מיט׳ן פנים צו דער ערד וועלען זיי צופאַלען און עס וועט מיט זיי דרעהען פאַר וועהטיגען.

דעמאָלט וועט אָנפאַלען אַ שרעק אויך אויף יודען; „אוי וועה, וואוהין זאָלען מיר געהן, וואו זאָלען מיר זיך הינטהון?״

— פאָרכט נישט, קינדער מיינע — וועט זיי גאָט בערוהיגען — אַלץ וואָס איך טהו איז נור צוליב אייך. פאַר וועמען האָט איהר זיך צו שרעקען? פאַר קיינעם נישט. געקומען איז שוין די צייט פון אייער רעכ־טער און לעצטער גאולה. נאָך דער גאולה וועט איהר שוין זיין בעפרייט אויף אייביג, קיינמאָל נישט וויסען קיין צער פון גלות און קיין יאָך פון פרעמדע פעלקער.

IV

און ווען די אמת׳ע צייט פון דער גאולה וועט שוין קומען, וועט דריי טעג פריהער, איידער משיח וועט זיך בעווייזען, אָנקומען אליהו הנביא, זיך שטעלען אויף די בערג פון ארץ־ישראל און אָנהויבען זיי בע־ויינען און בעקלאָגען מיט אַ קול וואָס וועט געהן פון איין עק וועלט ביז׳ן אַנדערן:

— אָ בערג פון ארץ־ישראל! ביז וואַנען וועט איהר שטעהן פער־טריקענטע און פערוויסטע און פערלאָזטע? גענוג, שוין צייט איהר זאָלט אויפגעכט ווערען! איך טראָג אַ גוטע בשורה: פריעד קומט־אָן אויף דער וועלט!

אויפ׳ן צווייטען טאָג וועט ער ווידער קומען און שטעלען זיך אויף די בערג פון ארץ־ישראל און אויסרופען: גוטס קומט־אָן אויף דער וועלט!

אויפ׳ן דריטען טאָג וועט ער קומען און אויסרופען: אַ ישועה קומט אויף דער וועלט!

און דעמאָלט וועט גאָט זיך בעוויזען מיט זיין פראַכט און מאכט פאַר דער גאַנצער וועלט, אין שפּיץ פון זיין אויסגעלעזט פאָלק ישראל.

V

אין דער צייט ווען דער מלך המשיח וועט דאַרפען נתגלה ווערען— וועט ער קומען און זיך שטעלען אויפ׳ן דאַך פון בית־המקדש און אויס־רופען הויך אַ בשורה פאַר אַלע יודען מיט די ווערטער:

— פרומע לייט, געקומען איז די צייט פון אייער גאולה! אָט זעהט די ליכט וואָס האָט איבער אייך אויפגעשיינט —

„שטעה־אויף און לייכט, דען אָנגעקומען איז דיין ליכט,
דער פראַכט פון גאָט האָט איבער דיר ערשיינט!״

און באַלד לאָזט גאָט אַרויס אין איהר גאַנצען גלאַנץ די שיין פון מלך המשיח און פון יודישען פאָלק, און אַלע פעלקער לאָזען זיך געהן נאָך דער שיין, און זיי קומען און פאַלען פאַר די פיס פון מלך המשיח און די יודען און זאָגען: מיר וועלען זיין געטרייע קנעכט ביי דיר און ביי די יודען.

VI

„שטאַרק פרעהן זיך וועל איך מיט גאָט
און מיט׳ן אַלמעכטיגען וועט קוויקען זיך מיין זעל,
ער האָט בעקליידט מיך מיט אַ קלייד פון הילף
און מיט אַ מאַנטעל פון גערעכטיגקייט מיך איינגעהילט,
ווי אַ חתן אויסגעפוצט אין פולען פראַכט
און ווי אַ כלה אין איהר שענסטער ציערונג
דען ווי געוויקס פון פעלד און גרינס פון גאָרטען
אַזוי וועט זיין גערעכטיגקייט אין הויכען רוהם
גאָט לאָזען שפראָצען געגען אַלע פעלקער״ —

מיט אַ פראַכט־קלייד, וואָס די שיין זיינע גלאַנצט פון איין עק וועלט צום אַנדערען, וועט גאָט ברוך־הוא בעקליידען דעם משיח פון גערעכטיג־קייט און דערזעהענדיג די שיין וועלען יודען אויסרופען:

גליקליך איז די שעה וואָס ער איז דאַמאָלס בעשאַפען
געוואָרען,

גליקליך אין דער מוטער׳ס בויך פון וואַנען ער איז אַרויס,
גליקליך זענען די אויגען וואָס האָבען אויף איהם אַרויסגע־
קוקט,
גליקליך איז דער דור וואָס זעהט איהם מיט די אויגען!
זיין עפענען מיט׳ן מויל — איז זעגען און פרידען,
זיין שמועס — איז אַ נחת פאַר דער געמיטה,
זיין געדאַנק — אַ בערוהיגונג פאַר דער נשמה.
וואויל איז דעם וואָס האָט איהם זוכה געווען צו זעהן!
אַ וואָרט זיינס איז סליחה ומחילה פאַר יודען.
זיין תפלה — געהט־אויף ווי אַ זיסער ריח צום הימעל
און זיין געבעט — איז ריינקייט און הייליגקייט.
וואויל איז יודען, וואָס פאַר אַ גליק עס שטעהט זיי פאָר.

VII

אַז ס׳וועט קומען משיח׳ס צייט, וועלען די אבות אויפשטעהן אין חודש ניסן, און קומען פאַר משיח׳ן און איהם אַזוי זאָגען:

— משיח פון גערעכטיגקייט, מיר זענען אפילו דיינע אבות, דאָך ביסטו גרעסער פאַר אונז, ווייל דו ביסט אָבגעקומען פאַר די זינד פון אונזערע קינדער און ביסט אויסגעשטאַנען אַזויֹנס, וואָס קיינער ביז דיר האָט פון דעם נישט געוואוסט, צו שפאָט און צו געלעכטער ביסטו געוועזען צווישען די פעלקער צוליב יודען; אין שטאָק־פינסטערניש ביסטו געזע־סען פערשפאַרט, די ליכטיגע שיין נישט געזען. די הויט אויף דיינע ביינער זענען איינגעשרונפען געוואָרען און דיין לייב איז אויסגעטריקענט געוואָרען ווי האָלץ, די אויגען זענען דיר פינסטער געוואָרען פון פאַסטען, אָהן מאַכט ביסטו געבליבען, צעבראָכען ווי אַ שאַרבען — און דאָס אַלעס איז איבער די זינד פון אונזערע קינדער. ווילסטו אונזערע קינדער זאָלען געניסען פון דעם גרויסען גליק וואָס גאָט שיקט דורך דיר פאַר דער וועלט, צי אפשר דערפאַר, וואָס דו האָסט דורך זיי געליטען, ביסטו פון זיי נישט צופריעדען?

— אבות פון דער וועלט! — וועט זיי אויף דעם ענטפערען משיח — אַלעס וואָס איך האָב איבערגעלעבט, איז עס דען נישט צוליב אייך און צוליב אייערע קינדער, כדי זיי זאָלען געניסען פון דעם גרויסען גליק וואָס גאָט האָט דורך מיר אַראָבגעשיקט?

— משיח פון גערעכטיגקייט — וועלען איהם דערויף זאָגען די אבות — בערוהיגט זאָלסטו זיין ווי דו האָסט בערוהיגט דעם בעשעפער דיינעם מיט אונז צוזאַמען.

אין יענער צייט וועט גאָט אויפהויבען משיח׳ן ביז די העכסטע הימ־לען און וועט איהם פערדעקען מיט דער שיין פון זיין פראַכט, אַ שוץ פאַר די אומות העולם, און וועט דערביי זאָגען:

— משיח מיינער פון גערעכטיגקייט, זיי דו אַ ריכטער איבער אָט די אַלע און טהו מיט זיי ווי דו פערלאַנגסט. ווען נישט מיין רחמנות איבער דיר וואָלטען די דאָזיגע שוין לאַנג דיך פון דער וועלט אומגעבראַכט אין איין אויגענבליק.

און דאָ נעהמט גאָט צוגרייטען פאַר משיח׳ן זיבען חופּות פון אַלע בעסטע איידעלשטיינער, פערל און סמאַראַגדען. פון יעדער חופּה בע־זונדער ציהען זיך פיער טייכען: פון ווייַן, פון האָניג, פון מילך און פון לויטערסטען באַלזאַם. און גאָט האַלזט איהם פאַר אַלע צדיקים אין די אויגען און פיהרט איהם אַריין אונטער דער חופּה — און אַלע צדיקים קוקען דאָס צו, ווענדעט זיך צו זיי דער אויבערשטער און זאָגט:

— צדיקים פון דער וועלט, משיח מיינער פון גערעכטיגקייט איז נאָך נישט בעלוינט געוואָרען אפילו פאַר אַ טהייל פון דעם אַלעמען וואָס ער האָט איבערגעליטען. ווארט, ס׳איז נאָך פאַרהאַן ביי מיר צו בעלוינען איהם מיט אַזוינס, וואָס קיין אויג האָט עס נישט געזעהן זינט די וועלט שטעהט.

און דאַמאָלס רופט גאָט אַרויס דעם צפון־ווינט און דרום־ווינט און בעפוילט זיי:

— קומט רוימט־אָב און בעשפריצט פאַר מיין משיח׳ן דעם וועג מיט אַלערליי בשמים פון גן־עדן.

און באַלד נאָכדעם ברענגט גאָט אליהו און משיח׳ן, און זיי קומען מיט קריגליך בוימעל אין איין האַנד און מיט וואַנדערשטעקענס אין דער אַנדערער האַנד, און אַלע יודען פערזאַמלען זיך אַרום זיי. די שכינה זיי פאָראויס און די נביאים הינטער זיי, די תורה זיי רעכטס און די מלאכים לינקס. און מען פיהרט זיי אַוועק צום עמק יהושפט, וואו אַלע פעלקער שטעהען שוין דאָרט פערזאַמעלט.

בעפוילט גאָט צו אַלע געצענדינער, עס זאָלען די אַלע איבערגעהן איבער דער בריק פון׳ם גיהנום; און ווי זיי טרעטען נור איבער איהר אַרויף, ברעכט זי זיך איין אונטער זיי ווי אַ דין שטעקעל און אַלע פאַלען אַריין אין גיהנום.

ווערען יודען פערציטערט.

— רבונו־של־עולם — זאָגען זיי מיט שרעק — אפשר וועסטו מיט אונז אויך אַזוי טהון?

— ווער זענט איהר דען? — פרעגט זיי גאָט.
— ישראל, דיין פאָלק און דיין אייגענטהום.
— ווער וועט דערויף עדות זאָגען?
— אברהם, יצחק און יעקב.
רופט גאָט אברהם'ן: וועסטו עדות זאָגען, אַז זיי זענען מיין פאָלק און איך בין זייער גאָט?
— יאָ, רבונו־של־עולם, איך בין אַן עדות.
און דאָסזעלבע ענטפערען אויך יצחק און יעקב.
אין יענער צייט נעהמט גאָט די תורה און לעגט זי צו זיך אין שויס און לאָזט בעשיינען די גאַנצע וועלט פון איין עק וועלט ביז'ן אַנדער'ן מיט'ן גלאַנץ פון יודישען פאָלק.
קומט דער מלאך גבריאל פאַר גאָט און זאָגט:
— רבונו של־עולם, לאָזען קומען די געצענדינער און צוזעהן דאָס גליק פון יודען.
טהוט זיך אַן עפען־אויף דער גיהנם, און אַלע געצענדינער געהען און קוקען־צו דאָס גליק פון יודען, פאַלען זיי אַלע אויפ'ן פנים און שרייען אויס:
— ווי פרעכטיג איז דער האַר פון דער וועלט!
ווי שען איז דאָס פאָלק זיין ליעבלינג!
גליקליך איז דאָס פאָלק וואָס האָט אַזעלכעס דערלעבט!

# תורה·

## די גרויסע ווערטה פון תורה·

I

תורה איז איינע פון די זיילען, וואס אויף זיי שטעהט די וועלט.

ווען נישט די תורה וואלטען הימעל און ערד קיין קיום נישט געהאט.

תורה גיט לעבען אויף ד ע ר וועלט און אויף י ע נ ע ר וועלט.

תורה איז ליכט.

די פראכט פון דער מענשהייט איז די תורה.

II

ס'איז פאראהאן מצוות וואס דער מענש געניסט פון זייער פרוכט אויף דער וועלט און דאס קרן זייערס בלייבט גאנץ אויף יענער וועלט. תורה־לערנען געהט זיי אלע איבער.

תורה־לערנען שטעהט העכער ווי בויען דעם בית־המקדש, העכער ווי עהרליך־האלטען פאטער און מוטער, העכער ווי כהונה און מלכות.

ר' מאיר פלעגט זאגען: אפילו א גוי, וויבאלד ער גיט זיך אב מיט דער תורה איז ער גלייך ווי א כהן־גדול.

בן בג־בג פלעגט זאגען: זוך און זוך ביי איהר (ביי דער תורה), דען אלץ איז אין איהר, אלץ וועסטו זעהן אין איהר; ווער גרוי און על־טער־זיך מיט איהר און קיין ריהר־אוועק טהו זיך נישט פון איהר, דען דו האסט נישט קיין בעסערס פון איהר".

III

אין עולא׳ס נאָמען האָט מען געזאָגט:

—זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען האָט גאָט פאַר זיך אין זיין וועלט נור איין קליין ווינקעלע: די פיער איילען פון תורה־לערנען.

ר׳ ירמיה איז איינמאל געזעסען פאַר ר׳ זירא׳ן און זיי האָבען צוזאַמען געלערענט. געקומען מנחה צייט, האָט זיך ר׳ ירמיה געריסען אויפצושטעהן תפלה צו טהון, האָט ר׳ זירא אויף איהם געזאָגט דעם פסוק:

„ווער עס בויגט־אָב זיין אויער פון הערען תורה
איז אויך די תפלה זיינע אונווירדיג״.

רבא האָט איינמאָל געזעהן ווי רב המנונא דאַווענט צו לאַנג, האָט ער אויף איהם אויסגערופען:

– מען לעגט אַוועק דאָס אייביגע לעבען און מען גיט זיך אָפּ מיט חיי שעה *)!

IV

די תורה איז פאַר׳ן מענשען אַ סם־חיים (לעבענס־עלעקסיר). עס קומט אויס ווי אַ פאָטער האָט בעשטראָפט דעם זוהן זיינעם און געמאַכט איהם אַ וואונד, נעהמט ער אַ פלאַסטער און לעגט איהם אויף דער וואונד און זאָגט איהם אָן: זוהן מיינער, ווי לאַנג דער פלאַסטער ליגט אויף דער וואונד מעגסטו עסען און טרינקען וואָס דיין האַרץ גלוסט און זיך וואַשען מיט קאַלטע און וואַרימע וואַסער און קיין זאַך וועט דיר נישט שאַדען. קוים אָבער דו נעהמסט דעם פלאַסטער אַראָב ביסטו געפעהרליך.

דאָס זעלבע האָט גאָט געזאָגט די יודען: קינדער מיינע, איך האָב אייך אַריינגעגעבען דעם יצר־הרע, איך האָב אָבער בעשאַפען געגען איהם אַ רפואָה: די תורה – וועט איהר זיך אָבגעבען מיט דער תורה זענט איהר פאַר איהם בעוואָרענט, אויב נישט – זענט איהר אין געפאַהר אַריינצופאַלען אינגאַנצען צו איהם אין די האַנד.

V

די תורה איז אין פיעל פסוקים פון תנ״ך געגליכען צו וואַסער.

וואַסער געפינט זיך אויף דער וועלט אומעדום – די תורה געפינט זיך אויך אומעדום; וואַסער איז לעבען פאַר דער וועלט – די תורה איז אויך לעבען פאַר דער וועלט; וואַסער ווערט געגעבען דער וועלט אומזיסט – די תורה ווערט אויך געגעבען דער וועלט אומזיסט; וואַסער קומט פונ׳ם הימעל – די תורה איז אויך אַראָבגעגעבען געוואָרען פונ׳ם

*) תפלה, וואו מען בעט אויף טאָג־טעגליכע בעדערפעניסען און לעבענסמיטעל.

הימעל; וואַסער קומט מיט קולות (דונערן) — די תּורה איז אויך געגעבען געוואָרען מיט קולות; וואַסער דערקוויקט דעם מענשען — די תּורה אויך; וואַסער רייניגט דעם מענשען פון אומריינקייט — די תּורה אויך; וואַסער פאַלט מיט'ן רעגען טראָפּענווייז און עס קלויבען זיך אָן גאַנצע טייכען — די תּורה לערענט אויך דעם מענשען ביסלעכווייז. היינט אַ פּאָר הלכות, מאָרגען אַ פּאָר, ביז עס ווערט אַ גרויסער קוואַל פון חכמה; וואַסער לאָזט זיך אַראָב פון דער הויך און זוכט אַן אָרט וואו נידריגער — די תּורה וואַרפט אויך אַוועק די וואָס האַלטען זיך הויך און זוכט־אָב די וואָס האַלטען זיך קליין; וואַסער האַלט מען נישט אין קיין גאָלדענע און זילבערנע כּלים נאָר אין גאָר פּושטע — די תּורה האַלט זיך אויך נישט איין נור ביי די וואָס האַלטען זיך געפאַלען; וואַסער אַז מען דאַרף, שעמט זיך נישט אַ גרעסערער צו זאָגען דעם קלענערען: גיב מיר אַ טרונק—ביי תּורה דאַרף זיך אויך דער גרעסערער נישט שעמען צו זאָגען דעם קלענערען: לערען מיך אויס איין פּרק, איין הלכה, איין פּסוק, איין אות אפילו; אין וואַסער קען דערטרונקען ווערען דער וואָס קען נישט שווימען — אין תּורה ווערט אויך פערלוירען דער וואָס ווייסט נישט איהרע וועגען.

VI

ווי פיש קענען זיך נישט האַלטען אָהן וואַסער, אַזוי קענען יודען לאַנג נישט בלייבען אָהן תּורה.

אַז יודען זענען געגאַנגען אין דער מדבר דריי טעג אָהן וואַסער איז זיי אויסגעגאַנגען די כּוחות און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעק־לאָגען; און אַז יודען בלייבען דריי טעג דורכאַנאַנד אָהן תּורה ווערען זיי אויסגעמאַטערט.

און דערפאַר האָבען די נביאים איינגעפיהרט ביי יודען, אַז מען זאָל לייענען די תּורה דריי מאָל אין דער וואָך: מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און שבת — כּדי יודען זאָל נישט אויסקומען צו בלייבען דריי טעג דורכאַנאַנד אָהן תּורה.

די תּורה פאַר די וואָס לערנען זי איז ווי דער רעגען פאַר גראָזען: זי טרייבט זייער וואוקס און הויבט זיי אויף אין דער הויך, עדעלט זיי אויס און מאַכט זיי זאַפטיגער.

VII.

ר' יהושע בן לוי זאָגט: אלע טאָג לאָזט זיך הערען אַ בת־קול פון בערג חורב (סיני), וואָס רופט אויס: וועה איז די לייט פאַר די בעליידי־גונג פון דער תּורה!

רבא זאָגט: יעדער גוף איז אַ שיידעל צו עפּיס. וואויל איז דעם, וואָס זיין גוף איז אַ שיידעל צו דער תורה.

ר׳ חנינא בן תרדיון זאָגט: אַז צוויי זיצען און פיהרען אַ שמועס נישט פון דברי־תורה, הייסט עס אַ מושב לצים (אַ געזעלשאַפט פון שפּע־טערס); אויב אָבער זיי שמועסען אין תורה, רוהט צווישען זיי די שכינה.

.VIII

עס פאַלט־אַריין אין אַ כוס פול מיט בוימעל איין טראָפּען וואַסער, גיסט זיך אַקעגען דעם אַרויס אַ טראָפּען בוימעל; געהט אַריין אין קאָפּ אַ ליצנות־זאַך, געהט אַקעגען דעם אַרויס פון קאָפּ אַ תורה־זאַך. און דאָס זעלבע אויך פערקעהרט.

ר׳ טרפון פלעגט זאָגען:

— נישט די ביזט מחויב צו פערענדיגען די אַרבייט (פון תורה לער־נען), די ביזט אָבער נישט פריי זי איינגאַנצען אָפּצולייגען; וואָס מעהר דו וועסט לערנען — מעהר לוין וועסטו בעקומען, און פערלאָזען מעגסטו זיך אויף דיין בעל־הבית (גאָט) אז ער וועט דיר פאַר דיין אַרבייט בעלוינען.

## אָרים און רייך.

די חכמים האָבען געזאָגט:

— אַן אָרימאַן און אַ רייכער קומען אויף יענער וועלט פאַר׳ן בית־דין של מעלה: פרעגט מען דעם אָרומאַן: פאַר וואָס האָסטו זיך נישט אָבגעגעבען מיט תורה? פּרובט ער זיך פערענטפערן: „איך בין געווען אָרים, פערטראָגען, שטענדיג אין זוכען פרנסה” — זאָגט מען איהם: ביסטו אפשר געווען אָרימער פאַר הלל׳ן?

מען דערצעהלט פון הלל׳ן:

אַלע טעג פלעגט הלל זיך פערדינגען אויף אַרבייט און בעקומען לוין אַ טראָפּייעיק*) דערפון פלעגט ער האַלב אַוועקגעבען דעם טויער־היטער פון בית־המדרש, ער זאָל איהם אַריינלאָזען הערען תורה, און האַלב איז איהם פערבליבען אויף לעבענסמיטעל פאַר זיך און פאַר זיין הויז־געזינד. מאַכט זיך איינמאָל אַז ער האָט אַ גאַנצען טאָג געזוכט און נישט בעקומען וואו צו פערדינען, קומט ער צו פאַר נאַכט צום בית־המדרש, לאָזט איהם אַהין דער היטער אָהן געלד נישט אַריין, קלעטערט ער אַרויף אויפ׳ן דאַך און שפּאַרט זיך אָן דאָרט נעבען שיין־פענסטערל דאָ אַרום אויפצוחאַפּען אַ לעבעדיגס גאָט׳ס וואָרט פון די צוויי גרויסע

*) אַ גריכישע מטבע = אַ האַלבער דינר.

לעהרער׳ס מויל, פון שמעיה און אַבטליון. אויסגעקומען איז עס אין אַ ווינטערדיגען פרייטאָג, טבת־צייט, און ווי הלל ליעגט דאָ אַזוי פערטיעפט אין הערען, פאַלט דערווייל אויס אַ שניי, געהט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט איהם פערשאָטען. שבת פאַר טאָג זאָגט שמעיה צו אבטליון: אבטליון ברודער, אַלע טאָג אין דער צייט איז שוין דאָ אין הויז ליכטיג און היינט איז נאָך אַזוי פינסטער, וואָס בעטייט עס? זאָל דאָס זיין אַזאַ וואָלקען־טאָג? גיבען זיי אַ קוק אַרויף און דערזעהן עפּיס אַ מענשען־געשטאַלט אויבען אין פענסטערל. איז מען אַרויף אויפ׳ן דאַך, געפינט מען הלל׳ן דאָרט ליגען אונטער אַ באַרג שניי פון דריי איילען די הויך. נעהמט מען איהם אַראָב, מען וואַשט איהם אַרום און מען שמירט־איס זיין לייב מיט בוימעל און מען מאַכט אַ פייער איהם צו דערוואַרעמען, ער זאָל קומען צו זיך. „צוליעב אָבּראַטעווען דאָס לעבען פון אַ זעלכען — האַבען געזאָגט די לעהרער — מעג מען מחלל שבת זיין״.

גיט מען אַ פרעג דעם רייכען: און דו פאַרוואָס האָסטו זיך נישט אָבגעגעבען מיט תורה? פערענטפערט ער זיך: „איך בין געווען רייך, פערטראָגען תמיד אין גרויסע געשעפטען״ — זאָגט מען איהם: ביסטו אפשר רייכער געווען פון ר׳ אלעזר בן חרסום?

מען דערצעהלט פון ר׳ אלעזר בן חרסום, אַז דער פאָטער האָט איהם איבערגעלאָזט ירושה טויזענד שטעדטליך אויף דער יבשה און טויזענד שיפען אויפ׳ן ים. פלעגט ער נעהמען מיט זיך אַ זעקיל מיט ברויט אויף די אַקסלען און אַרומוואַנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאַנד צו לאַנד צו לערנען תורה. איינמאָל קומט ער אין זיינס אַ שטעדטיל, וואו אפילו זיינע אייגענע קנעכט האָבען איהם דאָרט נישט געקענט. האָבען זיי איהם איבערגענומען, געוואָלט איהם נויטען, ווי יעדען לייזיגגעהער, אָב־צוטהון די צווינג־אַרבייט פאַר דעם אייגענטהימער. בעט ער זיך ביי זיי: לאָזט מיך אָב, איך וויל געהן לערנען תורה. שווערען זיי זיך ביים לעבען פון זייער האַר ר׳ אלעזר בן חרסום, אַז זיי ווילען איהם נישט אָבלאָזען — ביז ער האָט געמוזט זיך אויסקויפען ביי זיי פאַר געלד. און אזוי איז ר׳ אלעזר בן חרסום געזעסען טאָג און נאַכט און געלערענט תורה, און אַלע זיינע גיטער זענען איהם קיינמאָל גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

קומט־אויס, אַז הלל בעשולדיגט די אָרימע לייט און ר׳ אלעזר בן חרסום — די רייכע.

## שכל און פערשטאַנד.

אליהו, דערמאָהנט זאָל ער ווערען צו גוטען, דערצעהלט:

— איינמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג, בעגעגענט מיך אַ מענש.

געהט מיט מיר און ווערטעלט זיך און מאַכט זיך איבער מיר לוסטיג. זאָג איך איהם: זוהן מיינער, וואָס וועסטו ענטפערען ביי׳ם יום הדין, אַז מען וועט דיך פרעגען פאַרוואָס האָסטו קיין תורה נישט געלערנט? זאָגט ער: איך קען ענטפערען, גאָט האָט מיר נישט געשענקט גענוג שכל און פערשטאַנד און מוח צו לערנען. פרעג איך איהם: זוהן מיינער, מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך? — איך בעשעפטיג זיך — ענטפערט ער מיר — מיט פאַנגען פויגעל און פיש. פרעג איך איהם ווייטער: ווער האָט דיר געגעבען שכל און פערשטאַנד אויסצוזוכען פלאַקס, איהם שפינען, אויספלעכטען נעטצען און פאַנגען מיט זיי פיש און עופות און פערקויפען זיי אין מאַרק? — גאָט — זאָגט ער — האָט עס מיר געגעבען. זאָג איך איהם: אויסצוזוכען פלאַקס, איהם שפינען, אויספלעכטען נעטצען און פאַנגען מיט זיי פיש און פויגעל האָט דיר יאָ גאָט געגעבען שכל און פערשטאַנד, און פאַר דער תורה, איבער וועלכער עס ווערט געזאָגט, אז זי איז „זעהר נאָהענט" צום מענשען און ס׳איז גאָר לייכט זי צו דערגרייכען, — פאַר איהר פערמאָגסטו נישט קיין שכל און פערשטאַנד?

## די בעסטע מלאכה.

ר׳ נהוראי פלעגט זאָגען:

— איך שטעל־אַוועק אלע מלאכות פון דער וועלט און לערען מיין זוהן נור תורה, ווייל דער מענש געניסט פון איהרע פרוכט אויף דער וועלט און דאָס קרן בלייבט פאַר איהם איבער גאַנץ אויף יענער וועלט. ביי אַלע אַנדערע מלאכות איז נישט אזוי, און אַז אַ מענש ווערט קראַנק אָדער אַלט און קען זיך נישט אָבגעבען מיט זיין מלאכה — שטאַרבט ער פון הונגער, די תורה אָבער שטעהט־ביי דעם מענשען אין אַלע זיינע נויטען און היט איהם פון אַלעס בעז אין דער יוגענד און פערזאָרגט איהם מיט אַ שען און אַ רוהיג לעבען אויף דער עלטער.

## די בעסטע סחורה.

I

„אַ גוטען איינקויף האָב איך אייך געגעבען:
מיין תורה פערלאָזט נישט" —

תורה איז די בעסטע סחורה. צוויי סוחרים, אַ שטייגער, האָבען יעדער אַ בעזונדער מין סחורה, איינער זיידענס און דער אַנדערער וואָלענס, און זיי מאַכען צווישען זיך אַ בייט. בלייבט אַלץ יעדער פון זיי נור ביי

איין מין. תּורה אָבער, ווען איינער איז אַ וואויל־געלערענטער אין איין מסכת און דער אַנדערער אין אַ צווייטער מכסת. בלייבט יעדער פון זיי ביי ביידע מסכתּות — איז נישט תּורה די בעסטע סחורה?

II

איינער אַ וואויל־געלערענטער האָט אָבגערייזט אין אַ שיף צוזאַמען מיט פיעל סוחרים, דערפרעגען זיי זיך ביי איהם: וואו איז דיין סחורה? ענטפערט ער זיי: מיין סחורה איז פיעל בעסער פון אַלע אייערע. זוכט מען אין דער שיף אין אלע ווינקעלעך און מען געפינט גאָרנישט. הויבט מען אָן פון איהם צו לאַכען. אין מיטען ים בעפאַלען איבער די שיף רויבער און רויבען אַוועק פון די רייזענדע זייער גאַנץ פערמעגען. ווי די סוחרים זענען געקומען צו אַ שטאָדט זענען זיי אַראָב הוילע און הונגעריגע און זיך אַרומגעדרעהט אין די גאַסען און נישט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. דער וואויל־געלערענטער אָבער איז אַריין גלייך אין בית־המדרש און זיך געשטעלט דרש'ענען פאַר'ן עולם. אַז די שטאָדט־לייט האָבען געזעהן דאָס ער איז אַזאַ גרויסער געלערענטער, האָבען זיי איהם גרויס כּבוד אָנגעטהון און איהם פערזאָרגט מיט אַלע זיינע בעדערפענישען. דערוויסען זיך דערפון יענע סוחרים, קומען זיי צו איהם און בעטען איהם איבער אויף דעם וואָס זיי האָבען איהם פריהער אויסגעלאַכט, און זאָגען איהם: מיר בעטען דיך, דו ווייסט דאָך יאָ ווער מיר זענען, רעד־אויס פאַר אונז אַ גוט וואָרט פאַר די שטאָדט־לייט מען זאָל אונז נישט דערלאָזען אויסגעהן פאַר הונגער. זאָגט ער זיי: האָב איך אייך דען נישט געזאָגט, אַז מיין סחורה איז בעסער פון אייערע? אייערע איז פערלוירען געגאַנגען, מיינע איז געבליבען — תּורה איז פאָרט די בעסטע סחורה.

## אַן אָרט פון תּורה.

ר' יוסי בן קסמא האָט דערצעהלט:

— איינמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג, בעגעגענט מיך איינער בעגריסט מיך און פערפיהרט מיט מיר אַ שמועס, —רבי—פרעגט ער מיך — פון וואָס פאַר אַן אָרט ביסטו? ענטפער איך איהם: פון אַ גרויסער שטאָדט, אַ שטאָדט פון חכמים און וואויל־געלערענטע, — רבי — זאָגט ער מיר ווידער — אפשר וואָלסטו בעשטאַנען זיך בעזעצען ביי אונז אין שטאָדט, וועלען מיר דיך אָבגילטען. זאָג איך איהם: איך זאָל וויסען אַפילו, אַז איהר וועט מיר אָבגעבען דאָס גאָלד און זילבער מיט די דימענטען און בריליאַנטען פון דער גאַנצער וועלט — וועל איך בלייבען וואוינען נישט

ערגעץ אנדערש נאר אין אן ארט פון תורה· ווי דוד המלך זאגט: „בעסער איז מיר די לעהרע פון דיין מויל אלס טויזענדער גאלד און זילבערשטיק“· און אויך דאס: געהט א מענש פון דער וועלט· בעגלייטען איהם נישט דאס גאלד און זילבער און נישט דימענטען און בריליאנטען· נאר תורה און גוטע מעשים·

## אייגענשאפטען· נויטיגע די תורה צו ערווערבען·

I

די תורה ווערט ערווארבען דורך אכט און פערציג אייגענשאפטען: דורך לערנען· איינהערען זיך· קלאר אויסרעדען· גלייכען פערשטאנד· אינערליכע פערטיעפונג· ערהפורכט· פרומקייט· עניוות· מונטערקייט· ריינקייט· בעדיענען געלעהרטע· אויסדרינגען צוזאמען מיט חברים· פלפול מיט תלמידים· געזעצקייט· וויסען מקרא און משנה· ווענינ האנדלען· ווענינ שלאפען· וועניג שמועסען· ווענינ פערגניגען זיך אנטהון· וועניג לאכען· וועניג פערקעהרען מיט דער וועלט· איינגעהאלטענקייט פון כעס· גוטהארציגקייט· גלויבען אין חכמים· אננעהמען יסורים· וויסען פאר זיך דאס פלאץ· צופריעדען זיין מיט דעם וואס מ׳האט· מאכען א צוים צו אייגענע רעד· נישט זאגען זיך אליין א דאנק; בעליעבט זיך מאכען· ליעבען גאט· ליעבען לייטען· ליעבען גוטס־טהון ליעבען שטראף אויסצוהערען· ליעבען גערעכטיגקייט· דערווייטערען זיך פון כבוד· נישט איבערנעהמען זיך ביים לערנען· נישט פרעהען זיך ארויסצוטראגען א פסק; מיטראגען מיט׳ן חבר די יאך און דן זיין איהם צו גוטען· איהם שטעלען אויפ׳ן אמת· דערברענגען צו שלום· בעפריעדיגט זיין מיט׳ן לערנען· פרעגען און ענטפערען· אויסהערען און אליין אין דעם אויפטהון· לערנען כדי צו קענען מיט אנדערע לערנען און לערנען כדי צו טהון; אויפקלערען דעם לעהרער· איבערגעבען דאס וואס מ׳הערט פונ׳ם לעהרער פינקטליך און איבערזאגען א זאך אין נאמען פון דעם· וואס האט עס געזאגט·

II

זאלסט נישט זוכען קיין גרויסקייט פאר זיך און זאלסט נישט בעגערען קיין כבוד· מעהר וויפיעל דו לערנסט זאלסטו נישט טהון· און זאלסט נישט גלוסטען נאך דעם טיש פון פירשטען· דען דיין טיש איז גרעסער ווי זייער טיש און דיין קרוין איז גרעסער ווי זייער קרוין· און דיין ארבייט־געבער איז בעגלויבט דיר צו בעצאהלען דעם לוין פאר דיין ווערק·

ווער עס האַלט זיך קליין איבער דער תּורה אויף דער וועלט — וועט גרויס זיין אויף יענער וועלט, און ווער עס פערשקלאַפט זיך איבער דער תּורה — וועט פריי זיין אויף יענער וועלט.

---

ר׳ עקיבא האָט געזאָגט: ווער עס נעהמט זיך איבער מיט זיין קענען לערנען — איז גלייך צו אַ נבלה אַ צעלעגטע אין מיטען וועג, יעדער פערבייגעהער פערשטעלט זיך די נאָז, דרעהט זיך אויס און איילט זיך פון דאָרט אַוועקצוגעהן.

---

בן עזיא האָט געזאָגט: ווער עס לאָזט זיך אַראָב צוליב דער תּורה, עסט אַ פערדאַרט שטיקעל ברויט מיט ציבעלע און געהט אָנגעטהון אין שמאַטעס, און זיצט־איבער גאַנצע טעג און וואַלגערט זיך פאַר די טהירען פון געלעהרטע, אַזוי אַז יעדער פערבייגעהער טייט אויף איהם מיט די פינגער ווי אויף אַ ווילדען מענשען — דער ווערט צום סוף אַליין אַ געלעהרטער און דו געפינסט ביי איהם אַן אוצר פון דער תּורה.

„די קלוגשאַפט געפינט זיך פון נישט״ — אויף דעם דאָזיגען פסוק אין איוב האָט ר׳ יוחנן געזאָגט: די תורה קען זיך איינהאַלטען נור ביי דעם, וואָס האַלט זיך גלייך ווי ער ווייסט ג אָ ר נ י ש ט.

„די הכמה־זינגט אויס אין דרויסען״ — אויף דעם פסוק אין משלי האָט רבא געזאָגט: „לערן אין דער שטיל ביי זיך אין צימער אינווענינ — די תורה דיינע וועט שוין איבער דיר אַרויסרופען אין דרויסען.

די תּורה — איהר שיך איז ענוות, איהר קרוין — פרומקייט.

---

ר׳ יוחנן בן זכאי פלעגט זאָגען: אויב דו האָסט געלערנט פיעל תּורה גיב זיך נישט קיין דאַנק דערפאַר, דען דערויף ביזטו געשאַפען.

III

אַזוי איז די אַרט פון תּורה לערנען! ברויט מיט זאַלץ זאָלסטו עסען און וואַסער מיט אַ מאָס זאָלסטו טרינקען, און אויף דער ערד זאָלסטו שלאָפען און אַ לעבען פון נויט זאָלסטו לעבען, און מיהען זאָלסטו זיך איבער די תּורה. אויב דו טהוסט אַזוי, וואויל איז דיר און גוט איז דיר—וואויל איז דיר אויף דער וועלט און גוט איז דיר אויף יענער וועלט.

---

ר׳ יונתן זאָגט: דער וואָס איז מקיים די תּורה און אָרימקייט וועט ער זי אַמאָל מקיים זיין אין רייכקייט; און דער וואָס פערלאָזט די תּורה צוליב רייכקייט וועט ער זי אַמאָל פערלאָזען צוליב אָרימקייט.

ר׳ מאיר זאָגט: וואָס וועניגער גיב זיך אָב מיט געשעפט און בע־שעפטיג זיך מיט דער תּורה, און האַלט זיך קליין פאַר יעדען מענשען. אויב די ווילסט פערלאָזען די תּורה וועסטו האָבען פאַר זיך אַ סך שטע־רונגען, אויב די וועסט אָבער בעשעפטיגען זיך מיט דער תּורה איז פאַרהאַן פיעל בעלוינונג דיר צו געבען.

IV

„נישט אויפ׳ן הימעל איז זי (די תּורה)״ — נישט ביי די, וואָס פערררייסען דעם קאָפּ אין דער הויך; „און נישט פון יענער זייט ים״—נישט ביי די, וואָס לאָזען זיך אין ווייטע מדינות האַנדלען און וואַנדלען.

---

„דאָס טומלען זיך צעשטרייעט דעם קלוגען״ — ווערט געזאָגט אין קוהלת. גיט זיך אָב אַ געלעהרטער מיט צופיעל זאַכען ווערט זיין חכמה צומישט; גיט זיך ווידער אָב אַ געלעהרטער מיט קהל׳שע זאַכען — פערגעסט ער דאָס לערנען זיינס.

ר׳ יהושע בן לוי דערצעהלט: זעכציג הלכות האָט מיך ר׳ יהודה בן פדיה אויסגעלערענט אין איין ענין, האָב איך זיי אַלע פערגעסען ביז איינע, און נור דערפאַר וואָס איך האָב זיך אבגעגעבען מיט קהל־זאַכען.

V

ר׳ שמעון בן יוחאי זאָגט: תּורה איז איינע פון די גוטע מתנות, וואָס דער מענש בעקומט זיי נור דורך יסורים, ווי דער משורר אין תהלים זאָגט: „וואויל איז דעם מענשען וואָס דו (גאָט) בעשטראָפסט איהם — און מיט דער תּורה דיינע בעלעהרסטו איהם״.

אַזעלכע יסורים, וואָס שטערען נישט דעם מענשען צום לערנען — הייסען „יסורים של אהבה״ (ליעבע־ליידען).

ר׳ ביסנא זאָגט: ס׳איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין מענש אָהן יסורים, איינער שלאָפט נישט פאַר צייהנוועטיג, איינער — ווייל ער מיהט זיך אין דער תּורה. דער איז וואַך אין יענער איז וואַך — וואויל איז דעם מענשען וואָס איז וואַך צוליב דער תּורה.

VI

צוליב תּורה מוז מען אַמאָל זיין אַן אַכזר אויף אייגענע ווייב און קינדער.

אז ר׳ אדא בר מתנה האָט זיך אַוועקגעלאָזט לערנען תּורה, פרעגט איהם דאָס ווייב: וואָס וועל איך טהון מיט די קינדער? ווער וועט זיי שפייזען?

— האָבּען זיך אויסגעלאָזט שילפען (טשערעט) ביי די טייכען ? — האָט ער איהר אָבגעענטפערט.

VII

ר׳ יצחק זאָגט : זאָגט דיר עמיצער : „איך האָב זיך בעמיהט און נישט ערררייכט״ — גלויב נישט ; „זיך נישט בעמיהט און עררייכט — גלויב נישט ; „זיך בעמיהט און עררייכט״ — גלויב.

VIII

ר׳ אליעזר פלעגט זאָגען :

אַלע ימים זאָלען זיין טינט, אַלע שילפען — פענעס, הימעל און ערד — פּאַרמעט, און אַלע מענשען שרייבער — וועט עס נישט קלעקען צו פערשרייבען אין גאַנצען די תורה וואָס איך האָב אויסגעלערענט ; און איך האָב פון איהר נישט געמינדערט מעהר ווי אַן איינגעטונקט פענזיל פונ׳ם ים.

ר׳ עקיבא זאָגט: איך פיהל זיך נישט אין כוח צו זאָגען ווי מיינע לעהרער: זיי האָבּען דאָך עטוואָס פון דער תורה געמינדערט, איך אָבער האָב פון איהר קיין האָר נישט געמינדערט, ווי עס ווערט נישט געמינדערט פונ׳ם אתרוג אַז מען שמעקט איהם, פונ׳ם קוואל אַז מען שעפט פון איהם, פונ׳ם ליכט אַז מען צינדט ביי דעם אָן אַ צווייטע.

IX

בן עזאי איז אינמאָל געזעסען און גע׳דרש׳עט, און אַ פייער האָט זיך אַרום איהם צופלאַמט. געהט מען און מען דערצעהלט עס ר׳ עקיבא׳ן. קומט צו איהם ר׳ עקיבא און זאָגט איהם: מ׳האָט מיר איבערגעגעבען אַז דו האָסט גע׳דרש׳עט און אַ פייער האָט אַרום דיר געפלאַמט.

— אַזוי איז טאַקי געווען — ענטפערט בן עזאי.

— האָסטו זיך נישט פערטיעפט אין אַ שמועס איבער מעשה מרכבה*) ?

— ניין — זאָגט בן עזאי — נאָר איך בין געזעסען און אויפגעציעלעט איינס אויפ׳ן אַנדערען תורה־ווערטער, פון תורה איבערגעגאַנגען צו נביאים, פון נביאים צו כתובים — האָבּען די ווערטער געבלאַנקט שפּאָגעלנייע און זאַנפט זענען זיי געווען ווי נאָר־וואָס געגעבענע פון סיני. זענען זיי דען אויפ׳ן באַרג סיני פון אָנהויב־אָן נישט דורך פייער דער וועלט געגעבען געוואָרען?

*) הויכע און טיפע ענינים פון די סודות התורה.

# ליעבע צו דער תורה.

I

ר׳ חנינא בן חכינאי און ר׳ שמעון בן יוחאי האָבען זיך אַוועקגע־לאָזט צו ר׳ עקיבא אין בני־ברק צו לערנען תורה. האָבען זיי דאָרט פערבראַכט גאַנצע דרייצעהן יאָהר. פלעגט ר׳ שמעון בן יוחאי אָפט שי־קען צו געוואָהר־ווערען וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין דער היים. ר׳ חנינא בן חכינאי אָבער האָט דאָס נישט געטהון.

איינמאָל בעפוילט דאָס ווייב ר׳ חנינא בן חכינאי: „דיין טאָכטער איז שוין אַ דערוואַקסענע, ס׳איז שוין צייט זאָלסט קומען זי חתונה מאַכען". האָט ער גענומען ערלויבעניש ביי ר׳ עקיבא און איז אַוועק צו זיך אַ היים. געקומען צו זיך אין שטאָדט, געפינט ער אַז די גאַסען האָבען זיך אין דער צייט אינגאַנצען געענדערט און ער האָט נישט געוואוסט וואו איז זיין הויז. זעצט ער זיך ביי׳ם ברעג טייך. הערט ער ווי די וואַסער־שעפערינס רופען זיך אָן צו איינער פון זיי: „חכינאי׳ס טאָכטער, נעהם־אָן אַ קרוג וואַסער און לאָמיר געהן". טראַכט ער זיך: זעהט־אויס, דאָס איז פון מיין הויז. געהט ער נאָך יענער, ביז זי איז אַריין אין אַ שטוב און ער נאָך איהר. איז גראָד זיין ווייב געזעסען דעמאָלט און געזיפט מעהל, ווי זי גיט אזוי אַ קוק דערזעהט זי איהם פלוצים שטעהן פאַר זיך — און פאַלט טויט־חלשות.

— ארימע! — שרייט ער אויס, אויפהויבענדיג די אויגען צום הימעל — אָט דאָס איז אַזאַ בעלוין פאַר אַזוי פיעל יאָהרען ליידען!? דערבאַרעם זיך אויף איהר, רבונו־של־עולם!

איז זי באַלד געקומען צו זיך און געעפענט די אויגען.

II

ר׳ חמא בר ביסא האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פרעמד לערנען און פערבראַכט דאָרט אין בית־המדרש גאַנצע צוועלף יאָהר. געקומען דערנאָך צוריק אין זיין שטאָדט, טראַכט ער זיך: איך וועל נישט טהון אַזוי ווי בן חכינאי. געהט ער אַוועק אין בית־המדרש, בלייבט דאָרט וואַר־טען און שיקט אַ היים אָנזאָגען אַז ער איז געקומען.

דערווייל קומט־אַריין אין בית־המדרש אַ יונגערמאַן און זעצט זיך אַוועק נעבען ר׳ חמא׳ן. פערפיהרען זיי ביידע אַ שמועס אין לערנען. זעהט ר׳ חמא, אַז דער יונגערמאַן האָט אַ שאַרפען קאָפּ און קען פיעל לערנען. פאַלט ער אַריין אין מרה־שחורה און טראַכט זיך: אַך, וואָלט

איך געבליבען אין דער היים וואָלט דאָך מיין זוהן ביי מיר אויך געקענט אויסוואַקסען אַזעלכער ווי דער!

שפעטער אַז ר׳ חמא איז אַריינגעקומען צו זיך אין הויז, איז באַלד נאָך איהם אַהין געקומען אויך יענער יונגערמאַן. מיינט ר׳ חמא, אַז געקומען איז ער ביי איהם פרעגען אַ דבר־הלכה, שטעלט ער זיך פאַר איהם אויף.

רופט־אויס דאָס ווייב: וואו האָט מען דאָס געזעהן, אַז אַ פאָטער זאָל שטעהן פאַר זיין זוהן? דאָס איז דאָך אונזער קינד אושעיא!

דערהערט דאָס, האָט זיך ר׳ חמא שטאַרק דערפרעהט און האָט אויס־גערופען מיט די ווערטער פון קוהלת:

— „דער פאָדים אין דרייען־געדרעהטער וועט זיך נישט גיך איבערריי׳סען״ — ווײבאַלד דריי דורות כסדר, פון מיין פאָטער ביז מיין זוהן האַלט זיך אין אונזער הויז די תורה, בין איך זיכער אויף ווייטער, אַז קיינמאָל וועט זי זיך שוין פון אונזער הויז נישט אויסלאָזען.

III

רבא האָט געשיקט זיין זוהן נאָך דער חתונה זיינער אין ר׳ יוסף׳ס בית־המדרש אויף זעקס יאָהר צו לערנען תורה. אַוועק דריי יאָהר האָט זיך דער יונגערמאַן פערבענקט נאָך זיין הויז־געזינד און זיך אומגעקעהרט אַהיים צו זעהן זיך מיט זיינע אייגענע, איז ער אָנגעקומען אַהיים פונקט ערב יום־כפור. דערהערט דאָס זיין פאָטער, האַפּט ער אַ שטעקען און לויפט אַקעגען איהם אַרויס.

אַ דו יונגאַטש איינער! — פאַלט ער אויף איהם אָן — ס׳האָט דיך געצויגען צו דיין טייבעל־ווייבעל!

האָבען זיי זיך אַזוי ווייט פערקאַמפערט, אַז זיי האָבען אַפילו נישט פערפאַסט מיט דער סעודה המפסקת.

IV

איינער אַ כופר האָט געזעהן ווי רבא איז פערטיעפט שטאַרק אין לערנען, אַזוי אַז ער האָט נישט געשפירט ווי זיין פינגער האָט זיך צו־קלעמט ביז צום בלוט. רופט ער זיך אָן:

— אָט דאָס הייסט אַ פאָלק אַ מבוהל! דאָס מויל האַפּט פאַר די אויערען, אויסגעשריגען „נעשה״ (מיר וועלען טהון) פאַר „נשמע״ נאָך איידער מען הערט וואָס מען הייסט טהון, צי מען וועט עס קענען אויס־פיהרען. אָט אַזעלכע זענט איהר געווען און אזוי זענט איהר פערבליבען ביז היינטיגען טאָג!

מיר — ענטפערט איהם רבא — קליגען זיך נישט צופיעל, אויף אונז איז געזאָגט געוואָרען: „דאָס תמימות פון די גראַדע לייט פיהרט זיי (אויפ'ן רעכטען וועג)"; אויף אייערע לייט אָבער, וואָס זענען פערדרעהט און ווילען יענעם פערדרעהען, איז געזאָגט געוואָרען די צווייטע העלפט פון דעם זעלבען פסוק: „דאָס פערדרעהעניש פון די פערדרעהטער פערפיהרט זיי אין אן אומגליק".

V

די תורה ביי די וואָס לערנען זי איז ליעב יעדער טאָג און יעדע שעה פונקט ווי די ערשטע שעה ווען מ'האָט זי אַראָבגעגעבען פון באַרג סיני.

---

דאָס זויגענדיגע קינד געפינט אין דער מוטערס ברוסט אַלע מאָל פרישע און זיסע מילך, אַזוי געפינט דער לערנער אין דער תורה אַלע מאָל אַ פרישען טעם און אַ נייעם געשמאַק.

VI

ר' אלעזר בן פדת פלעגט זיין אַזוי אַריינגעלאָזט אין דער תורה, אַז ער אַליין פלעגט זיצען און לערנען אין אונטערשטען מאַרק פון צפורי און דער אויבערמאַנטעל זיינער פלעגט בלייבען ליגען ערגיץ אויף דער ערד אין דעם אויבערשטען מאַרק, וואו ער האָט עס לויפענדיג אין בית־המדרש דאָרט פערלוירען.

— איינמאָל — דערצעהלט מען — האָט איינער געוואָלט דעם מאַנטעל צונעמען, האָט יענער אָבער געפונען אויף איהם ליגען אַ גיפטיגע שלאַנג.

VII

ווי די פיש וואָס וואַקסען אַליין שטענדיג אין וואַסער, און פון דעסטוועגען ווי עס פאַלט נאָר אַראָב אַ טראָפּען רעגען פון אויבען, חאַפּען זיי עס אויף מיט דורשט, גלייך ווי זיי האָבען אויף זייער לעבען קיינמאָל קיין וואַסער נישט פערזוכט, — אַזוי אויך יודען, חאָטש זיי ווייקען זיך אין תורה, ווי זיי דערהערען נור אַ ניי וואָרט פון תורה חאַפּען זיי עס אויף מיט דורשט גלייך ווי זיי האָבען קיינמאָל קיין תורה נישט פערזוכט.

VIII

ר' אביה האָט זיך איינמאָל אומגעקעהרט פון קסריה אַהיים, האָט דאָס פנים ביי איהם געשטראַהלט פאַר שמחה. האָבען עס די תלמידים

בעֶמעֶרקט, געֶהעֶן זיי און דעֶרצעֶהלעֶן עֶס ר׳ יוחנן: ר׳ אביה, זעֶהט־אויס, האָט געֶפונעֶן אַן אוצר.

— פון וואַנעֶן ווייסט איהר? פרעֶגט זיי ר׳ יוחנן.

— דאָס פנים — עֶנטפעֶרן זיי — שטראַהלט איהם פאַר גרויס פרייד

— ווייזט־אויס — זאָגט זיי ר׳ יוחנן — אַז עֶר האָט זיך דעֶרוואוסט אַ נייעֶס אין דעֶר תורה.

דעֶרפרעֶגעֶן זיך די תלמידים ביי ר׳ אַביה: וואָס פאַר אַ נייעֶס האָט דעֶר רבי געֶהעֶרט אין דעֶר תורה?

— איך בין געֶוואָהר־געֶוואָרעֶן פון אַן אַלטעֶר תוספתא — האָט עֶר זיי געֶעֶנטפעֶרט מיט אַ שיינעֶנדיג פנים.

IX

אַ גוי האָט בעֶמעֶרקט אַז ביי ר׳ יהודה בן אלעאי איז דאָס פנים רויט. זאָגט עֶר: נישט אַנדעֶרש, אַז דעֶר פעֶרנעֶהמט זיך מיט איינס פון די דריי זאַכעֶן: אָדעֶר עֶר איז אַ וואָכערניק, אָדעֶר אַ חזיר־גני, אָדעֶר אַ וויינטרינקעֶר.

דעֶרהעֶרט עֶס ר׳ יהודה, רופט עֶר זיך אָן: ווי לאַנג שמאַכט עֶר צי איינס פון די דריי זאַכעֶן איז אמת. נישט קיין וואָכעֶרעֶר בין איך און נישט חזירים האָדיוועֶ איך —ביידעֶ זאַכעֶן זעֶנעֶן יודעֶן פעֶר־וועֶהרט. און קיין ווין טרינק איך אויך נישט. אויסעֶר די פיעֶר פסח׳דיגעֶ כוסות, אי דאָס געֶה איך פון זיי אַרום מיט אַ קאָפּ־וועֶהטאָג ביז שבועות.

— פון וואָס־זשעֶ פאָרט איז דאָס פנים ביי דיר אזוי רויט?—פרעֶגט מעֶן איהם.

— פון דעֶר תורה — עֶנטפעֶרט עֶר — זי גיט מיר חיות און זי בעֶשייגט מיר דאָס פנים.

## לעֶרנעֶן תורה צוליב איהר אַליין.

I

אַ מעֶנש טאָר נישט זאָגעֶן: איך ווע́ל לעֶרנעֶן, כדי מעֶן זאָל מיך רופעֶן געֶלעֶהרטעֶר, רבי, כדי איך זאָל ווערעֶן ראש־ישבה; נאָר לעֶרנעֶן זאָלסטו תורה לשמה, אויס ליעֶבעֶ צו איהר אַליין — און דעֶר כבוד וועֶט דיך שוין נישט אויסמיידעֶן.

II

ר׳ צדוק פלעגט זאָגען: מאַך נישט זי (די תורה) פאַר אַ קרוין צו שטאָלצירען דערמיט און נישט קיין אינסטרומענט צו פערדיענען מיט דעם. ווי הלל פלעגט זאָגען: „בענוצט זיך ווער מיט דעם קרוין (פון תורה), מוז ער אונטערגעהן״.

III

ר׳ מאיר זאָגט: דער וואָס בעשעפטיגט זיך מיט תורה צוליב איהר אַליין איז זוכה צו פיעל זאַכען. און נישט נור דאָס, נאָר די גאַנצע וועלט קומט איהם. ער ווערט אָנגערופען פריינד און געליעבטער, פריינד פון גאָט און פריינד פון לייטען, דערפרעהער פון גאָט און דערפרעהער פון מענ־שען. און זי (די תורה) קליידט איהם אָן מיט עניוות און עהרפורכט, און מאַכט איהם פעהיג צו ווערען פרום, עהרליך און געטריי, און דערווייטערט איהם פון זינד און ברענגט איהם צו טהון גוטס; און מען געניסט פון איהם ראַטה און קענטעניש, פערשטאַנד און שטאַרקייט; און זי גיט איהם קענט־שאַפט און פעהיגקייט ריכטיג צו אורטיילען; און מען ענטפלעקט פאַר איהם סודות פון דער תורה. און ער ווערט ווי אַ קוואַל וואָס הערט נישט אויף און ווי אַ שטראָם וואָס האַלט זיך אין איין שטאַרקען. און ער ווערט בעשיידען און געדולדיג, און ער איז מוחל אויף אַ בעליידיגונג. און זי מאַכט איהם גרויס אוז דערהויבען איבער אַלע זאַכען.

IV

ר׳ בנאה פלעגט זאָגען: תורה צוליב איהר אַליין איז אַ סם פון לעבען, תורה צוליב אַנדערע ציעלען איז אַ סם־המות.

V

רב פלעגט זאָגען: עס שאַדט נישט אַ מענש זאָל זיך בעשעפטיגען מיט תורה און מצוות אפילו צוליב אַנדערע ציעלען, דערפון וועט ער ביס־לעכווייז זיך אַריינציהען אין תורה און מצוות צוליב זיי אַליין.

## דאָס לערנען תורה מיט אַנדערע.

I

ר׳ יוחנן פלעגט זאָגען: דער וואָס לערענט אַליין תורה און לערענט נישט יענעם איז ער גלייך צו אַ הדס (מירטענבוים) וואָס וואַקסט אין מדבר — אַ ריח פערמאָגט ער, קיינער אָבער האָט נישט פון איהם קיין הנאה.

רב נחמן בן רב חסדא האָט געזאָגט: אַ תלמיד־חכם איז געגליכען צו אַ פלעשעלע באַלזאַם: אַן אָפּענס לאָזט פון זיך אַ גוטען ריח, אַ פער־מאַכטס — נישט.

II

אין רב׳ס נאָמען זאָגט מען: ווייסט עמיצער אַ תורה־זאַך און לערענט עס דעם אַנדערען נישט אויס, איז גלייך ווי ער וואָלט ביי יענעם אַוועקגערויבט אַ טייל פון זיינע עלטערען׳ס נחלה, ווי דער פסוק זאָגט: ״די תורה וואָס משה האָט אונז געבאָטען איז אַ ירושה פון אַלע יודען״.

אין ר׳ שמעון חסידא׳ס נאָמען זאָגט מען: ווער עס קען אַליין און יענעם לערענט ער נישט — שעלטען איהם אַפילו די קינדערלעך וואָס ליגען נאָך אין דער מוטער׳ס בויך (ד. ה. דער שפּעטערדיגער דור).

III

„פערמעגען און רייכטהום (בלייבט) אין זיין הויז
די צדקה זיינע בלייבט־איבער אויף אייביג״—

די דאָזיגע ווערטער פונ׳ם משורר אין תהלים — זאָגען רב הונא און רב חסדא — קענען אויסגעטייטשט ווערען אויף דעם וואָס לערענט אַליין און לערענט יענעם, און אויך אויף דעם וואָס קויפט ספרים און פערלייהט זיי אנדערע — ביי איהם בלייבט נישט ווייניגער און יענעם קומט־צו.

„ס׳איז נישטאָ ווער זאָל זיי איבערבייטען״ — די ווערטער פונ׳ם משורר קענען בעדייטען אויף אַ מענשען וואָס געהט אַוועק פון דער וועלט אָהן אַ קינד, און אויף אַ געלעהרטען וואָס לאָזט נאָך זיך נישט איבער קיין תלמיד.

IV

דער וואָס לערענט דעם אַנדערען תורה איז גלייך ווי ער האָט איהם בעשאַפען, אויסגעבילדעט, אַ פאָרם געגעבען און אויף דער וועלט געבראַכט.

דער וואָס לערענט תורה דעם חבר׳ס זוהן איז גלייך ווי ער וואָלט איהם געבוירען.

V

מאַכט נישט אַוועק די קינדער פון פּראָסטע מענשען, דען פון זיי קען אַרויסקומען תורה.

מאַכט נישט אַוועק די קינדער פון אָרימע לייט, דען פון זיי קען אַרויסקומען תורה.

VI

רב איז אַמאָל געקומען אין אַן אָרט, ווי מ׳האָט זיך שטאַרק גע־
ויטיגט אין רעגען. האָט ער גוזר תענית געווען און גאָט געבעטען —
און ס׳האָט ניש׳ט געהאָלפען. נאָך איהם האָט זיך געשטעלט תפלה טהון
דער חזן פון יענעם אָרט. ווי נאָר יענער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער
„משיב הרוח״ — האָט אַ בלאָז געטהון אַ ווינד, ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט
„מוריד הגשם״ — האָט אַ גאָס געטהון אַ רעגען.

נאָך דער תפלה פרעגט איהם רב: מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך?

ענטפערט ער: אַ מלמד פון קליינע קינדער בין איך. לערנען ביי
מיר אָרימע און רייכע קינדער צוזאַמען, און ווער עס פערמאָגט נישט צו
צאָהלען לערען איך מיט איהם אומזיסט. אויסער דעם האָב איך אַ טייכעל
מיט פיש, און אַז עס מאַכט זיך איינער פון מיינע תלמידים שפּאַרט זיך
איין און וויל נישט לערנען, קויף איך איהם אונטער מיט פישלעך און
נעהם איהם איין מיט גוטע ווערטער, אַזוי לאַנג ביז ער זעצט זיך ווידער
צום לערנען.

VII

„זעהט איך לערען אייך — זאָגט משה צו יודען — ווי גאָט האָט מיר
אָנגעזאָגט״ — ווי איך לערען אייך אומזיסט, אַזוי אויך זאָלט איהר יענעם
לערנען אומזיסט. בעקומט אָבער איינער נישט צו לערנען אומזיסט —
זאָל ער צאָהלען, ווי דער פּסוק זאָגט אין משלי: „אמת קויף״. נאָר ער
בעדאַרף דערנאָך נישט זאָגען: וויבאַלד מיין לערנען האָט געקאָסט געלד
מעג איך ביי יענעם אויך נעהמען בעלוין פאַר לערנען איהם, ווי דער זעל־
בער פּסוק זאָגט ווייטער: „אמת קויף, אָבער נישט פערקויף״.

VIII

„לאָזט אַרויס וואָס מעהר תלמידים״ — פלעגען זאָגען די אנשי
כנסת הגדולה. שמאַי׳ס שולע האָט געהאַלטען, אַז לערנען זאָל מען
נור אַ בעגאַבטען, אַ פרומען, אַ מיוחס און אַ רייכען. הלל׳ס שולע,
אָבער פלעגט האַלטען, אַז לערנען דאַרף מען יעדען, נישט איבערקלויבען,
וואָרום וויפיעל זינדיגע זענען געווען ביי יודען וואָס האָבען זיך דער־
נעהנטערט צו תורה און דורך דעם איז פון זיי אַרויסגעקומען פרומע, עהר־
ליכע און כשר׳ע יודען.

---

אַ שלעכטען תלמיד זאָל מען מיט דער לינקער האַנד אָבשטויסען
און מיט דער רעכטער צוציהען.

IX

רב פלעגט זאָגען: מיר דאַרפען באמת דערמאָהנען צו גוטען איין מאַן, יהושע בן גמלא איז דער נאָמען זיינער. ווען נישט ער וואָלט די תורה שוין לאַנג ביי יודען פערגעסען געוואָרען. ווייל אַמאָליגע יאָהרען איז געוועזען אַזוי איינגעפיהרט: האָט עמיצער געהאַט אַ פאָטער, האָט ער ביי איהם געלערענט תורה; האָט ער קיין פאָטער נישט געהאַט – האָט ער גאָר נישט געלערנט, ווייל דער חוב צו לערנען קינדער – האָבען זיי גערעכענט – ליגט נור אויפ׳ן פאָטער. און אַזוי אַרום זענען פיעל קינדער געבליבען גאָר אָהן לערנען. האָט מען איינגעפיהרט אַז מען זאָל בעשטעלען מלמדים פאַר קינדער אין ירושלים, ווי עס שטייט געשריבען: „פון ציון זאָל אַרויסקומען די תורה“. איז אַלץ אויסגעקומען אַז דער וואָס האָט אַ פאָטער האָט איהם דער פאָטער געבראַכט קיין ירושלים לערנען, וועל ס׳האָט קיין פאָטער נישט געהאַט – איז געבליבען נישט געלערענט. האָט מען דערנאָך איינגעפיהרט אַז עס זאָלען זיך געפינען מלמדים אין יעדער גרויסער שטאָדט, און אַהין זאָל מען אַלע קינדער פון זעכצעהן־זיבצעהן יאָהר פיהרען לערנען. האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ווען דער מלמד האָט זיך אָנגעבעזערט אויפ׳ן דערוואַקסענעם תלמיד פלעגט ער אַוועק־וואַרפען דאָס לערנען און אַנטלויפען אַהיים. איז געקומען יהושע בן גמלא און האָט איינגעפיהרט, אַז מלמדים זאָלען זיין בעשטעלט אין יעדער שטאָדט, און קינדער זאָל מען אַהין אָבגעבען לערנען גאָר קליינע, זעקס־זיבען־יעהריגע.

X

„די וואָס ברענגען פיעלע צו גערעכטיגקייט זענען ווי די שטערען אויף אייביג“ — ווערט געזאָגט אין דניאל. דאָס מיינט מען די מלמדים פון קינדער, וועלכע טהוען געטריי זייער הייליגע אַרבייט. ווי ווער אַ שטייגער? — ווי דער מלמד רב שמואל בר שילת.

איינמאָל האָט רב געפונען דעם מלמד רב שמואל בר שילת שטעהן ביי זיך אין גאָרטען.

— ווי קומט עס צו דיר – פרעגט איהם רב – וואו איז דיין געטריישאַפט אין לערנען?

— ווייסט דאָך – ענטפערט ער איהם – אַז שוין גאַנצע דרייצעהן יאָהר האָב איך אַהער קיין קוק נישט געטהון. און אפילו איצט איז מיר אויך דער קאָפּ דאָרט ביי זיי, ביי די קינדער.

---

אין אַ שמועס מיט׳ן מלמד רב שמואל בר שילת וועגען קינדער־לערנען, האָט איהם רב געראַטהען אַזוי:

אַ קינד יונגער פון זעקס יאָהר זאָלסטו נישט אָננעהמען, פון זעקס און ווייטער — נעהם־אָן און שטאָפּ איהם ווי אַן אָקס.

קומט דיר אויס אַמאָל צו בעשטראָפען דעם תלמיד — בעשטראָף איהם לייכט, מיט אַ רימענדיל פונ׳ם שוך. פערנעהמט ער דאָס לערנען — זאָל ער לערנען; פערנעהמט ער נישט — זעץ איהם צו נעבען אַ צווייטען.

רבא פלעגט זאָגען:

— די צאָהל פון תלמידים ביי אַ דרדקי־מלמד זאָל זיין פינפ־אונצוואַנציג; פאַר פופציג — צוויי מלמדים; פאַר פערציג — אַ מלמד מיט א בעהעלפער און די בעל־בתים זאָלען איהם אויף דעם צו־שטייער געבען.

---

א מלמד, אויב נור ער לערענט גוט, טאר מען נישט אַראָבזעצען צוליב נאָך אַ בעסערען פון איהם, ווייל יענער וועט זיך איבערנעהמען און זיך אָנהויבען צופוילען.

רב דימא פון נהרדעא זאגט: פערקעהרט, יענער וועט זיך נאָך מעהר פלייסען, ווייל ער וועט מורא האָבען טאָמער וועט מען איהם אויסבייטען אויף אן אַנדערען, נאָך אַ בעסערען פון איהם אויך. ווי מען זאָגט „קנאה צווישען געלעהרטע פערמעהרט די וויסענשאַפט״.

רבא האָט ווידער געזאָגט: צוויי מלמדים, וואס איינער פון זיי לע־רענט פיעל נאָר נישט גענוג גרינדליך, דער צווייטער לערענט נישט פיעל אָבער אַלעס גרינדליך — בעשטימט מען בעסער דעם וואָס ער לערענט פיעל, האָטש נישט אַזוי גרינדליך, ווייל דער גרייז פאַלט־אָב פון זיך אליין.

רב דימא פון נהרדעא אָבער זאָגט פערקעהרט: מען דאַרף בעשטי־מען דעם וואָס לערענט נישט אַזוי פיעל נאָר גרינדליך, ווייל דער גרייז ווי באַלד ער האָט זיך אַריינגעחאַפּט פערבלייבט ער שוין.

---

לערנען זאָלסטו דיין קינד פון אַ ספר וואָס איז גוט איבערגעקוקט געוואָרען, עס זאָל נישט פערבלייבען קיין פעהלער.

XI

הלל פלעגט זאָגען: אַ כעסן קען קיין למדן נישט זיין.

---

איינער פון פרס איז אַמאָל געקומען פאַר רב׳ן און אים געבעטען ער זאָל מיט איהם לערנען תורה. ווייזט איהם רב אָן אויף אַן אות און

זאָגט איהם: זאָג אַל"ף. רופט זיך אָן דער פּרסי: פון וואַנען איז געדרונ־גען אַז דאָס איז אַן אַל"ף, טאָמער נישט. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען ביי דער בי"ת און ביי די איבריגע אותיות. איז רב געוואָרען אויפגע־בראַכט און האָט איהם דורכגעטריבען. איז דער פּרסי אַוועק צו שמואל'ן און איהם געבעטען ער זאָל מיט איהם לערנען. און ווי שמואל האָט איהם געוויזען דעם אַל"ף מיט דער בי"ת, האָט איהם דער פּרסי געשטעלט די זעלבע פראַגע וואָס רב'ן. האָט שמואל נישט געזאָגט קיין קרום וואָרט און איהם אָנגעחאַפּט ביים אויער.

— מיין אויער, מיין אויער! — האָט אָנגעהויבען דער פּרסי שרייען.

— פון וואַנען איז געדרונגען אַז דאָס איז דיין אויער? — פרעגט איהם שמואל.

— וואָס הייסט — ענטפערט דער פּרסי — די גאַנצע וועלט ווייסט דאָך, אַז דאָס איז מיין אויער.

— אַזוי? — זאָגט איהם שמואל — אייך דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט, אַז דאָס איז אַן אַל"ף און יענס אַ בי"ת.

דער פּרסי איז אַנטשוויגען געוואָרען און זיך געלאָזט ווייטער לערנען.

---

רבא האָט געזאָגט: זעהסטו אַ תלמיד, וואָס דאָס לערנען איז פאַר איהם האַרט, נישט איינצובייסען עס ווי אַ שטיק אייזען, איז עס נור דער־פאַר, וואָס דער לעהרער זיינער ווייזט איהם נישט קיין גוטע מינע.

ר' פרידא האָט געהאַט אַ תלמיד, וואָס ער פלעגט מיט איהם איינ־לערנען דעם שיעור פיער מאָל און ער האָט עס שוין געוואוסט. איינמאָל איז מען געקומען צו ר' פרידא'ן אינמיטען לערנען און מ'האָט איהם פער־בעטען צו געהן פאַר עפּיס אַ מצוה־זאַך. לערענט ער ווייטער מיט'ן תלמיד פיעל מאָל און עס געהט יענעם נישט אין קאָפּ.

— וואָס איז דאָס מיט דיר היינט אַזוינס? — פרעגט ר' פרידא דעם תלמיד.

— זינט מ'איז געקומען אייך רופען צו געהן פאַר אַ מצוה־זאַך איז מיר דער קאָפּ געוואָרען צעטראָגען. איך האָב אַלץ געטראַכט: באַלד וועט דער רבי זיך אויפהויבען, באַלד וועט דער רבי זיך אויפהויבען!

רופט זיך אָן ר' פרידא: לעג־זשע צו דעם קאָפּ וועל איך מיט דיר ווייטער לערנען.

האָט ער מיט איהם אייגע'חזר'ט דעם שיעור פיערהונדערט מאָל ביז ער האָט זיך עס גוט אויסגעלערענט.

רבה פאַר'ן אָנהויבען לערנען פלעגט זאָגען אַ פרעהליך ווערטיל, כדי די תלמידי־חכמים זאָלען לאַכען און ווערען אויפגעלעגט. ערשט דער־נאָך פלעגט ער ווערען גאַנץ ערענסט און אָנהויבען דעם שיעור.

XII

„אָט דאָס זענען די דינים וואָס דו זאָלסט אויסלעגען פאַר זיי"—האָט גאָט געזאָגט משה'ן: זאָלסט זיי אויסלעגען מיט אַ סדר, יעדעס אויף זיין אָרט, ווי מען גרייט צום טיש.

אין דער תורה איז איין פרשה פון דער אַנדערער עטוואָס אָבגע־טראָטען, דאָס איז דערפאַר, כדי משה זאָל צייט האָבען גוט זיך איינטראַכ־טען אין יעדער פרשה און אין יעדער ענין בעזונדער. ווער שמועסט אַז אַ פראָסטער מענש לערענט ביים צווייטען דאַרף מען געוויס אָבטרע־טען פון איין ענין צום צווייטען, כדי יענער זאָל קענען זיך איינטראַכטען אין דעם וואָס ער האָט אָבגעלערענט.

---

רבי זאָגט: דער וואָס האָט די גאַנצע וועלט בעשאַפען ווייסט גאַנץ גוט, אַז די אומריינע בהמות זענען מעהר פון די ריינע — דערפאַר רע־כענט ער אויס אין דער תורה די וועניגערע, די ריינע. ביי די עופות אָבער איז פערקעהרט: די ריינע זענען מעהר פון די אומריינע — רעכענט ער אויס די אומריינע.

דאָס זאָל אונז בעווייזען, אַז דער לעהרער דאַרף זיך בעמיהען אין זיין לערנען מיט'ן תלמיד אויסצוקלויבען דעם קירצסטען וועג.

XIII

גוט איינלערנען זאָלסטו די ווערטער פון דער תורה, ביז זיי זאָלען אַרויס פון דיין מויל שאַרף אויסגעדריקט, אזוי אַז עמיצער וועט דיר עפּיס פרעגען זאָלסטו נישט שטאַמלען, נאָר ענטפערען קלאָר און ריין, ווי עס זאָגט דאָס שפריכוואָרט אין משלי: „זאָג דער חכמה: מיין שוועסטער ביזטו" — היימיש און בעקאַנט זאָל זי דיר זיין ווי אַ שוועסטער.

---

ר' עקיבא פלעגט אַנדערש נישט אַרויסטרעטען פאַר'ן עולם צו לער־נען אַ פרשה פון דער תורה, ביז ער האָט זי נישט פריהער גוט איינגע־לערענט פאַר זיך אַ צוויי־דריי מאָל. און אַפילו גאָט ברוך־הוא, וואָס ער גיט דעם מענשען שפּראַכפעהיגקייט און די תורה איז פאַר איהם אָפען ווי איינער פון די שטערן, פונדעסטוועגען, ווען ער איז געקומען די תורה געבען די יודען, שטעהט געשריבען וועגען איהם, אַז „דעמאָלט האָט ער זי דורכגעקוקט, איבערדערצעהלט און זי פעסטגעשטעלט" — און ערשט דער־נאָך „האָט ער זי געזאָגט דעם מענשען".

# שוהל־קינדער.

## I

ריש־לקיש פלעגט זאָגען אין נאָמען פון ר׳ יהודה: די וועלט האָט אַ קיום נור צוליב דעם הויך פון יודישע שוהל־קינדער.

רב פפא האָט געזאָגט אַביי׳ן: און מיין הויך מיט דיינעם איז גאָר נישט?

— ס׳איז גאָר נישט גלייך — ענטפערט ער איהם — אַ הויך פון אַ ריינעם אונשולדיגען מויל פון קליינע צו אַ הויך פון אַ זינדיגען.

## II

ר׳ יהודה הנשיא פלעגט זאָגען: מען רייסט נישט אָב די שוהל־קינדער פונ׳ם לערנען אַפילו אויפצובויען דעם בית־המקדש.

---

איך האָב אַ קבלה — האָט געזאָגט ריש־לקיש — אַ שטאָדט וואָס אין איהר איז נישט פאַרהאַן קיין שוהל־קינדער, מוז סוף־כל־סוף חרוב ווערען.

## III

ר׳ אבא בר כהנא זאָגט: ביי די אומות־העולם האָבען זיך נישט בעוויזען קיין גרעסערע פילאָסאָפען ווי בלעם בן בעור. זענען געקומען צו איהם די פעלקער און געפרעגט אַן עצה: איז מעגליך פאַר אונז בייצוקומען די דאָזיגע אומה? ענטפערט ער זיי: געהט אַרום איבער זייערע שוהלען, קוים געפינט איהר דאָרט קליינע קינדערלעך פיפסען מיט זייערע קול׳כענדלעך ווי די פויגעלעך — וועט איהר זיי נישט קענען בייקומען וואָרום שוין לאַנג האָט זיי פערשפראָכען זייער פאָטער: „הקול קול יעקב״— ווי לאַנג יעקב׳ס קול וועט זיך אין די שוהלען לאָזען הערען האָט ער נישט וואָס מורא צו האָבען, און אויב נישט — „והידים ידי עשו״— וועלען עשו׳ס הענד אויף איהם האָבען אַ שליטה.

## IV

„ויהי בימי אחז בן יותם״ — וואו „ויהי״ איז געוועהנליך אַ צרה, וואָס פאַר אַ צרה איז דאָ געוועזען? אחז האָט פערשלאָסען אַלע שוהלען און בתי־מדרשים, קינדער זאָלען נישט האָבען וואו צו לערנען. ער האָט געטהון ווי יענער קינדער־ערציהער, וואָס אַ קעניג האָט איהם איבערגעגעבען צו ערציהען אַ זויג־קינד. האָט דער ערציהער שטאַרק פיינט בעקומען דאָס קינד און געוואָלט פון דעם לויז ווערען. טראַכט ער זיך: אויב

איך וועל דאָס קינד טויטען וועט דער קעניג אויף מיר אַרויפלעגען אַ טויט־שטראָף. בעסער וועל איך פון איהם אַוועקנעהמען די אַם זיינע וועט עס שוין פון זיך אַליין אויסגעהן.

דאָסזעלבע האָט זיך אחז געטראַכט: אַז עס וועט נישט זיין קיין שעפסעלעך וועט נישט אויסוואַקסען קיין שאָף. נישטאָ קיין שאָף – נישטאָ קיין פאַסטוך. דאָס הייסט: אויב קינדערלעך וועלען קליינערהייט נישט לערנען אין די שוהלען וועלען גרעסערע נישט זיצען לערנען אין ישיבות און בתי מדרשים; נישטאָ קיין חכמים – וועט נישט זיין קיין זקנים און סנהדרין; נישטאָ קיין זקנים – וועט נישט זיין קיין נביאים; נישטאָ קיין נביאים – וועט גאָט ברוך־הוא די שכינה אויף זיי נישט לאָזען רוהען. און דעריבער האָט אחז פערשלאָסען אַלע שוהלען און בתי מדרשים.

אַז יודען האָבען דערזעהן אַז דער קעניג אחז האָט זיך שוין גענומען פאַר די שוהלען און בתי־מדרשים – האָבען זיי אַלע אָנגעהויבען שרייען: וועה וועה! אַ גרויסע צרה איז געשעהן!

V

אַלע טאָג געהט־אַרויס אַ מלאָך פון גאָט אומצוברענגען די זינדיגע וועלט. ווי נור גאָט ברוך־הוא דערזעהט קינדערלעך אין די שוהלען ווערט באלד זיין צאָרן איבערגעביטען אויף רחמנות.

---

ר׳ יהודה בר סימון פלעגט זאָגען: זעה ווי קליינע קינדערלעך זענען ליעב ביי גאָט: די צעהן שבטים זענען פון זייער לאַנד פערטריבען געוואָרען — איז מיט זיי די שכינה נישט מיטגעגאַנגען; שבט יהודה און בנימין זענען פערטריבען געוואָרען – איז די שכינה מיט זיי נישט מיט־געגאַנגען; די סנהדרין זענען פערטריבען געוואָרען — איז די שכינה נישט מיטגעגאַנגען; די כהנים פון בית־המקדש זענען פערטריבען געוואָ־רען – איז די שכינה אַלץ נישט מיטגעגאַנגען. ווי נור די קליינע קינדער־לעך זענען פערטריבען געוואָרען – באַלד איז מיט זיי די שכינה מיט־געגאַנגען. און דאָס זאָגט דער מקונן אין די קינות: „די קליינע קינדער איהרע (ציונ׳ס) זענען געגאַנגען אין געפענגעניש פאַר׳ן פיינד – און ארויס איז פון בת־ציון איהר גאַנצער פראַכט״.

## ווי אַזוי און וואָס לערנען.

I

אלישע בן אבויה פלעגט זאָגען: דער וואָס לערענט תורה אין דער קינד־הייט ווערט זי איהם איינגעזאַפט אין בלוט, און די ווערטער פון תורה געהען איהם אַרויס פון מויל דייטליך; דער וואָס לערענט אָבער אויף דער

עֶלטעֶר ווערט איהם די תּורה אין בלוט נישט איינגעֶזאַפּט און זי געֶהט פון זיין מויל נישט אַרויס דייטליך.

לעֶרעֶנט איינעֶר תּורה קינדוויז — האָט אלישע בן אבויה ווידעֶר געֶ־זאָגט — איז גלייך ווי מעֶן זאָל אָנשרייבעֶן מיט טויט אויף ריין פּאַפּיעֶר; לעֶרעֶנט איינעֶר אויף דעֶר עֶלטעֶר איז גלייך ווי מעֶן זאָל אָנשרייבעֶן מיט טינט אויף פּליספּאַפּיעֶר.

ר׳ נהוראי פלעֶגט זאָגעֶן: לעֶרעֶנט איינעֶר קינדוויז איז עֶר גלייך צוּ אַ טייג געֶקנאָטעֶן מיט וואַרימעֶ וואַסעֶר; אויף דעֶר עֶלטעֶר — צוּ אַ טייג געֶקנאָטעֶן מיט קאַלטעֶ וואַסעֶר.

---

אַ דריי־יעֶהריג קינד קעֶן מעֶן שוין ווייזעֶן אותיות; אַ פינפיעֶה־ריגס — אַ פּסוק; אַ צעֶהניעֶהריגס — משנה; אַ פופצעֶהניעֶהריגס — תּלמוד (גמרא).

געֶהט איבעֶר פינף יאָהר לעֶרנעֶן און דעֶר תּלמיד האָט קיין פּעולה נישט געֶהאַט — איז שוין נישטאָ קיין האָפנונג עֶר זאָל אַמאָל האָבעֶן אַ רעֶכטעֶ פּעולה.

ר׳ יוסי זאָגט: דריי יאָהר איז שוין געֶנוּג אויף צוּ וויסעֶן.

II

רבּי פלעֶגט זאָגעֶן: לעֶרנעֶן זאָל אַ מעֶנש נור דאָס, וואָס זיין האַרץ ציהט איהם צוּ דעֶם.

לוי און ר׳ שמעון רבּי׳ס זוהן האָבעֶן זיך געֶזעֶצט פאַר רבּי׳ן לעֶר־נעֶן פּסוק. זאָגט לוי: מעֶן זאָל נעֶהמעֶן משלי, און ר׳ שמעון זאָגט: זאָל מעֶן נעֶהמעֶן בעֶסעֶר תּהלים. האָט מעֶן געֶנויט לוי׳ן און געֶבראַכט צום לעֶרנעֶן תּהלים. געֶקומעֶן באַלד אין עֶרשטעֶן קאַפּיטעֶל צום פּסוק: „כּי אם בתורת ה׳ חפצו" (נור אין גאָטס לעֶהרעֶ אין זיין בעֶגעֶהר) — האָט זיי רבּי אויסגעֶטייטשט דעֶם פּסוק אַזוי: אַ מעֶנש דאַרף לעֶרנעֶן נור דאָס, וואָס זיין האַרץ בעֶגעֶהרט.

— אויב אַזוי, רבּי — רופט זיך אָן לוי — עֶרלויבט איהר מיר אַליין איך זאָל אויפשטעֶהן און אַוועֶקגעֶהן.

III

ברוריה, ר׳ מאיר׳ס ווייב, האָט אַמאָל אָנגעֶטראָפעֶן איינעם אַ תּלמיד ווי עֶר זיצט און לעֶרעֶנט שטיל קוים וואָס מ׳העֶרט. האָט זי אַ קלאַפּ געֶ־טהון מיט׳ן פוס און איהם געֶזאָגט: ווייסטוּ דעֶן נישט אַז וואָס העֶכעֶר מעֶן לעֶרעֶנט אויפ׳ן קול אַלץ לעֶנגעֶר געֶדעֶנקט זיך דאָס לעֶרנעֶן?

---

שמואל פלעגט זאָגען זיין געליעבטען תלמיד רב יהודה׳ן: קאָפּ־מענש, לערן מיט אַ מויל, וועט די תורה ביי דיר האָבען מעהר האַפט און וועסט זי לענגער געדענקען, ווי דער פסוק זאָגט: „זיי (די דברי תורה) לעבען ביי די וואָס ברענגען זיי אַרויס״ (דייטליך מיט׳ן מויל.)

---

ר׳ יוחנן פלעגט זאָגען: לייענט איינער אַ פסוק אָהן דיקציע און לערענט אַ משנה אָהן אַ ניגון, זענען די ווערטער טויטע, און אויף איהם זאָגט דער פסוק: „געזעצע האָב איך זיי געגעבען נישט קיין אַנגענעהמע און דינים וואָס לעבען נישט ביי זיי״.

IV

רבא פלעגט זאָגען:

— אַ מענש זאָל זיך פריהער פיעל אָנלערנען און דערנאָך זאָל ער זיך אריינטראַכטען, און לערנען זאָל ער אפילו ווען ער פערגעסט, און אפילו ווען ער פערשטעהט נישט גאָר קלאָר וואָס ער לערענט.

V

דער וואָס איז שטאַרק בעהאַוועַנט (אַ בקי) אין הלכות שטעהט העכער פונ׳ם שאַרפזיניגען.

---

ר׳ יהודה זאָגט: אַ מענש זאָל שטענדיג די דברי־תורה צונויפנעהמען דורכאויס אין כללים און פון זיי דערנאָך די פרטים, וואָרום וועט ער טהון פערקעהרט וועט עס איהם איינמידען און ער וועט זיך פערלירען. לאָזט זיך איינער אין אַ ווייטען וועג און דאַרף מיט זיך מיטנעהמען אויף הוצאות אַ צוויי־דריי הונדערט גולדען, איז אויב ער וועט עס מיט זיך מיטשלעפּען אין קליין מינץ וועט עס איהם איינמידען און ער וועט נישט וויסען וואָס טהוט מען, אויב אָבער ער פיהרט עס מיט זיך אין גאָלדענע מטבעות — איז וואו ער דאַרף קען ער עס לייכט צובייטען און אויסברענגען.

VI

די ווערטער פון תורה זענען צומאָל אָרים (נישט גענוג דייטליך) אויף איין אָרט, זענען זיי אָבער רייכער אויף אַן אַנדער אָרט.

אַלע ווערטער פון תורה נויטיגען זיך איינס אין אַנדערען. איז דאָ פערשלאָסען — דיענט צו דעם דאָס אַנדערע אָרט פאַר אַ שליסעל.

VII

ס׳איז נישט גלייך אַז מען חזר׳ט־איין דאָס לערנען הונדערט מאָל צי הונדערט מיט איין מאָל.

ר׳ יהושע בן קרחה זאָגט: דער וואָס לערענט תורה און חזר׳ט נישט איין איז גלייך ווי איינער זייעט און שנייט נישט.

ר׳ יהושע זאָגט: ער איז גלייך צו אַ פרוי וואָס געווינט און בעגראָבט.

---

ר׳ שמעון בן לקיש זאָגט: אין אַ מגלת־חסידים האָט מען געפונען געשריבען: פערלאָזטו מיך (די תורה) איין טאָג — פערלאָז איך דיך אויף צוויי. עס קומט־אויס ווי צוויי וועגעהערס שיידען זיך אָב איינער פונ׳ם אַנדערען און לאָזען זיך געהן אין געגענזייטיגע וועגען. איינער געהט־אָב אַ מיל און דער אַנדערער אַ מיל — קומט־אויס אַז איינער פונ׳ם אַנדערען זענען זיי ווייט צוויי מיל.

די תורה איז שווער צו ערווערבען, ווי כלים פון גינגאָלד, און גרינג צו פערלירען, ווי גלעזערנע געפעס.

רב הונא זאָגט: דער וואָס לערענט זיך אָן תורה גאַנצע פעק און חזר׳ט עס נישט גוט איין — בלייבט ביי איהם גאָרנישט; דער וואָס ער־ווערבט אָבער די תורה ביסלעכווייס נאָר פעסט — קומט איהם צו אַלע מאָל.

רב דימי זאָגט אויף דעם אַ משל: אַ יעגער וואָס פאַנגט פיעל פוי־געלעך, אויב נאָכדעם וואָס ער פאַנגט אַ פויגעל ברעכט ער ביי דעם באַלד איין די פליגעלעך — בלייבט עס ביי איהם; אויב נישט — צעפליהען זיי זיך און עס בלייבט גאָר נישט.

XIII

„זאָלסט זיך אַריינטהון אין דעם (אין דער תורה) טאָג און נאַכט״ — די תורה איז אמת זעהר אַ גרויסע, דאָך קען יעדער מענש ביסלעכווייס זי אויסלערנען.

ר׳ חנינא פון צפורי האָט אויף דעם געזאָגט אַ משל: מ׳האָט געשיקט אַרבייטער אָבראַמען פונ׳ם וועג אַ באַרג ערד. די נאַרישע פון זיי האָבען נור אַ קוק געגעבען און זיך באַלד אָבגעזאָגט פון דער אַרבייט — ווייס איך וואָס, ווער איז גאָר אין שטאַנד אַזאַ באַרג אָבצוגראָבען? די קליגערע אָבער האָבען זיך געטראַכט: טאַקי שווער, אָבער נישט גאָר אונמעגליך. היינט אָבגראָבען אַ פאָר קאָרבען ערד, מאָרגען נאָך אַ פאָר — און צוביס־לעכווייז ווערט אָבגערוימט דער גאַנצער באַרג.

דאָס זעלבע איז אויך מיט דער תורה, דער נאַר טראַכט זיך: ווער איז עס אין שטאַנד אויסצולערנען די גאַנצע תורה? נזיקין אַליין האַלט דרייסיג פרקים, כלים ווידער האַלט אויך דרייסיג פרקים און אַזוי ווייטער. דער קלוגער אָבער טראַכט זיך: איך וועל היינט אָבלערנען אַ פאָר הלכות, מאָרגען אַ פאָר — ביז איך וועל אויסלערנען די גאַנצע תורה.

IX

„צו הויך איז פאַר׳ן נאַר דאָס קלוגשאַפט, אין שטאָדט־טויער (צווי־שען לייט) עפּענט ער נישט דאָס מויל זיינס״—ר׳ ינאי זאָגט דערויף אַ משל:

אַ נאַר געהט־אַריין אַ הונגעריגער אין שטוב, דערזעהט ער ס׳העננגט אויפ׳ן באַלקען אַ קאָרב מיט ברויט. טראַכט ער זיך: ס׳העננגט אַזוי הויך— ווער וועט עס קענען אַראָבנעהמען? דער קלוגער אָבער טראַכט זיך: עמיצער האָט דאָך עס דאָרט אויפגעהאַנגען, אָט וועל איך נעהמען אַ לייטער אָדער אַ שטעקעל — און וועל עס אַראָבנעהמען.

דאָסזעלבע איז מיט דער תורה. דער נאַר זאָגט: די תורה איז אַזוי הויך, ווער קאָן דערגרייכען די הויכע געדאַנקען וואָס ביי׳ם געלעהרטען אין קאָפּ? דער קלוגער אָבער טראַכט זיך: האָט דען דער געלעהרטער אליין אויך נישט געלערנט ביי אַן אַנדערען? אָט וועל איך לערנען אַ פּאָר הלכות היינט, אַ פּאָר מאָרגען — ביז איך וועל אויסלערנען די גאַנצע תורה.

ר׳ לוי זאָגט אויף דעם אַזאַ משל:

איינער האָט געדונגען אַרבייטער אָנצוגיסען פול אַ געלעכערטע פאַס. דער נאַר זאָגט: וואָס וועט פון מיין אַרבייט אַרויסקומען, אַז דאָס וואַסער וועט פון איין אָרט אַריין און פון דעם אַנדערען אַרויס? דער קלוגער אָבער טראַכט: וועט מיר דען דער בעל־הבית נישט צאָהלען פאַר יעדען אָנגע־שעפּטען עמער בעזונדער?

אַזוי איז אויך מיט דער תורה. דער נאַר זאָגט: וואָס וועט מיר אַרויסקומען פון מיין לערנען אַז איך פערגעס עס? דער קלוגער אָבער זאָגט: וועט מיך דען גאָט נישט בעלוינען סיי ווי סיי פאַר מיין מיה?

X

ר׳ תנחום זאָגט: דער וואָס פערשטעהט קלאָר דאָס לערנען וועט ער עס נישט גיך פערגעסען, ווי דער פּסוק זאָגט: „דו וועסט נישט פער־געסען וואָס ד י י נ ע א ו י ג ע ן זעהען״.

---

דער שטייגער איז אין דער וועלט, אַ ליידיגע כלי נעמט אין זיך אַריין, אַ פולע אָבער נישט. די תורה איז נישט אַזוי: אַ ליידיגער קאָפּ נעהמט צו שווער, אַ פולער (וואָס האָט שוין אין זיך תורה) — נעהמט גרינג אַריין נאָך און נאָך.

XI

ר׳ נחמן בר יצחק זאָגט: צום לערנען מוז מען האָבען אַ לויטערען קאָפּ, ווי דער הימעל אין אַ שעהנעם טאָג.

אַבא זאָגט: אויב די מאַמע האָט מיר געזאָגט „דערלאַנג מיר די זויערמילך” — האָט עס מיר שוין געשטערט צום לערנען.

רבינא׳ס זוהן פלעגט איהם די מוטער צוגרייטען אויף דער וואָך זיבען העמדער, אויף יעדען טאָג אַ פריש העמד, כדי ער זאָל זיך פיהלען פרישער ביים לערנען.

---

פאַר ר׳ יוסי איז אַמאָל געזעסען אַ שילער. האָט ר׳ יוסי בעמערקט אַז יענעם געהט נישט אין קאָפּ דאָס וואָס ער ערקלערט איהם. פרעגט ער איהם: פאַרוואָס פערנעהמסטו נישט דאָס וואָס איך ערקלער דיר? ענטפערט יענער: עס פיהלט זיך מיר נישט גוט אין דער פרעמד.

— פון וואַנען ביזטו? — פרעגט ער איהם.

— פונ׳ם אָרט גובת־שמאי.

— איז דען ביי אייך אַן אנדער לופט?

— ביי אונז איז אַ זומפּפיג אָרט און אַז אַ קינד ווערט געבוירען מוז מען דעם בעשמירען דאָס קעפּיל מיט אַזעלכע רויטע פריי׳לעך כדי די פליגעלעך זאָלען איהם נישט צעבייסען.

דערהערט דאָס, האָט ר׳ יוסי אויסגערופען: געלויבט זאָל זיין דער וואָס גיט־צו אַ בעזונדער חן יעדען אָרט אין די אויגען פון זיינע איינוואוינער!

---

הלל פלעגט זאָגען: אַ שעמעוודיגער קען זיך נישט אויסלערנען.

XII

די נאַכט — האָט ר׳ יהודה געזאָגט — איז בעשאַפען געוואָרען נור צו שלאָפען. ר׳ שמעון בן לקיש פלעגט זאָגען: די לבנה איז בעשאַפען געוואָרען נור מען זאָל לערנען ביי איהר שיין.

ר׳ חסדא׳ן האָט אַ אַמאָל אַ פרעג געטהון די טאָכטער זיינע, צי וויל ער נישט דרימלען.

— עס וועלען נאָך אָנקומען — האָט ער איהר געענטפערט — לאַנג־קורצע טעג, לאַנגע צום רוהען און קורצע צום לערנען, וועל איך שוין דעמאָלט זיך גענוג אויסשלאָפען [1].

XIII

תלמידים זענען פאַרהאַן פון פיערערליי אייגענשאַפטען: פערנעהמט פלינק און פערלירט פלינק — פאַלט אַוועק דער פערדיענסט זיינער דורך

---

[1]) ד. ה. נאכן טויט.

דעם שאָדען ; פערנעמהט שוועך און פערלירט שוועך — פאַלט אַוועק זיין שאָדען דורכ'ן פערדיענסט ; פערנעהמט פלינק און פערלירט שוועך — דאָס איז אַ גוטע גאָב ; פערנעהמט שוועך און פערלירט פלינק — דאָס איז אַ שלעכטע גאָב.

די צוהערער פון געלעהרטע זענען פאַרהאַן פון פיערערליי אייגענשאַפטען : שוואָם, טריכטער, זייער און זיפּ. שוואָם — זאַפּט־איין אַלעס, טריכטער — פון איין זייט אַריין פון דער אַנדערער זייט אַרויס, זייער — לאָזט אַרויס דעם וויין און האַלט־איין די הייוועז, זיפּ — לאָזט אַרויס די גראָבע מעהל און האַלט־איין די פיינע [1].

XIV

„ווי אַ רעגען טריפט מיין לעהרע" — זאָגט משה צו די יודען. אַ רעגען בעגיסט אַלע געוויקסען און יעדער מין פון זיי בעקומט פון איהם זיין אייגענעם טעם : דער וויינשטאָק זיינעם, דער איילבירט זיינעם, דער פייגענבוים זיינעם. אַזוי האָבען יודען איין תורה און זי האָט אין זיך מקרא און משנה, הלכות און אגדות — און יעדער געגיסט פון איהר לויט זיין גוסט.

„איין מענשען פון טויזענד האָב איך געפונען" — זאָגט שלמה. געוועהנליך טרעטען־איין אין שולע טויזענד מענשען זיך אויסלערנען לעזען, געהען פון זיי הונדערט אַרויס וואָס קענען משנה, צעהן וואָס קענען תלמוד, און נור איינער דערגרעהט ביז שאלות־פסק'ענען.

---

## אַ רבי און אַ חבר.

I

רבן גמליאל פלעגט זאָגען : בעקום פאַר זיך אַ לעהרער — וועסטו אויסמיידען ספקות.

ר' יוסי בר יהודה זאָגט : דער וואָס לערענט זיך ביי יונגע צו וואָס איז ער געגליכען ? צו דעם וואָס עסט אומצייטיגע [2] טרויבען און טרינקט וויין פונ'ם קעלטער אַרויס [3], און דער וואָס לערענט זיך ביי אַלטע צו

---

1) „זאַפּט איין אַלעס", ד. ה. עס פערבלייבט ביי איהם אַלעס וואָס ער לערענט. „אין איין זייט אַריין" א.ז.וו. — עס פערבלייבט ביי איהם פון לערנען גאָר נישט איבער. „לאָזט אַריין דעם וויין" א.ז.וו. — פערהאַלט פון לערנען נאָר דאָס בעסערס. „לאָזט אַרויס דאָס גראָבע" א.ז.וו. — פערהאַלט פון לערנען נור דאָס ערגערע.

2) זויערע, וואָס מאַכען הייקיג די ציין.

3) ד. ה. נישט קיין אויסגעשטאַנענעם.

וואָס איז עֶר געֶגליכעֶן? צוּ דעֶם וואָס עֶסט צייטיגעֶ טרויבּעֶן און טרינקט אַלטעֶן וויין.

ר׳ מאיר זאָגט: קוק נישט אויף דעֶם קעֶנדיל נאָר אויף דעֶם וואָס געֶפינט זיך אינוועֶניג. ס׳איז פאַרהאַן אַ קעֶנדיל אַ נייעֶס, אָבּעֶר פול מיט אַלטעֶן (וויין), און אַן אלטס וואָס אַפילו קיין נייעֶר (וויין) איז אין איהם אויך נישטאָ.

II

ווי אַ פלאַנץ־בּוימעֶל צעֶוואַקסט זיך עֶרשט דעֶמאָלט ווען מעֶן זעֶצט איהם אין אַ גאָרטעֶן, אַזוי קען אויסוואַקסעֶן נוּר דעֶר תלמיד וואָס לעֶרעֶנט תורה נישט נוּר פוּן איין רבּי׳ן.

ר׳ יהושע בן פרחיה פלעֶגט זאָגעֶן: זאָלסט אַוועֶקוואַנדעֶרעֶן אין אַן אָרט פון תורה און זאָלסט נישט מיינעֶן אַז זי וועֶט קומעֶן צוּ דיר, דעֶן נור דיינעֶ חברים וועֶלעֶן זי בּיי דיר דעֶרהאַלטעֶן — און אויף דיין פעֶרשטאַנד פעֶרלאָז זיך נישט.

אייזעֶן שאַרפט זיך אויף אייזעֶן,
אַ מעֶסעֶר אויף א מעֶסעֶר —
איין קאָפּ איז גוּט
און צוויי צוזאַמעֶן נאָך בּעֶסעֶר.

III

„מיינעֶ ווערטעֶר זעֶנעֶן ווי פייעֶר" — זאָגט גאָט. אויף דעֶם זאָגט רבה בּר בּר חנה: ווי אַ פייעֶר, וואָס מעֶהר האָלץ צוזאַמעֶן פלאַקעֶרט עֶס בּעֶסעֶר, אַזוי אויך תורה לעֶרעֶנט זיך בּעֶסעֶר מיט חברים אינאיינעֶם.

רב נחמן בּר יצחק זאָגט: ווי אַקליין שפּעֶנדיל צינדט־אָן אַ גרויסעֶן שאַט־האָלץ, אַזוי קעֶן אַ קליינעֶר תּלמיד שאַרפעֶן דעֶם קאָפּ אַ גרויסעֶן אין לעֶרנעֶן. און דעֶרפאַר פלעֶגט ר׳ חנינא זאָגעֶן: פיעֶל האָבּ איך אויסגעֶלעֶרעֶנט פון מיינעֶ לעֶהרעֶר, נאָך מעֶהר בּיי מיינעֶ חברים, און מעֶהר פוּן אַלעֶ — בּיי די תּלמידים.

IV

ר׳ יונתן בּר אליעֶזר איז געֶשטאַנעֶן אין מאַרק, קומט־צוּ צוּ איהם ר׳ שמואל בּר נחמני און בּעֶט איהם עֶר זאָל פאַר איהם איבּעֶרזאָגעֶן אַ שיעור גמרא. זאָגט עֶר איהם: געֶה אין לעֶהר־הויז וועֶל איך דאָרט מיט דיר איבּעֶרלעֶרנעֶן.

— רבי — זאָגט ער איהם — האָסטו דען אַליין אונז נישט געזאָגט מיט די ווערטער פון שלמה: „די חכמה קלינגט אין מאַרק, אויף די ברייטע פלעצער לאָזט זי הערען איהר שטימע”?

— האָסט נישט אַריינגעדרונגען — זאָגט ער איהם — אין ריכטיגען זין פון די ווערטער. ווייסט אין וועלכען מאַרק קלינגט די תורה? אין איהר אייגענעם. ווי אַ פערעל, וואו איז לייכטער איהם צו פערהאַנדלען — נישט אויף דעם אייגענעם מאַרק? אַזוי איז אויך די תורה לייכטער צו בעקומען נור אין איהר אייגענעם מאַרק. „אויף די ברייטע פלעצער לאָזט זי הערען איהר שטימע”—איז דען פאַרהאַן ברייטערע פלעצער ווי אין די שולען און בתי־מדרשים?

V

זאָגט דער פוילער: אַ לעמפערט אויפן וועג,
אַ לייב צווישען די גאַסען” —

זאָגט מען דעם פוילען: אין דער הויפט־שטאָדט איז איצט אָנגעקומען אַ גרויסער לעהרער פאַר דיר, לאָז זיך צו איהם לערנען. ענטפערט ער: איך האָב מורא, אויפן וועג יאָגט זיך אַרום אַ לעמפערט.

זאָגט מען איהם: דער רבי איז שוין ביי דיר איז שטעדטיל, הויב זיך אויף און געה אַוועק צו איהם.

— איך האָב מורא — ענטפערט ער — אַז דער לעמפערט יאָגט זיך שוין צווישען די גאַסען.

זאָגט מען איהם ווידער: ער איז שוין דאָ נאָהענט ביי זיך אין שטוב.

— וואָס וועל איך געהן, די טהיר מוז זיין ביי איהם צוגעשלאָסען.

— זי איז אָפען.

ענטפערט ער:

יאָ אָפען, נישט אָפען
לאָזט מיך, איך וויל שלאָפען.

VI

יוסי בן יועזר זאָגט: זאָל זיין דיין הויז אַ פערזאַמעלפונקט פאַר געלעהרטע, און וואַלגער זיך אין שטויב פון זייערע פיס און טרינק אין דורשט זייערע ווערטער.

ר׳ אלעזר זאָגט: וואַרמען זאָלסטו זיך אַקעגען פייער פון די געלעהרטע, זיי אָבער פאָרזיכטיג מיט זייער קויל, זאָלסט זיך נישט אָפבריהען,

דעֶן זייעֶר ביס איז אַ ביס פון אַ שאַקאַל, און זייעֶר שטאָך איז אַ שטאָך פון אַן עֶקדיש, און זייעֶר צישעֶן איז דאָס צישעֶן פון אַ גיפטיגעֶן שלאַנג — און אַלעֶ זייעֶרעֶ ווערטעֶר זענעֶן ווי פייעֶרקוילעֶן.

---

## דער כבוד פון דעֶר תורה און איהרעֶ לעֶרנעֶר.

I

ר׳ יוסי זאָגט: דעֶר וואָס האַלט עֶהרליך די תורה איז אַליין געֶ־עֶהרליכט ביי לייטעֶן. וועֶר אָבעֶר עֶס פעֶרשוועֶכט די תורה ווערט אַליין פעֶרשוועֶכט ביי לייטעֶן.

II

אַז איינעֶר לעֶרעֶנט פון עֶמיצעֶן איין פרק צי איין הלכה צי איין וואָרט צי אַפילו איין אות — דאַרף עֶר איהם אָבגעֶבעֶן כבוד.

דעֶר רבי איז חשוב׳עֶר ווי דעֶר פאָטעֶר, דעֶן דעֶר פאָטעֶר האָט איהם נור געֶבראַכט אויף דעֶר וועֶלט — דעֶר רבי אָבעֶר, וואָס לעֶרעֶנט איהם חכמה, ברענגט איהם צום אייביגעֶן לעֶבעֶן.

רב חסדא זאָגט: אַ פאָטעֶר קעֶן מוחל זיין אויף זיין כבוד, אַ רבי אָבעֶר נישט.

III

אַ יודישעֶר געֶלעֶהרטעֶר איז חשוב׳עֶר ווי דעֶר יודישעֶר קעֶניג. אַ געֶלעֶהרטעֶר אַז עֶר געֶהט פון דעֶר וועֶלט בלייבט נישט זיין גלייכעֶן, אַ קעֶניג אָבעֶר — איז יעֶדעֶר יוד ראוי צו פעֶרנעֶהמעֶן זיין פלאַץ.

---

ר׳ אלעזר בן שמוע זאָגט: לאָז דעֶר כבוד פון׳ם תלמיד זיין טייער ביי דיר ווי דיין אייגעֶנעֶר, און דעֶר כבוד פון דיין חבר ווי דעֶר אָבשיי פאַר׳ן רבי׳ן, און דעֶר אָבשיי פאַר׳ן רבי׳ן ווי די מורא פאַר גאָט.

ר׳ יהודה האָט געֶזאָגט: ירושלים איז חרוב געֶוואָרעֶן נור דעֶרפאַר וואָס די תלמידי־חכמים האָבעֶן געֶהאַט אומכבוד.

---

ר׳ יהושע בן לוי האָט אָנגעֶזאָגט זיינעֶ קינדעֶר:

— מאַכט נישט אַוועֶק קיין אַלטעֶן וואָס האָט פעֶרגעֶסעֶן דאָס לעֶר־נעֶן דורך אַן אומגליקליכעֶן צופאַל. ווי זאָגט מעֶן: די גאַנצעֶ לוחות און די בראָכשטיק פון די לוחות ליגעֶן צוזאַמעֶן אין הייליגעֶן אָרון.

IV

ווען ר׳ אלעזר׳ן פלעֶגט אויסקומעֶן זיך צעֶשיידעֶן מיט זיין רבי׳ן ר׳ יוחנן, איז אויב ר׳ יוחנן האָט בעֶדאַרפט פריהעֶר אַוועֶקגעֶהן, פלעֶגט ר׳

אלעזר בלייבען שטעהן איינגעבויגען אויף זיין אָרט ביז ר׳ יוחנן איז פערלוירען געגאַנגען פון זיין אויג׳ און אויב ר׳ אלעזר האָט בעדאַרפט אַוועקגעהן פלעגט ער געהן מיט דרך־ארץ ריקוועערטס ביז ער האָט מעהר שוין נישט געזעהן דעם רבי׳ן זיינעם ר׳ יוחנן·

רבא ביים אָבשיידען זיך פון זיין בלינדען רבי׳ן רב יוסף׳ן פלעגט געהן אַלץ ריקוועערטס ביז די פיס זיינע האָבען זיך אָנגעשלאָגען אין שוועל און זיך צעבלוטיגט· אַז מען האָט עס דערצעהלט רב יוסף׳ן האָט ער רבא׳ן געבענשט:

— זאָל גאָט געבען אַז דער קאָפּ דיינער זאָל זיין העכער פון אַלע דיינע הברים (ד״ה׳ ווערען ראש־ישיבה)·

אַז ר׳ זירא איז אָבגעשוואַכט געוואָרען פון׳ם לערנען׳ פלעגט ער זיך זעצען נעבען דער טהיר פון ר׳ נתן׳ס שולע׳ כדי אַז די געלעהרטע ווע־לען פערבייגעהן זאָל ער זיי אָנטהון כבוד און אויפשטעהן פאַר זיי·

---

— נאַרישע מענשען! — פלעגט רבא אויסשרייען — פאַר אַ ספר־תורה שטעהען זיי אויף און פאַר אַ גרויסען מענשען נישט· האָט דען די תורה אַליין נישט איבערגעגעבען איהר גרעסטע מאַכט אין די הענד פון׳ם גרויסען מאַן?

V

ר׳ אבא הכהן בר פפא האָט דערצעהלט וועגען זיך:

— ווען איך פלעג זעהן זיצען אַ גרופּע מענשען׳ פלעג איך אָבטרע־טען און געהן מיט אַ זייטיגען וועג׳ כדי זיי נישט צו בעמיהען — זיי זאָ־לען מיך נישט בעמערקען און נישט אויפשטעהן פאַר מיר·

אַז איך האָב דאָס דערצעהלט ר׳ יוסי בר זבידא׳ האָט ער מיר גע־זאָגט: אדרבא ביזט מחויב געהן פערבייי זיי — זאָלען זיי דיך בעמערקען און פאַר דיר אויפשטעהן׳ דורך דעם וועסטו זיי ברענגען צו גאָטספאָרכ־טיגקייט·

VI

אין הלל׳ס נאָמען האָט מען געזאָגט: אַ מענש זאָל זעהן צו וואוינען אין איין אָרט מיט זיין לעהרער׳ ווארום כל זמן שלמה׳ס לעהרער און ערציהער׳ שמעי בן גרא׳ האָט געלעבט און געוואוינט נאָהענט נעבען איהם׳ האָט שלמה נישט געוואַגט צו נעהמען פאַר אַ פרוי פרעה׳ס טאָכ־טער· ווען איז דאָס גערעדט׳ אויב דער תלמיד געפינט זיך נאָך אונטער׳ן איינפלוס פון׳ם לעהרער און ער ווייסט איהם פאָלגען: אויב אָבער נישט׳ איז גלייכער פערקעהרט׳ ער זאָל נישט וואוינען מיט׳ן לעהרער צוזאַמען אין איין אָרט.

VII

ווען די גרעסטע חכמים זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ פערזאַמ־לונג אין דער גרויסער ישיבה אין דער שטאָדט יבנה, האָבען זיך צווישען זיי געפונען ר׳ יהודה, ר׳ יוסי, ר׳ נחמיה און ר׳ אליעזר בן ר׳ יוסי הגלילי. האָט יעדער פון די פיער געהאַלטען אַ רעדע לכבוד דער תורה און לכבוד די שטאָדט־לייט וואָס האָבען אַרויסגעוויזען גאַסטפריינדשאַפט צו די אָנ־געקומענע געלעהרטע.

ר׳ יהודה, דער ערשטער רעדנער אומעדום, נעהמט אַ וואָרט צום ערשטען און זאָגט לכבוד די תלמידי־חכמים: וועגען משה׳ן ווערט דער־צעהלט אין דער תורה, אַז ער האָט איבערגעפיהרט דעם אהל מיט׳ן ארון אויסער דער מחנה פון יודען, און ווער עס האָט געזוכט גאָט פלעגט אַהין אַרויסגעהן. אויב — האָט ר׳ יהודה אויסגעלאָזט — דער וואָס צוליב דער תורה איז געגאַנגען אַזאַ קליינע, בערך, שטרעקע ווי פון דער מחנה ביז׳ן אוהל מיט׳ן ארון, פערדיענט שוין אין דער תורה דעם נאמען „גאָטס־זוכער" — ווער שמועסט די תלמידי־חכמים, וואָס לאָזען זיך אין ווייטע וועגען און וואַנדערען־אום פון שטאָדט צו שטאָדט און פון פראָווינץ צו פראָווינץ, כדי צו הערען גאָט׳ס אַ וואָרט און לערנען תורה — זיי פערדיענען דאָך געוויס דעם גרויסען נאמען גאָטס־זוכער.

און נאָך האָט ר׳ יהודה גע׳דרש׳ענט לכבוד דער תורה: „פערנעהם און הער זיך איין, ישראל — האָט משה רבנו געזאָגט צו יודען אין זיינע שטראָף־רייד פאַר׳ן טוידט — היינט ביזטו געוואָרען אַ פאָלק" — „היינט"? ס׳איז דאָך שוין איבערגעגאַנגען פערציג יאָהר זינט יודען האָבען בעקו־מען די תורה. נאָר טייער און ליעב איז די תורה ביי זיי אַלע טאָג, ווי זי זאָל נור־וואָס ערשט געגעבען ווערען פון באַרג סיני.

ר׳ נחמיה און זיין דרשה לכבוד די גאַסטפריינדליכע שטאָדט־לייט האָט געזאָגט: שאול אין דער מלחמה מיט די עמלקים האָט געזאָגט צו די קינים (פון יתרו׳ס משפחה): „טרעט־אָב פון די עמלקים, איך זאָל דיך נישט אומברענגען מיט זיי, און דו האָסט דאָך געטהון גענאָד מיט אַלע יודען" — אויב יתרו, וואָס האָט גאַסטפריינדליך אויפגענומען משה׳ן צוליב זיין אייגענעם כבוד, איז זיין פערדיעסט אַזוי גרויס, ווער שמועסט דער, וואָס נעהמט־אויף ביי זיך אין הויז אַ תלמיד־חכם, גיט איהם עסען און טרינקען און איז איהם מהנה מיט וואָס ער פערמאָגט — איז געוויס זיין פערדיענסט ביי גאָט זעהר גרויס.

נעהמט ר׳ יוסי דאָס וואָרט לכבוד די גאַסטפריינדליכע שטאָדט־לייט און זאָגט זיין דרשה:

„זאָלסט נישט פעראַכטען דעם מצרי, וואָרום אַ גר ביזטו געווען ביי איהם אין לאַנד" — אויב די מצרים, וואָס האָבען יעקב'ס קינדער מקריב געווען נור צוליב אייגענע נוטצען, האָט די תורה זוי אַזוי געשוינט,— ווער שמועסט דער וואָס נעהמט־אויף ביי זיך אין הויז אַ תלמיד־חכם, גיט איהם עסען און טרינקען און איז איהם מהנה מיט וואָס ער פערמאָגט, איז געוויס זיין פערדיענסט ביי גאָט זעהר גרויס.

דער לעצטער, ר' אליעזר בן ר' יוסי הגלילי, זאָגט אויך זיין וואָרט לכבוד די גאַסטפריינדליכע שטאָדט־לייט:

„גאָט האָט געבענשט עובד'ס הויז צוליב דעם געטליכען אָרון וואָס איז ביי איהם געשטאַנען" — אויב דער אָרון, וואָס פאָדערט נישט קיין עסען און קיין טרינקען און עובד האָט נור געהאַט די מיה ריין צו־האַלטען דאָס אָרט, אויסקעהרען און מיט וואַסער בעשפריצען, איז עס איהם גערעכענט געוואָרען פאַר אַזאַ פערדיענסט, — ווער שמועסט דער וואָס נעהמט־אויף ביי זיך אין הויז אַ תלמיד־חכם, גיט איהם עסען און טרינקען און איז איהם מהנה מיט וואָס ער פערמאָגט, איז געוויס זיין פערדיענסט ביי גאָט זעהר גרויס.

XIII

רבא זאָגט: זאָל מיר דאָס ביישטעהן, ווען אַ תלמיד־חכם קומט זיך פאַר מיר לאָדען, לעג איך נישט דעם קאָפּ אויפ'ן קישען ביז איך זוך פאַר איהם נישט אויס קיין זכות.

מר־בר־רב־אשי פלעגט זאָגען: מיך טאָר מען נישט זעצען פאַר אַ דיין ביי אַ משפט פון אַ תלמיד־חכם, ווייל ער איז מיר ליעב ווי איך אַליין, און אַ מענש אויף זיך אליין זעהט נישט קיינמאָל קיין שלעכטס.

---

## תלמיד־חכם און עם־הארץ.

I

ר' יוחנן פלעגט זאָגען: די תלמידי־חכמים זיי זיינען די אמת'ע „בויערער", ווייל זיי פערנעהמען זיך אַלע זייערע יאָהרען מיט אויסבויען און אויסבילדען די וועלט.

תלמידי־חכמים — זאָגט רב חנינא — ברענגען־אַריין פיעל שלום אין דער וועלט.

II

„די מצוה איז ליכט און די תורה איז שיין" — זאָגט שלמה המלך אין זיינע שפּריכווערטער. געהט איינער אין דער פינסטער און האָט קיין

ליכט נישט אין דער האַנד, שלאָגט ער זיך אָן אין אַ שטיין, פאַלט ער אַריין אין אַ גראָבען און צעקלאַפּט זיך דעם קאָפּ. דער וואָס טראָגט אָבער אַ ליכט מיט זיך, מיידט ער אויס יעדער שטרויכלונג און געהט־איבער זיין וועג בשלום. דאָסזעלבע אונטערשייד איז צווישען אַן עם־הארץ און אַ תלמיד־חכם. דער עם־הארץ, וואָס איהם פעהלט די ליכט פון דער תורה, טאַפּט אין דער פינסטער און פאַלט אַריין אין זינד און קומט־אום; דער תלמיד־חכם אָבער האָט אַ ליכטיגען לאמטערען אין דער האַנד, — די תורה, און זי פיהרט איהם דורך בשלום איבער אלע געפאַהרען אין וועג. און דאָס זעלבע זאָגט אויך דוד המלך: „ליכט פאַר מייגע פיס — דיינע ווערטער און שיין פאַר מיין שטעג."

III

„ליעב האָבען זאָלסטו דיין האַר גאָט" — און בעליעבט זאָל זיין נאָמען ווערען דורך דיר. אַז אַ יוד לערענט פיעל, בעדיענט תלמידי־חכמים און האַנדעלט עהרליך און בענעהמט זיך פיין מיט לייטען — וואָס זאָגען לייט אויף איהם? וואויל איז יענעם וואָס האָט געלערענט תורה! וואויל איז דעם פאָטער וואָס האָט איהם געלערענט תורה! וואויל איז דעם רבי'ן זיינעם וואָס האָט איהם געלערענט תורה! וועה איז די וואָס האָבען קיין תורה נישט געלערענט, אָט דער האָט געלערענט תורה, זעהט ווי שען זיין בענעהמען זיך, ווי פיין איז זיין אויפפירונג, אויף איהם זענען אָנגעפּאַסט די ווערטער פונ'ם נביא ישעיה: „ער (גאָט) האָט מיר געזאָגט: מיין דיענער ביזטו, אַ יוד וואָס איך ריהם זיך מיט דיר". אָבער דער וואָס לערענט תורה און בעדיענט תלמידי־חכמים, נאָר ער האַנדעלט נישט עהרליך און בענעהמט זיך נישט פיין מיט לייטען — וואָס זאָגען לייט אויף איהם: וועה איז יענעם וואָס האָט געלערענט תורה! וועה איז דעם פאָטער זיינעם וואָס האָט איהם געלערענט תורה! וועה איז דעם לעהרער זיינעם וואָס האָט איהם געלערענט תורה! אָט דער וואָס האָט געלערענט תורה, זעהט ווי מיאוס זיין בענעהמען זיך, ווי שענדליך זיין אויפפיהרונג. און אויף איהם זענען אָנגעפּאַסט די ווערטער פונ'ם נביא יחזקאל: „זיי האָבען פערשוועכט מיין הייליגען נאָמען, אַז מען זאָגט אויף זיי: גאָטס פאָלק זיינען זיי און פון זיין לאנד קומען זיי אַרויס".

IV

פופצעהן זיטען ווערען אויסגערעכענט ביי אַ תלמיד־חכם: פיין ביי'ם אריינקומען, פיין ביי'ם אַרויסגעהן, פרום ביי'ם זיצען אין ישיבה, קלוג אין זיין גאָטספאָרכטיגקייט, ניכטער אין שכל, אַ חכם אין זיין אויפפיהרונג, אַ זאַמלער (פון תורה) און אַ בעל־זכרון, ענטפערט וואָס מעהר

אויף דעם וואָס מען פרעגט איהם, פרעגט צו דער זאַך און ענטפערט צום פונקט, הערט פריהער גוט אויס איידער ער ענטפערט. אין יעדער שיעור זיינעם טהוט ער עפּיס אויף אַ נייעס, געהט צו געלעהרטע, לערענט מיט דער דעה יענעם צו לערנען און לערענט כדי מקיים צו זיין.

אַ תלמיד־חכם זאָל נישט עסען שטעהענדיג, נישט לעקען מיט די פינגער, נישט שפייען פאַר יענעם, וועניג שמועסען, וועניג לאַכען, וועניג שלאָפען, וועניג וואוילטאָג זיך אָנטהון, זיין גוט געוואָרענט מיט זיין „יאָ" און מיט זיין „ניין".

דער שטייגער פון אַ תלמיד־חכם איז: זיין אַן ענו און געפּאַלען ביי זיך, אַ זריז, נישט אָבענטפערען אויף קיין בעליידיגונג, זיך בעליעבען ביי יעדען מענשען, שטאַרק צוגעלאָזען צו די הויז־מענשען, שרעקען זיך פאַר אַ זינד, בעטראַכטען דעם מענשען לויט זיינע מעשים, ווייכען פון עולם־הזה ווי פון אַ פרעמדער וועלט, זיצען שטענדיג און לערנען, זיך וואַלגערען ביי די פיס פון וואוילגעלערענטע און קיינער זאָל אויף אים קיין שלעכטעס ניט זעהן.

אַ חכם צייכענט זיך אויס מיט די זיבען זיטען: ער רעדט נישט פאַר קיין גרעסערען פון זיך, פאַלט נישט אַריין יענעם אין די רייד, איילט זיך נישט צו ענטפערען איידער ער הערט־אויס, פרעגט צו דער זאַך און ענטפערט צום פונקט, ער רעדט פון דער ערשטער זאַך צום ערשט און פון דער לעצטער צולעצט, און אויף וואָס ער פערשטעהט נישט זאָגט ער: „איך פערשטעה נישט" ער איז מודה אויפ'ן אמת. און ביי אַ נאַר איז דאָס אַלעס פערקעהרט.

V

„גאָט'ס לעהרע איז זיין בעגעהר...
ער איז ווי אַ בוים געפּלאַנצט ביי טייכליך וואַסער
וואָס גיט זיין פרוכט אין דער צייט
און זיין בלאַט וועלקט נישט" —

אפילו אַ איינפאַך ווערטיל פון אַ תלמיד־חכם איז טיעפזיניג און מען דאַרף עס לערנען, ביי אַ זאַפטיגען בוים — איז זאַפטיג נישט נור די פרוכט נאָר אויך דאָס בלעטעל זיינס.

אַ אמת'ער תלמיד־חכם לאָזט נישט אַרויס פון דער האַנד אַ זאַך וואָס איז נישט פאָלקאָמען.

דער ארון־קודש איז געוועזען אינערליך ווי אויסערליך מיט ריינעם

גאָלד בעדעקט, אַ תּלמיד־חכם דאַרף זיין ריין אינערליך ווי אויסערליך, אויב נישט איז ער נישט ווערטה דעם נאָמען תלמיד־חכם.

אַ תּלמיד־חכם וואָס האָט נישט קיין פערשטאַנד, איז ערגער פון אַ נבלה.

VI

רבא זאָגט: אַ תּלמיד־חכם אַז ער היצט זיך אַמאָל איז דאָס דער־פאַר וואָס די תּורה האָט איהם אויפגעהיצט, ווי דער פסוק זאָגט: „מיינע ווערטער, זאָגט גאָט, זענען ווי פייער״.

ר׳ אַשי זאָגט: אַ תּלמיד־חכם וואָס איז נישט האַרט ווי אייזען, הייסט נישט קיין תּלמיד־חכם, ווי עס זאָגט דאָרט דער סוף פסוק: „ווי אַ האַמער וואָס צעברעקעלט דעם פעלז״ —

פון דעסטוועגען — זאָגט רבינא — איז גלייכער אַז דער מענש זאָל זיך איינגעוואוינען צו בעגעהן זיך מיט מענשען בנעימות׳דיג.

רב זאָגט: אַ תּלמיד־חכם מעג אַמאָל אין זיך האָבען גאוה אַן אַכטעל פון אַן אַכטעל.

רב הונא בן ר׳ יהושע זאָגט: און דאָס בעשענט איהם ווי די העריליך דעם שפּיץ־זאַנג.

רבא זאָגט: שלעכט אַז מ׳האָט עס, שלעכט אַז עס פעהלט.

רב נחמן זאָגט: נישט דאָס און נישט קיין סימן דערפון!

VII

ר׳ יוחנן זאָגט: אַ תּלמיד־חכם וואָס געפינט זיך אויף זיין קלייד אַ פעטער פלעק, איז ער נישט ווערטה, וואָס ער לעבט אויף דער וועלט; ער איז מבזה זיך און די תּורה.

זעקס זאַכען איז אַ שאַנדע פאַר אַ תּלמיד־חכם:

ער טאָר ניט אַרויסגעהן אין גאַס פאַרפומיערט, מיט געלאַטעטע שיך, איינער אַליין ביינאַכט, נישט שמועסען מיט קיין פרוי אין מאַרק, נישט אַריינגעהן אין בית־המדרש צום לעצטען, נישט זעצען זיך צום טיש אין געזעלשאַפט פון עמי־הארצים; אַנדערע גיבען נאָך צו: אויך נישט מאַכען ביים געהן ברייטע שפאַן און נישט געהן פעררייסען דעם קאָפּ.

---

אַ תּלמיד־חכם וואָס לויפט־אַרום אויף אַלע סעודות — קומט דערצו, אַז ער מאַכט חרוב זיין הויז, לאָזט־איבער די פרוי ווי אַן אַלמנה און זיינע קליינע קינדערלעך ווי פעריתומ׳ט, און ער פערגעסט דאָס לערנען, און גרויסע מחלוקת קומט אויף איהם, און זיינע ווערטער ווערען נישט אָנגענומען, און ער פערשוועכט דעם נאָמען פון גאָט און פון זיין פאָטער און

פון זיין רבי׳ן, און מאַכט אַ שלעכטען נאָמען זיך און זיינע קינדער און קינדס־קינדער אויף לאַנגע יאָהרען — מען רופט איהם: אַרומשלעפּער, שענק־טענצער, טעלער־לעקער.

VIII

תלמידי־חכמים — ווערט זייערע שגגות (אומגערענע פעהלער) פערדעכענט ווי זדונות (אָבזיכטליכע פערברעכען) און עמי־הארצים זענען פערקעהרט: די זדונות זייערע ווערט זיי פערדעכענט ווי שגגות.

אַ תלמיד־חכם וועל ער זינדיגט טאָר מען איהם ניט שענדען עפּענט־ליך, ווי דער פסוק זאָגט: „דו ווערסט געשטרויכעלט בייטאָג, דער נביא מיט דיר ביינאַכט” — דעק איהם צו ווי די נאַכט.

ווי גאָלדענע און גלעזערנע כלים נאָכ׳ן צעבּרעכען קען מען זיי איבערשמעלצען און ווידער מאַכען גאַנצע כלים — אַזוי אַ תלמיד־חכם האָטש ער האָט פערזינדיגט קען ער ווערען צוריק אַ לייט.

זעהסטו אַ תלמיד־חכם, אַז ער האָט געזינדיגט ביינאַכט, קלער נישט וועגען איהם איבער בייטאָג — ער האָט געוויס שוין תשובה געטהון.

ווי אַ ניסעל, האָטש עס שמוצט זיך איין אויסענווענינ בלייבט דער יאָדער אינווענינ ריין, אַזוי אַ תלמיד־חכם האָטש ער פערשמוצט זיך אַמאָל מיט זינד, ווערט די תורה זיינע נישט פעראומרייניגט.

---

אַ תלמיד־חכם וואָס רייסט זיך אָב פון דער תורה איז ווי אַ פויגעלע וואָס שלאָגט זיך אָב פון דער נעסט.

IX

ריש־לקיש האָט געזאָגט: אַ תלמיד־חכם טאָר נישט נעהמען אויף זיך קיין תענית, ווייל ער וועט דורך דעם וועניגער זיך קענען אָבגעבען מיט לערנען תורה.

רב ששת זאָגט: אַ תלמיד־חכם וואָס נעהמט אויף זיך אַ תענית — איז גלייך ווי אַ הונד וואָלט אויפעסען זיין מאָהלצייט.

---

רב זאָגט: דער וואָס שטאָלצירט מיט אַ תלמיד־חכם׳שען מאַנטעל און איז אַליין נישט קיין תלמיד־חכם ווערט ער נישט אַריינגעלאָזט אין אויבערשטענס מחיצה.

X

ר׳ ברכיה זאָגט: זעהט אַ מענש, אַז די תורה לאָזט זיך אויס ביי זיינע קינדער — זאָל ער אַריינפיהרען צו זיך אין שטוב אַ פרוי אַ טאָכטער פון אַ תלמיד־חכם, ווי דער פסוק זאָגט: „אויב אין באָדען ווערט דער

וואָרצעל זיינער (פונ׳ם בוים) געוועלטערט, און אין דער ערד שטאַרבט־אָב זיין שטאַם — איז פון אַ שמעק וואַסער בליהט ער אויף״.

---

אין ר׳ יוחנן׳ס נאָמען זאָגט מען: דער וואָס איז אַליין אַ תלמיד־חכם און זיין זוהן און דערנאָך זיין אייניקעל זענען אויך תלמידי־חכמים — וועט שוין די תורה זיך נישט אויסלאָזען פון זיין נאָכגעבורט.

ר׳ ירמיה זאָגט: נאָך דריי דורות דורכאַנאַנד תלמידי־חכמים, זוכט שוין די תורה אויף איהר שטענדיג גאַסטהויז.

ווי קומט עס וואָס פון תלמידי־חכמים׳שע קינדער קומען אָפטמאָל אַרויס קינדער נישט קיין תלמידי־חכמים?

— כדי מען זאָל נישט זאָגען — ערקלערט רב יוסף — אַז די תורה געהט איבער יעדען בירושה.

רב שישא האָט ערקלערט: כדי זיי זאָלען זיך נישט איבערנעהמען איבער׳ן עולם.

מר זוטרא זאָגט: טאַקי דערפאַר וואָס זיי נעהמען זיך איבער איבער׳ן עולם.

רב אשי זאָגט: ווייל זיי רופען־אָן דעם עולם מיט׳ן נאָמען ״עזלען״.

XI

״אין האַרצען פונ׳ם פערשטאנדיגען רוהט די חכמה — זאָגט שלמה המלך אין משלי — און ביי די נאַרען לאָזט זי זיך וויסען״.

רב חמא זאָגט אויף דעם: די ערשטע העלפט פון דעם שפריכוואָרט איז צוגעפּאַסט צו אַ תלמיד־חכם דער זוהן פון אַ תלמיד־חכם, די צווייטע העלפט — צו אַ תלמיד־חכם דער זוהן פון עם־הארץ.

נישט אומזיסט זאָגט די וועלט אַ ווערטעל: ״אַ האַרטער גראָשען אין פושקע מאַכט קליפּ־קלאַפּ״.

---

זקנים עמי־הארצים, וואָס עלטער זיי ווערען ווערט דער שכל ביי זיי אַלץ מעהר צומישט; ביי זקנים תלמידי־חכמים אָבער איז פערקעהרט: וואָס עלטער זיי ווערען ווערט דער שכל ביי זיי אַלץ מעהר געזעצטער.

XII

״לאָמיך וואוינען אין דיין צעלט אין ביידע וועלטען״ האָט זיך דוד ביי גאָט געבעטען. איז דען מעגליך — פרעגט רב — אַז אַ מענש זאָל וואוינען אין איין זייט אין ביידע וועלטען, אין דער און אין יענער. נאָר דוד

האָט ביי גאָט געבעטען אַזוי: „האַר פון דער וועלט· טהו מיר צוליעב — אַז מען זאָל מיינע ווערטער נאָכזאָגען נאָך מיר אויף דער וועלט“· ווי ר׳ שמעון בן יוחאי פלעגט זאָגען: אַז מע זאָגט נאָך אַ תלמיד־חכם זיינע ווערטער אויף דער וועלט· בעוועגען זיך אין קבר זיינע ליפען· ווי ביי אַ מענשען אין שלאָף·

## XIII

אַ גראָבער יונג קען פרום נישט זיין און אַן עם־הארץ—קיין חסיד·

ר׳ אלעזר זאָגט: אַ תלמיד־חכם ביי אַן עם־הארץ אין די אויגען ווי זעהט־אויס? — אין אָנהויב ווי אַ גאָלדענער קרוג· האָט ער מיט איהם אַביסעל געשמועסט — שוין ווי אַ זילבערנער קרוג; האָט דער תלמיד־חכם פון איהם עפּיס גענאָסען — שוין ווי אַ ערדענער קרוג — קוים ווערט ער צעבראָכען איז צו איהם שוין קיין מיטעל נישטאָ·

## XIV

אַ מענש זאָל פערקויפען פון זיך דאָס לעצטע און נעהמען פאַר אַ פרוי אַ טאָכטער פון אַ תלמיד־חכם· כדי אַז ער אַליין וועט שטאַרבען אָדער פערטריבען ווערען זאָל ער קענען זיין זיכער· אַז די קינדער וועלען פער־בלייבען איידעלע מענשען· מיט אַ פרוי אָבער אַ טאָכטער פון אַן עם־הארץ קען ער אין דעם זיכער נישט זיין·

ר׳ מאיר פלעגט זאָגען: ווער עס גיט־אויס אַ טאָכטער פאַר אַ גראָבען יונג· איז ווי ער וואָלט זי געבונדען און אַנידערגעלעגט פאַר אַ ווילדען לייב·

## XV

די שנאה פון עם־הארץ צום תלמיד־חכם איז גרעסער ווי די שנאה פון אַ גוי צו אַ יודען· און פונ׳ם ווייב זיינס נאָך מעהר· און די שנאה פון דעם וואָס האָט אַמאָל אַליין געלערענט און אַוועקגעוואָרפען — נאָך מעהר·

ר׳ עקיבא האָט דערצעהלט: אַז איך בין געווען אַן עם־הארץ פלעג איך זאָגען: וואו נעהמט מען אַ תלמיד־חכם וואָלט איך איהם צעביסען ווי אַ ווילדער עזעל·

## XVI

ר׳ אלעזר האָט געזאָגט: די עמי־הארצים וועלען נישט אויפלעבען· האָט איהם אויף דעם ר׳ יוחנן געזאָגט: דער אויבערשטער איז נישט צו־פריעדען מען זאָל זאָגען אויף זיי אַזעלכע ווערטער·

— איך דרינג עֶס אויס פון אַ פסוק אין ישעיה — עֶנטפעֶרט עֶר איהם — „טוי פון ליכט איז דיין טוי און די עֶרד וועֶט איהרעֶ טויטעֶ אַרויסוואַרפעֶן“: וועֶר ס'איז בעֶלויכטעֶן מיט דעֶם שיין פון דעֶר תורה וועֶט איהם די שיין אויפלעֶבּעֶן, און אויב נישט — ניט.

בעֶמעֶרקט ר' אלעזר אַז ר' יוחנן עֶרגעֶרט זיך, זאָגט עֶר איהם: זיי האָבּעֶן פאַר זיך אַ מיטעֶל, ווי זאָגט די תורה: „איהר, די בעֶהעֶפטעֶ אינ'ם האַר גאָט אייעֶרעֶן, וועֶט איהר אַלעֶ לעֶבּעֶן“ — ווי איז עֶס מעֶגליך זיך צו בעֶהעֶפטעֶן אין דעֶר שכינה? נאָר דעֶר וואָס גיט־אויס זיין טאָכטעֶר פאַר אַ תלמיד־חכם, האַלט אויס תלמידי־חכמים און לאָזט זיי געֶניסעֶן פון זיינעֶ גיטעֶר — ווערט עֶס איהם פעֶררעֶכעֶנט גלייך ווי עֶר וואָלט זיך בעֶהעֶפט אין דעֶר שכינה.

XVII

די חכמי יבנה פלעֶגעֶן אָפט זאָגעֶן: איך בין אַ בעֶשעֶפעֶניש און יעֶנעֶר חבר מיינעֶר איז אַ בעֶשעֶפעֶניש. מיין בעֶשעֶפטיגונג (תורה) איז אין שטאָדט, זיינעֶ — אין פעֶלד. איך שטעֶה־אויף גאַנץ פריה צו מיין בעֶשעֶפטיגונג — עֶר צו זיינעֶ. ווי איהם טראָגט נישט די השגה צו נעֶהמעֶן זיך פאַר מיין בעֶשעֶפטיגונג, אַזוי טראָגט מיר נישט מיין השגה צו זיינעֶר. אפשר מיינסטו: איך לעֶרן מעֶהר, עֶר ווענִיגעֶר, האָט מעֶן שוין לאַנג אויף דעֶם געֶזאָגט: איינעֶר מעֶהר, איינעֶר וועֶניגעֶר, אַבּי נור די כונה איז צו גאָט.

---

ר' אמי פלעֶגט זאָגעֶן: אפילו אַ מעֶנש האָט נור געֶלעֶרעֶנט איין פרק אין דעֶר פריה און איין פרק אויף דעֶר נאַכט האָט עֶר שוין מקים געֶוועֶן די מצוה פון „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך“ (די תורה זאָל זיך נישט אָפטהון פון דיין מויל). אַן אַנדעֶרעֶר האָט געֶזאָגט: מיט קריאת־שמע אַליין אין דעֶר פריה און פאַרנאַכט איז מעֶן שוין אויך מקים די מצוה. דאָס טאָר מעֶן אָבעֶר נישט זאָגעֶן פאַר אַן עם־הארץ, עֶר זאָל נישט מיינעֶן אַז מעֶהר דאַרף מעֶן שוין נישט און וועֶט זיינעֶ קינדעֶר נישט לעֶרנעֶן.

רבא האָט געֶזאָגט: ס'איז אַ מצוה דאָס צו זאָגעֶן פאַר אַן עם־האָרץ, ווייל עֶר וועֶט פעֶרשטעֶהן, אַז אויב די מצוה פון לייעֶנעֶן איין פסוק „שמע“ איז אַזוי גרויס, וועֶר שמועֶסט לעֶרנעֶן תורה כסדר.

---

# תורה שבעל־פה [1].

I

אליהו דערצעהלט: איינמאל בין איך געגאַנגען אין וועג, האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַ מענשען, וואָס האַלט נור פון געשריבענער תורה, אָבער נישט פון דער מינדליכער. שטעהט ער צו צו מיר מיט זיין אפיקורסות:

— נור די געשריבענע תורה אַליין — טענה'ט ער — איז אונז געגעבען געוואָרען פון באַרג סיני, אָבער נישט די מינדליכע.

ענטפער איך איהם דערויף: איז דען נישט די מינדליכע גלייך ווי די געשריבענע פון איין אַלמעכטיגען גאָט'ס מויל אַרויס? און וואָס אייגענטליך בעשטעהט דער אונטערשייד צווישען דיביידע — דאָס לאָזט זיך ערקלערען מיט אַזאַ ביישפיעל: אַ קעניג האָט געהאַט צוויי זעהר בעליעבטע קנעכט, האָט ער געשענקט דעם אַ טאָפּ ווייץ און דעם אַ טאָפּ ווייץ, דעם אַ בינדעל פלאַקס און דעם אַ בינדעל פלאַקס. וואָס האָט געטהון דער מעהר קלוגער פון די ביידע? ער האָט גענומען דאָס פלאַקס, געשפינט דערפון פאָדעם און אויסגעוועבט אַ שען טישטיכעל, גענומען די ווייץ, אויסגעקליבען זי, געמאָהלען ריינע זעמעל־מעהל, געקנאָטען און געבאַקען שענע חלות, פיין אויסגעשטעלט אויפ'ן טיש און זיי איבערגעדעקט מיט'ן טישטיכעל, אַזוי איבערגעלאָזט ביז דער קעניג וועט קומען. דער נאַר אָבער האָט מיט דעם קעניג'ס געשאַנק גאָרנישט געטהון. אין אַ שטיקעל צייט אַרום קומט דער קעניג און זאָגט זיי: קינדער, ברענגט מיר וואָס איך האָב אייך געשענקט. טראָגט איהם דער ערשטער ארויס די פיינע זעמעל אויסגעלעגט אויפ'ן טיש און איבערגעדעקט מיט'ן טישטיכעל, און דער אַנדערער — די רויהע ווייץ אין קאָרב מיט'ן בינדעל פלאַקס פון אויבען. אַך וואָס פאַר אַ שאַנד, אַך וואָס פאַר אַ בושה!

אַזוי אויך, אַז גאָט ברוך־הוא האָט געשיקט די תורה יודען, האָט ער זיי געגעבען אָט ווי יענע ווייץ וואָס מען מאַכט פון איהר זעמעל און ווי פלאַקס צו אויסאַרבייטען אַ געוואַנד.

II

„די ווערטער פון די חכמים זענען ווי טרייבדרענגלעך און ווי אייזערנע פעסט איינגעפלאַנצטע נעגעל [די ווערטער פון] די געלעהרטע פערזאַמלונגען, פון איין פאַסטוך זענען זיי געגעבען געוואָרען". אויף דעם

[1]) מינדליכע לעהרע, אזוי ווערט אָנגערופען, אין געגענזאַץ צו דער געשריבענער תורת משה, משנה־און תלמוד־ליטעראַטור.

פסוק האָט ר׳ אליעזר בן עזריה גע׳דרש׳ענט אַזוי: פאַר וואָס זענען גע־גליכען די תורה־ווערטער צו טרייבדרענגלען? אָט ווי דאָס טרייבדרענ־געל פיהרט די אַקער־בהמה גלייך איבער דער גראַדער בייט צו ברענגען לעבען פאַר גאָר די וועלט, אַזוי אויך די תורה ווערטער פיהרען־אָב דאָס האַרץ ביי די וואָס גיבען זיך אָב מיט זיי פון די קרומע וועגען פון טויט אויף די גלייכע וועגען פון לעבען: ״איינגעפלאַנצט״ — אָט ווי די פלאַנ־צונגען פרוכפּערען זיך און מעהרען זיך, אַזוי מוזען אויך די תורה־ווערטער זיך ווייטער פרוכפּערען און מעהרען; „די געלעהרטע פערזאַמלונגען״ — דאָס זענען די געלעהרטע, וואָס אויף זייערע פערזאַמלונגען בעהאַנדלען זיי די תורה־ווערטער יעדער לויט זיין מיינונג: דער זאָגט ריין, דער — אומריין, איינער זאָגט: מען מעג, דער אַנדערער — מען טאָר נישט, איי־נער כשר׳ט, איינער פסל׳ט. קען דאָך עמיצער פרעגען: ווי איז מעגליך אויף אַזאַ אופן צו לערנען תורה? שטעהט ווייטער: „פון איין פאַסטוך זענען זיי געגעבען״ — איין גאָט האָט דאָס אַלעס געגעבען, פון איין פיה־רערס מויל איז דאָס אַלעס אַרויסגעזאָגט געוואָרען, פון בעשעפער פון אַלע ווערק אויף דער וועלט. דערום מאַך דיין אויער ווי אַ מיהל־טרויבעל [1] און ערווערב זיך אַ פערשטאַנדיג האַרץ איינצוהערען זיך אין די ווערטער פון אַלע, סיי פון די וואָס זאָגען ריין, סיי פון די וואָס זאָגען אומריין, די וואָס זאָגען מען מעג און די וואָס זאָגען מען טאָר נישט, די וואָס כשר׳ען און די וואָס פסל׳ען.

---

„פון איין פאַסטוך זענען זיי געגעבען געוואָרען״ — האָסטו געהערט פון עמיצענס מויל, מעג זיין פונ׳ם קליינסטען, אַ גוט וואָרט און ס׳האָט ביי דיר אויסגענומען — זאָל עס ביי דיר אין די אויגען גלייך זיין ווי דו וואָלסט עס הערען פון אַ גרויסען, פון אַ חכם, פון אַ נביא, פון משה רבנו דעם יודישען פאַסטוך אַליין.

III

„מיינע ווערטער — זאָגט גאָט — זענען ווי פייער, און ווי אַ האַמער וואָס צעברעקעלט אַ פעלז״ — אָט ווי פון אונטער׳ן האַמער, קלאַפּענדיג אויפ׳ן שטיין, צעשפּריצען זיך אין אַלע זייטען פונקען אָהן אַ שיעור, אַזוי אויך אַ פסוק פון דער תורה, אַז מען צעגליעדערט איהם געפינט מען אין איהם פערשידענע טעמים נאָך יעדענס גוסט.

---

[1]) דאס טרויבעל איבער׳ן מיהל־שטיין, וואו עס ווערט אריינגעשאטען אלערליי פערשיע־דענע תבואות צו מאָהלען.

IV

אַזוי ווי ווען אַפילו אַלע בריות פון דער וועלט זאָלען זיך פירנעהמען ווייס מאַכען איין פליגעל פונ׳ם ראָב, וועט זיך זיי עס נישט איינגעבען—אַזוי אויך וועט זיך קיינעם אין דער וועלט נישט איינגעבען אויסצורייסען אַפילו איין יוד, דאָס קלענסטע אות פון דער תורה.

ווייל איינער אויסרייסען פון דער תורה איין פסוק, איין וואָרט, איין אות אָדער אַפילו איין מינדליכען אויסדרונג פון איהר — ווייזט ער אַרויס פעראַכטונג דער גאַנצער תורה. ס׳איז גענוג פון אַ געוועלב אַרויסצושלעפען איין איינציגען שטיין עס זאָל זיך אין גאַנצען איינוואַלגערען.

## די הייליגע שריפטען.

I

ר׳ מאיר דערצעהלט: ווען איך בין געקומען תורה לערנען ביי ר׳ ישמעאל׳ן האָט ער מיך געפרעגט: „קינד מיינס, מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך?״ ענטפער איך איהם: „אַ סופר בין איך, איך שרייב הייליגע ספרים״. זאָגט ער מיר: „קינד מיינס, זיי פאָרזיכטיג אין דיין אַרבייט, ווייל די אַרבייט דיינע איז זעהר אַ הייליגע; שרייבסטו צו איין איבעריג אות אָדער פערפעהלסט אָן אות — מאַכסטו אָן אַ חורבן אין דער וועלט״.

אַ ספר וואָס איז נישט גוט איבערגעקוקט אויף אויסצובעסערען דאָרט אַלע פעהלער, טאָר מען נישט האַלטען אין שטוב אַ לענגערע צייט.

ר׳ יהושע בן לוי זאָגט: די אנשי כנסת הגדולה [1]) האָבען געפאַסט פיעראונצוואַנציג תעניתים אַז ספרים־שרייבער זאָלען נישט אויפקומען, כדי זיי זאָלען זיך האַלטען ביי זייער אַרבייט.

II

ספרים טאָר מען נישט וואַרפען פון אָרט אויף אָרט און זיך בעגעהן מיט זיי מיט אום־כבוד.

אַ ספר־תורה זאָל מען שרייבען מיט שענער טינט, מיט אַ שענער פען, מיט אַ שענער האַנדשריפט, אויף שען פאַרמעט פון הירשענפעל און איינהילען אין שענע זיידענע מענטעלעך, ווי עס שטעהט געשריבען: „זה אלי ואנוהו״ — דאָס איז ער מיין גאָט, איך וועל איהם בעשענען.

---

[1]) די מענער פון דער גרויסער פערזאמלונג אין אנפאַנג צייטען פון בית שני.

# אייגענע שפּראַך און איבערזעצונג.

I

ווען גאָט ברוך־הוא האָט באַלד נאָכ׳ן אַרויספיהרען די יודען פון מצרים געזאָלט זיי געבען די תורה, האָט ער אָנגעהויבען מיט זיי רעדען אויף דער שפּראַך וואָס זיי איז דעמאָלט געווען פערשטענדליך. נישט מיט „אני ה׳ אלהיך" האָט ער אָנגעהויבען די ערשטע פון עשרת הדברות, נאָר מיט „אנכי", אַ וואָרט וואָס שטאַמט פון עגיפּטישער שפּראַך. עס קומט אויס ווי ביי איינעם אַ קעניג איז געפאַנגען געוואָרען זיין זוהן און ער איז פערבליבען ביי די פענגער אַ לענגערע צייט, ביז ער האָט גענומען רעדען אויף זייער לשון. אין אַ צייט אַרום, אַז דער פאָטער האָט איהם בעפרייט פון זייערע הענד, האָט ער מיט איהם אָנגעהויבען רעדען אויף זיין מוטער־שפּראַך, האָט ער גאָרנישט פערשטאַנען. וואָס־זשע זאָל ער טהון? האָט ער געמוזט מיט איהם אָנהויבען רעדען אויף דער פרעמדער שפּראַך פון די פענגער.

II

דער טאָג, וואָס מ׳האָט פאַר יודען איבערגעזעצט די תורה אין פּטאָלאָמיי׳ס צייטען [1] אויף גריכיש, איז געווען ביי יודען פערערעכענט פאַר איינעם פון די אומגליקליכסטע, — פּונקט ווי יענער טאָג וואָס אין איהם איז דער עגל געמאַכט געוואָרען, ווייל די תורה לאָזט זיך נישט אויף אַ פרעמדער שפּראַך איבערזעצען ווי געהעריג.

און אַז יונתן בן עוזיאל האָט אין אַ שפּעטערדיגער צייט זיך פער־נומען מיט איבערזעצען די נביאים אויפ׳ן אַראַמישען דיאַלעקט, די פאָלקס־שפּראַך פון יענער צייט, איז גאַנץ ארץ ישראל דערציטערט געוואָרען פון איין עק ביז׳ן אַנדערען.

— ווער האָט עס געוואַגט — האָט זיך אַ בת־קול געלאָזט הערען — אַרויסצוטראָגען די סודות פאַר גאָר די וועלט?

האָט יונתן בן עוזיאל זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס און געזאָגט: איך האָב דיינע סודות אויפגעדעקט פאַר דער וועלט, און גאָט ווייסט דעם אמת אַז געטהון האָב איך עס נישט צוליב מיין כבוד און נישט צוליב׳ן כבוד פון מיין פאָטער׳ס הויז, נור צוליב גאָט׳ס כבוד אַליין, כדי צו פערקלענערען מחלוקת ביי יודען.

ער האָט אויך געוואָלט פערעפענטליכען די איבערזעצונג פון כתובים, האָט איהם דאָס בת־קול געזאָגט: גענוג פאַר דיר!

[1]) אין די צייטען פון בית שני האָבען זיך געפונען אין דער הויפּט־שטאָדט אלכסנדריה אַ גרויסע טייל יודען, וואָס האָבען נישט געקענט זייער אייגענע שפּראַך, און צוליעב זיי האָט מען גענומען איבערזעצען די תורה אויף גריכיש.

פאַר וואָס? ווייל אין כתובים געהט אַריין אויך די זעהונגען פון דניאל׳ וואו עס ווערט גערעדט וועגען משיח׳ס־צייטען — זאַכען וואָס זענען נישט צום איבערזעצען פאַר יעדען·

## לערנען און טהון·

I

„די מצוה איז אַ ליכט און די תורה אַ שיין״ — זאָגט שלמה המלך אין זיינע שפּריכווערטער· אָט ווי די ליכט לייכט נור אויף דערווייל׳ ווי לאַנג זי האַלט נאָך אין ברענען׳ אַזוי אויך שיצט די מצוה נור אויף דער־ווייל׳ ביז מען טהוט זי אָב; די תורה אָבער איז געגליכען צו דער ליכטי־גער שיין פון דער זון· ווי די שיין פון דער זון שיינט אייביג און לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויס׳ אַזוי בעשיצט אויך די תורה איהרע לערנער אייביג׳ אויף דער וועלט׳ אין דער שעה פונ׳ם טוידט און אויך נאָכ׳ן טוידט אויף יענער וועלט·

דאָס קען מען צוגלייכען צו איינעם׳ וואָס איז געגאַנגען אין וועג אין אַ שטאָקפינסטערע נאַכט׳ האָט ער זיך געשראָקען פאַר דערנער און שטעכלען און פאַר גריבער׳ פאַר ווילדע חיות און גזלנים׳ און דערצו האָט ער זיך נאָך אָבגעשלאָגען פונ׳ם וועג· ווי נור ער באַקומט אַ פאַקעל פייער איז ער שוין בעהיט פון דערנער און שטעכלען און גריבער· דאָך שרעקט ער זיך נאָך פאַר ווילדע חיות און גזלנים און ווייסט נאָך אַלץ נישט דעם וועג· וויבאַלד אָבער עס האָט אָנגעהויבען שיינען אויף טאָג איז ער שוין בעהיט אויך פאַר ווילדע חיות און גזלנים· ער ווייסט אָבער נאָך אַלץ נישט אויף וואָס פאַר אַ וועג ער געהט· ווי נור ער איז צוגעקו־מען צום שיידע־וועג איז ער גערעטעט געוואָרען פון אַלעמען·

דאָסזעלבע איז אויך מיט דער מצוה און מיט דער תורה· די מצוה לייכט נישט מעהר ווי אַ פאַקעל אין אַ פינסטערע נאַכט; די תורה אָבער איז ווי די שיין פונ׳ם ליכטיגען טאָג·

אויך דערפאַר — זאָגען אַנדערע — איז די מצוה געגליכען צו אַ ליכט און די תורה צום טאָג שיין׳ ווייל אַ מצוה קען אויסגעלאָשען ווערען דורך אַן עבירה ווי אַ ליכט דורכ׳ן ווינד׳ די שיין פון דער תורה אָבער׳ פונקט ווי די שיין פון דער זון׳ איז אַ שטענדיגע׳ זי ווערט נישט פער־לאָשען אַפילו דורך אַן עבירה·

---

לאַנג האָבען די חכמים געפיהרט מחלוקת וועגען דער פראַגע וועלכעס פון די צוויי שטעהט העכער׳ לערנען צי טהון· איינינע האָבען

געזאָגט, אַז לערנען, די אַנדערע אַז טהון. ביז אַלע זענען געקומען צו איין בעשלוס, אַז לערנען איז העכער, דערפאַר טאַקי ווייל דאָס ברענגט צום טהון.

II

ר׳ חנינא בן דוסא פלעגט זאָגען: יעדער וואָס זיין טהון איז מעהר ווי זיין קענטעניש — האָט זיין קענטעניש אַ האַפט; דער אָבער, וואָס זיין קענטעניש איז מעהר ווי זיין טהון—האָט נישט זיין קענטעניש קיין האַפט.

ר׳ אלעזר בן עזריה פלעגט זאָגען: דער וואָס זיין קענטעניש איז מעהר ווי זיין טהון, איז גלייך צו אַ בוים מיט פיעל צווייגען און וועניג וואָרצלען, קומט אַ ווינד רייסט ער איהם אויס און וואַלגערט איהם אום; דער אָבער, וואָס זיין טהון איז מעהר ווי זיין קענטעניש, איז גלייך צו אַ בוים מיט וועניג צווייגען און פיעל וואָרצלען — מעגען אַלע ווינטען פון דער וועלט אויף איהם בלאָזען וועלען זיי איהם פון אָרט נישט ריהרען.

ר׳ שמעון בן חלפתא זאָגט: ווער עס לערענט תורה און פאָלגט נישט, ווערט האַרבער בעשטראָפט ווי דער וואָס האָט גאָרנישט געלערענט. גלייך ווי ביי יענעם קעניג, וואָס האָט צו זיך אין גאָרטען צוגענומען צוויי פעכטער. איינער פלעגט פלאַנצען בוימער און זיי אויסהאַקען, און דער אַנדערער האָט נישט געפלאַנצט און נישט געהאַקט. אויף וועמען פון זיי איז דער קעניג מעהר אויפגעבראַכט? פערשטעהט זיך, אַז אויף דעם וואָס ער פלאַנצט און האַקט.

III

פיערערליי בעציהונגען זענען מעגליך צום לעהר־הויז: בעזוכען און נישט טהון — בלייבט דאָס פערדיענסט פאַר׳ן בעזוכען; טהון און נישט בעזוכען — בלייבט דאָס פערדיענסט פון טהון; אי בעזוכט אי געטהון — איז אַ חסיד; נישט בעזוכט און נישט געטהון — איז אַ רשע.

איינער פרעדיגט שען און טהוט שען, איינער טהוט שען און פרעדיגט נישט שען, איינער פרעדיגט שען און טהוט נישט שען.

---

זאָגט איינער: איך האָב נור תורה [1]) — האָט ער אפילו קיין תורה אויך נישט.

---

[1]) ד. ה. אז טהון געהט איהם נישט אָן.

רבה בר אבינא זאָגט: דער וואָס קען לערנען און פערמאָגט נישט קיין גאָטספאָרכטיגקייט איז גלייך צו אַ שאַצמייסטער וואָס מ׳האָט איהם איבערגעגעבען די אינוועניגסטע שליסלען אָהן די אויסערליכע — ווי אַרום זאָל ער אַריינקומען אין שאַצקאַמער?

און אויף אַזעלכען פלעגט ר׳ ינאי אויסשרייען:
ווער איז דעם וואָס פערמאָגט נישט קיין מויער —
און בויעט טהיר און טויער!

IV

ר׳ אלכסנדרי האָט זיך געשטעלט אין גאַס און אויסגעשריגען: ווער פערלאַנגט לעבען? איז זיך צונויפגעלאָפען אַן עולם און זיך אָנגערופען: מיר פערלאַנגען, גיב אונז לעבען! האָט ער זיי געענטפערט מיט יענע ווערטער פון תהלים:

„ווער איז דער מאַן וואָס פערלאַנגט לעבען,
בעגעהרט צו זעהן טעג מיט גליק?
היט די צונג דיינע פון שלעכטס
און דיינע לעפצען פון פאַלשקייט רעדען!"

קען דאָך אַ מענש זאָגען: וויבאַלד איך האָב זיך אָבגעהיט פון דעם אַלעמען בין איך שוין יוצא און מעג זיך שוין אַריינלאָזען אין שלאָף — שטעהט באַלד נאָכדעם:

„טרעט־אָב פון שלעכטס און טהו גוטס,
זוך דעם פריעדען און יאָג זיך איהם נאָך".

---

נישט דאָס דרש׳ענען איז דער עיקר, נאָר דאָס טהון.

---

## די געבאָט פון דער תורה.

I

ר׳ חנניא בן עקשיא האָט געזאָגט: גאָט ברוך־הוא האָט געוואָלט אויסאיידלען און אויספיינערען יודען, דעריבער האָט ער זיי נישט געקאַרגט קיין תורה און קיין מצוות.

---

די אַמאָליגע האָט גאָט געגעבען נאָר אַ שמעק פון די מצוות: אדם׳ן איינע, נח׳ן מיט די קינדער — זעקס, מיר יודען אָבער, קומענדיג צום

באַרג סיני האָט ער אויף אונז אויפגעגאָסען אַלע זיינע מצוות, ווי מען גיסט פון אַ פאַס.

ר׳ אבא זאָגט: תרי״ג (זעקס הונדערט דרייצעהן) מצוות געפינען זיך אין דער תורה, רמ״ח (צוויי הונדערט אַכט אין פערציג) געבאָט [1], פונקט וויפיעל אברים ביי אַ מענשען, יעדער אבר מאָהנט ביי׳ם מענשען און שרייט: טהו מיט מיר אַ מצוה כדי מיר זאָלען אין דעם זכות געזונד זיין און לאַנג לעבען; און שס״ה (דרייהונדערט פינף און זעכציג) פער־באָט, פונקט ווי די טעג פון זון־יאהר, ווייל יעדער טאָג, פון דעם זון־אויפגעהען ביז איהר פערגעהען, שרייט זי און מאָהנט ביים מענשען: איך בעשווער דיך מיט׳ן נאָמען פון דעם וואָס ער האָט דערפיהרט דיין לעבען ביז היינטיגען טאָג, אַז דו זאָלסט אין מיין טאָג נישט איבערטרע־טען דאָס און דאָס געבאָט און זאָלסט נישט איבערוועגען זיך און די גאַנצע וועלט אין די זייט פון שולד.

II

„פערנעהמט, הימלען, און איך וועל רעדען
און לאָז הערען די ערד די זאָג פון מיין מויל״—

גאָט ברוך־הוא האָט משה׳ן אַזוי געזאָגט: זאָג זיי, די יודען: קוקט זיך איין אין די הימלען, וואָס האָב איך זיי בעשאַפען צו בעדיענען אייך, צי האָבען זיי אמאָל געענדערט זייער שטייגער? צי איז דער זון־קוגעל אויפגעגאַנגען אַמאָל נישט פון מזרח צו בעשיינען די גאַנצע וועלט? צי טהוט ער נישט מיט גרויס פרייד זיין שליחות ביים אויספיהרען מיין ווילען? קוקט זיך ווידער איין אין דער ערד, וואָס איך האָב בעשאַפען צו בעדי־נען אייך; צי ווייכט זי אמאָל אָב פון איהר שטייגער? ווען איהר זייעט זי, וואַקסט דען נישט? צי ווען איהר פערזייעט ווייץ וואַקסט דען אַמאָל גערשטען? אַן אָקס אפילו, מאַכט זיך דען ער זאָל זיך אָבזאָגען פון אַקערען, פון דרעשען, אָדער אַן עזעל פון אַ משא־טראָגען און געהן אין וועג? דעסטגלייכען דער ים, צי האָט ער אַמאָל געענדערט זיין שטייגער, אַרויס פון די ברעגען און פערפלייצט די וועלט? היינט בעטראַכט, ווען אָט די אַלע, וואָס ווייסען נישט פון קיין פערדיענסט און פון קיין פערברעכען, אַז עס ערוואַרטעט זיי נישט קיין לוין און קיין שטראָף, און האָבען נישט קיין גע־פיהל פון רחמנות צו זיהן און טעכטער, בלייבען זיי טריי זייערע אייביגע גע־זעצען, בפרט איהר, וואָס ווייסט פון פערדיענסט און פון פערברעכען, און עס ערוואַרטעט אייך לוין און שטראָף און האָט געפיהל פון רחמנות צו אייערע זיהן אין טעכטער, — דאַרפט איהר דאָך געוויס נישט אָבוויי־כען פון אייער גלייכען וועג.

[1]) אַזעלכע וואָס מ׳איז מחויב צו טהון.

III

רבי זאָגט: זיי געהיט אין אַ גרינגער מצוה גלייך ווי אין אַ האַרבער ווייל דו קענסט נישט וויסען די לוין פון מצוות, און רעכען־אויס דעם שאָדען פון אַ מצוה אַקעגען איהר פערדיענסט און דעם פערדיענסט פון דער עבירה אַקעגען איהר שאָדען.

---

בן־עזאי זאגט: זאלסט לויפען נאך אַ לייכטע מצוה ווי נאך אַ שווע־רער, און אַנטלויף פון יעדער עבירה, ווייל אַ מצוה שלעפּט־נאָך אַ מצוה און אַן עבירה שלעפּט־נאָך אַן עבירה, וואָרום די לוין פון דער מצוה איז אַ מצוה, און פון דער עבירה — אַן עבירה.

IV

„האַלט זיך פעסט אין רעכט־לעהרע, לאז נישט אבּ,
היט זי, דען זי איז דיין לעבען" —

אַזוי זאָגט שלמה אין זיינע שפּריכווערטער. עס קומט אויס אַזוי ווי איינער, וואָס איז פון שיף אַריינגעפאַלען אין וואַסער, פערוואַרפט צו איהם דער שיפס־קאַפּיטאַן אַ שטריק און שרייעט צו איהם: האַלט זיך אָן אין דעם שטריק, לאָז איהם נישט אָבּ, אויב נישט איז דיין לעבען פער־פאַלען. אַזוי אויך זאָגט גאָט ברוך־הוא די יודען: כל זמן איהר האַלט זיך פעסט אין די מצוות זענט איהר בעוואָרענט מיט׳ן לעבען. ווי די תורה זאָגט: „און איהר, בעהעפטע אין אייביגען גאָט אייערען, לעבט איהר אַלע היינט".

V

מצוות זענען געגעבען געוואָרען צו לעבען מיט זיי, ווי זאָגט די תורה: „איהר זאָלט היטען מיינע געזעץ... וואָס דער מענש דאַרף זיי טהון ער זאָל מיט זיי לעבען"—אָבער נישט מיט זיי שטאַרבען. קיין זאַך טאָר נישט אָבשטעלען צו ראַטעווען דאָס לעבען פון אַ נפש, אויסער דריי פערבאט, וואָס אויף זיי דאַרף מען לאָזען זיך טויטען און נישט איבּעטרעטען זיי, דאָס איז: געצענדיענערײ, אונצוכט און בלוט פער־גיסען.

דאָס איז אַלץ גערעדט אין די געוועהנליכע צייטען. אין דער צייט אָבער וואָס מען נויט יודען אָבצוטרעטען פון זייער גלויבען, דאַרף אַ יוד אָבגעבען דאָס לעבען אַפילו איבער אַ מינדסטער זאַך פון יודישקייט, ווי

די תורה זאָגט: „איהר זאָלט נישט פערשוועכען מיין הייליגען נאָמען און איך זאָל געהייליגט ווערען צווישען יודישע קינדער".

---

ר' שמעון בן אלעזר זאָגט: יעדער געבאָט וואָס יודען האָבען זיך אויף דעם מוסר־נפש געווען אין די שווערע צייטען פון גזירות, ווי א שטייגער געצענדיענערייי און מילה — האַלט זיך עס נאָך ביי זיי פעסט. דאָס געבאָט וואָס אין די צייטען פון גזירות האָבען זיך יודען אויף דעם נישט מוסר־נפש געווען, ווי צום ביישפיעל תפילין, האַלט זיך עס ביי זיי ביז היינט שוואַכליך.

איינמאָל האָט די רעגירונג אַרויסגעלאָזט אַ גזירה, אַז ווער עס וועט לעגען תפילין אויפ'ן קאָפּ וועט מען איהם לעכערען דעם מוח. האָט איינער, אלישע, געלעגט תפילין און איז אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק. האָט ער דער־זעהן אַ רעגירונגס־בעאַמטען, איז ער אַנטלאָפען און יענער איז איהם נאָכ־געלאָפען. ווי ער האָט איהם אָנגעיאָגט האָט אלישע אַראָבגעחאַפּט די תפילין פונ'ם קאָפּ און זיי געהאַלטען אין די הענד. פרעגט איהם דער בעאַמטער: וואָס איז ביי ד"ר אין די הענד? ענטפערט איהם אלישע: טויבען־פליגעל — עפענט־אויף די האַנד און דאָרט געפינען זיך ווירקליך טויבען־פליגעל. פון דעמאָלט־אָן האָט ער בעקומען אַ נאָמען: „אלישע דער מאַן פון די פליגעל".

און וואָס איז איהם עפּיס איינגעפאַלען צו זאָגען טויבען־פליגעל? ווייל יודען זענען געגליכען צו טויבען, ווי דוד המלך זאָגט: „טויבען־פליגעל בעדעקט מיט זילבער און די פליגעל איהרע גרינליך בעגאָלדעט" — ווי די פליגעל בעשיצען די טויב, אַזוי בעשיצען מצוות די יודען.

---

ר' אַבּא בר זמינא האָט גענייט קליידער אין רוים ביי אַ גוי אין הויז. האָט מען איהם דערלאַנגט עסען טריף פלייש, זאָגט איהם דער גוי: עס. ענטפערט ר' אבא: איך וועל נישט עסען. זאָגט איהם ווידער דער גוי: עס, אויב נישט וועל איך דיך טויטען! זאָגט איהם ר' אבא: אויב דו ווילסט מיך טויטען טויט און קיין טריפ'ס וועל איך נישט עסען.

— פון וואַנען האָסטו זיך אָנגעשטויסען — זאָגט איהם יענער — אַז דוקא ווען דו זאָלסט יאָ עסען וואלט איך דיך ערשט דעמאָלט געווען געטויט. איינס פון די ביידע: איז מען אַ יוד — זאָל מען זיין אַ יוד, איז אַ גוי — אַ גוי.

---

צוויי תלמידים ר׳ יהושע׳ס האָבען אין אַ צייט פון שווערע גזירות אויף יודען געענדערט זייערע קליידער מען זאָל נישט דערקענען אַז זיי זענען יודען· בעגעגנעט זיי אַ בעאַמטער אַ משומד· זאָגט ער זיי: זענט איהר קינדער פון דער תורה זייט זיך צוליב איהר מוסר־נפש· און אויב נישט – צו וואָס טויג אייך אַזוי פיעל ליידען צוליב איהר? ענטפערען זיי: מיר זענען איהרע קינדער און מיר זענען גרייט פאַר איהר אונזער לעבען אַוועקגעבען· אַ מענש אָבער נעהמט נישט און ברענגט אַליין אויף זיך דעם טוידט·

VI

רבה בר בר חנה איז געגאַנגען אין וועג מיט אַ קאַראַוואַן פון אַראַבער· האָט ער געגעסען און פערגעסען צו בענשען אויפ׳ן אָרט· נאָכ־דעם וואָס ער איז שוין אָבגעגאַנגען אַ שטיק וועג האָט ער זיך דערמאָהנט· טראַכט ער זיך: וואָס טהוט מען? זאָל איך זיי זאָגען· אַז איך האָב פער־געסען בענשען און דערפאַר וויל איך זיך אומקעהרען צוריק צו בענשען אויפ׳ן אָרט וואו איך האָב געגעסען· אַזוי ווי דער יודישער דין הייסט· וועלען זיי אויף מיר נישט וואַרטען· ווייל זיי וועלען מיר זאָגען: בענש דאָ· אומעדום וועט עס אָנקומען פאַר גאָט; בעסער וועל איך זאָגען: וואַרט אויף מיר· ווייל איך האָב דאָרט פערגעסען אַ גאָלדענע טויב· האָט ער זיך צוריקגעקעהרט און אָבגעבענשט אויפ׳ן אָרט און געפונען דאָרט אַ גאָלדענע טויב·

VII

ר׳ אלכסנדר זאָגט: דורך אַ מצוה טהון וועלען די הערצער ביי מענ־שען דערנעהנטערט איינס צום אַנדערען און עס קומט צו שלום און גוט־פריינדשאַפט· צוויי עזעל־טרייבער· למשל· שונאים צווישען זיך· פיהרען משא אין וועג· פאַלט איינעמס אַן עזעל אינמיטען וועג אונטער דער משא· זעהט עס דער צווייטער און געהט פערביי און מאַכט זיך נישט וויסענדיג· ערשט שפעטער בעקלערט ער זיך: האָט דען די תורה נישט אָנגעזאָגט· ״אַז דו זעהסט אַן עזעל פון דיין פיינד ליגט אונטער זיין משא זאָלסטו איהם מיטהעלפען״? קעהרט ער זיך באַלד אום· לעגט־צו אַ האַנד און העלפט איהם אויסלאָדען· אָנלאָדען· און צוביסלעך וואַרפט ער זיך מיט איהם דורך מיט אַ שמועס: דאָ גיב אַ שטופּ· דאָ אַ הויב־אויף· דאָ וואַרף אַראָב – און אַזוי אַרום ווערט שוין אַ שלום· דער אַנדערער ווידער טראַכט זיך: האָב איך דען נישט געמיינט· אַז ער איז מיר אַ שונא? זעה ווי ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט! דערוויל האַפט מען זיך אַריין

אין אַ קרעטשמע, מען עסט און מען טרינקט צוזאַמען און מען ווערט אמת'ע גוטע פריינד צווישען זיך. ווער האָט געבראַכט צו דעם שלום און פריינדשאַפט — נישט דאָס אָבהיטען אַ מצוה?

---

אַ פרומער מאַן האָט אַמאָל פערגעסען אַ גאַרב ביי זיך אין פעלד, קומט ער אַ היים אויפגעלעגט און זאָגט דעם זוהן: געה און דאַנק אָב גאָט פאַר מיר מיט אַן אָקס אַ פייראָפפער און אַן אָקס אַ פריעדענאָפפער, אַזאַ טייערע מצוה האָט ער מיר צוגעשיקט — פערגעסען אַ גאַרב אין פעלד [1]. פרעגט איהם דער זוהן: וואָס פרעהסטו זיך מיט דער מצוה מעהר ווי מיט אַנדערע? זאָגט ער: אַלע מצוות פון דער תורה ווערען געטהון בעווואוסטזיניג, די מצוה אָבער ווען מיר זאָלען וועלען קענען מיר זי קיינמאָל נישט אויספיהרען, כדי מען זאָל זי טהון מוז מען זי דאָך פריהער פערגעסען.

VIII

דריי מינים ניס איז פאַרהאַן: ווייכע, וואָס שיילען זיך פון זיך, מיטעלע, וואָס לאָזען זיך לייכט קנאַקען, און גאָר האַרטע, וואָס דו מוזט עס לאַנג קלאַפּען מיט אַ שטיין — אי דאָס לאָזט זיך אַמאָל אויס אַז ס'איז אינמיטען לעדיג. אַזוי געפינען זיך דרייערליי מינים לייט: אַזעלכע וואָס טהוען אַ מצוה לייכט פון זיך, אַזעלכע וואָס אַז מען מאָהנט זיי קומען זיי באַלד אַקעגען, און ווידער אַזעלכע, וואָס וויפיעל מען זאָל זיי נישט אָנקלאַפּען אין האַרצען האָט מען אַלץ פון זיי קיין נוטץ נישט.

---

העכער איז דער וואָס טהוט פאַר ליעבע ווי דער וואָט טהוט פאַר מורא.

ליעב איז אַ מצוה אַז מען טהוט זי אין דער צייט.

הויבט איינער אָן א מצוה דאַרף ער זי אויספיהרען, אויב נישט ווערט זי נישט פערערעכענט אויף זיין נאָמען.

אַ מצוה זאָל מען טהון שען — אַן אויסגעפּוצטע סוכה, א שענעם לולב, אַ שענעם שופר, אַ טלית מיט ציצית שענע, א שענע ספר תורה געשריבען מיט שוואַרצע גלאַנצענדיגע טינט מיט א שענער פען דורך אַ סופר אַ קינסטלער און איינגעהילט אין אַ שען זיידען מענטעלע.

די שענקייט פון א מצוה — איז בעשיידענהייט.

---

[1] לויט דעם דין פון דער תורה דאַרף א פערגעסענער גארב אין פעלד איבערגעלאַזען ווערען אָרימע־לייט.

ר׳ אליעזר בן עזריה זאָגט: אַ מענש זאָל נישט זאָגען: ס׳ווילט זיך מיר נישט עסען חזיר; פערקעהרט — ווילען ווילט זיך׳ נאָר וואָס זאָל איך טהון אַז דער פאָטער אין הימעל האָט פערבאָטען.

IX

ר׳ שמלאי האָט געדרש׳ענט: תריג מצוות זענען געזאָגט געוואָרען משה רבינו׳ן, רמ״ח געבאָט און שס״ה פערבאָט. איז געקומען דוד המלך און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף עלף:

„גאָט, ווער זאָל וואוינען אין דיינע צעלטען
און ווער זאָל רוהען אויף דיין הייליגען באַרג? —
דער וואָס פיהרט זיך ערליך,
און טהוט גערעכטיגקייט,
און רעדט וואַרהייט ביי זיך אין האַרצען,
אויף זיין צונג קומט קיין רכילות נישט אַרויף,
טהוט זיין גלייכען קיין בייז נישט,
לייגט נישט קיין שאַנד אויף זיין אייגענעם,
דער געמיינער איז ביי איהם אין די אויגען פעראַכטעט
און די גאָטספאָרכטיגע האַלט ער ערליך,
שווערט ער, אויך זיך צום שאָדען, בייט ער נישט [זיין וואָרט],
זיין געלד גיט ער נישט אין וואוכער
און אונטערקויף־געלד געגען אַ אונשולדיגען נעמט ער נישט—
ווער עס טהוט דאָס אַלץ וועט קיינמאָל נישט אומפאַלען״.

איז געקומען ישעיה און האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף זעקס:

„דער וואָס בעגעהט זיך מיט גערעכטיגקייט
און רעדט רעכטפאַרטיגקייט,
פעראַכטעט רויב־געלד,
שאָקעלט־אָב די הענד פון נעהמען שוחד,
פערשטאָפּט זיין אויער נישט [קענענדיג] צו הערען אַ בלוט־געשריי
און פערמאַכט די אויגען נישט [קענענדיג] צו זעהן קיין שלעכטס״.

איז געקומען מיכה המורשתי און האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף דריי:

„מ׳האָט דיר געזאָגט, מענש, וואָס גאָט איז
און וואָס גאָט פאָדערט פון דיר:

טהון רעכט,
ליעבּע צו גנאָד
און בּעשיידען זיך פיהרען מיט דיין גאָט.״
איז ווידער געקומען ישעיה און האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף צוויי:
„היט רעכט
און טהוט גערעכטיגקייט״.
איז געקומען חבקוק און האָט עס געשטעלט אויף איינס:
„דער גערעכטער לעבּט מיט זיין גלויבּען״.

---

# אַ צוים צו דער תורה.

## I

די מענער פון דער גרויסער פערזאַמלונג פלעגען זאָגען: מאַכט אַ צוים צו דער תורה [1].

רב אשי זאָגט: מען קען עס גלייכען צו אַ מענשען וואָס האָט אַ פרוכט־גאָרטען — היט ער איהם פון דרויסען איז דער גאָרטען אָבּגעהיט אינגאַנצען; היט ער איהם פון אינווענדיג איז נור אָבּגעהיט דאָס וואָס פאַר איהם, אָבּער נישט וואָס הינטער איהם.

פאַלט־איין פון אַ וויינגאָרטען דער צוים ווערט צו נישט דער גאַנצער וויינגאָרטען.

די צייט פון אָבּענד־קריאת־שמע איז אייגענטליך אַ גאַנצע נאַכט, די חכמים אָבּער האָבּען אָבּגעשטעלט נור בּיז האַלבּע נאַכט, אַלס אַ צוים, כּדי אַז אַ מענש וועט געהן אָבּענד־צייט צוריק פון פעלד זאָל ער נישט זאָגען: איך וועל געהן אַהיים, עפּיס עסען, עפּיס טרינקען, אַ דרימעל טהון, דער־נאָך וועל איך לייענען קריאת־שמע און מעריב דאַוונען — איך האָבּ נאָך צייט גענוג; דערווייל פאַלט אויף איהם אָן דער שלאָף, און עס לאָזט זיך אויס אַז ער שלאָפט־אָבּ אַ גאַנצע נאַכט. איצט אָבּער אַז אַ מענש וועט זיך אָבּפאַרטיגען אין פעלד וועט ער בּאַלד אַריינגעהן אין בּית־המדרש, נעהמען אַ ספר אין דער האַנד, קען ער פסוק — לערענט ער פסוק, קען ער משנה — לערענט ער משנה, דערנאָך לייענט ער שמע, דאַוונט־אָבּ, און ערשט דערנאָך עסט ער זיין אָבּענד־בּרויט, בּענשט און לייגט זיך שלאָפען.

---

[1] כּדי איינצוהיטען דעם מענשען ער זאָל נישט איבּערטרעטען אַ געזעץ פון דער תּורה האָבּען די חכמים פון זיך אַרומגעצוימט מעהרערע געזעצען מיט פערשידענע פערבּאָטע, — און דאָס איז איינס פון די גרעסטע יסודות פון תּורה־שבבעל־פּה.

פרייטאָג־צו־נאַכטס האָבען די חכמים פערוועֶרט אַריינצוקוקען אין קיין ספר ביי דעֶר שיין פון אַ ליכט, כדי מען זאָל זיך נישט פערגעסען און עס אָנבויגען ס׳זאָל זיין ליכטיגער. האָט ר׳ ישמעאל בן אלישע געזאָגט: איך האָב דערפאַר קיין מורא נישט: איך וועל יאָ אַריינקוקען און נישט איינבויגען. איינמאָל האָט ער פרייטאָג־צו־נאַכטס אריינגעקוקט אין אַ ספר און שיער נישט איינגעבויגען. ערשט דעמאָלט האָט ר׳ ישמעאל אויסגערו־פען: ווי גרויס זענען די ווערטער פון די חכמים וואָס האָבען אָנגעזאָגט אַז מען זאָל פרייטאָג־צו־נאַכטס נישט אַריינקוקען אין אַ ספר ביי דער שיין פון אַ ליכט.

ר׳ נתן האָט איבערגעגעבען אַז ר׳ ישמעאל האָט זיך פערגעסען און טאַקי איינגעבויגען, האָט ער נאָך שבת פערצייכענט ביי זיך אין פנקס [1]: איך, ישמעאל בן אלישע, האָב געלערענט אין אַ ספר און איינגעבויגען אַ ליכט אום שבת. ווען דער בית־המקדש וועט צוריק אויפגעבויט ווערען וועל איך ברענגען אַ פעטען קרבן־חטאת [2].

II.

זאַכען וואָס די חכמים האָבען פערבאָטען נור דערפאַר ווייל ביי יענעם אין די אויגען קען עס אויסזעהן ווי אַן עבירה — טאָר מען נישט טהון אפילו אין די בעהאַלטענסטע חדרים.

III.

אַז מען לעגט צו — מינדערט מען, ווי עס שטעהט געשריבען: „לעג נישט צו צו זיינע (גאָט׳ס) ווערטער, ער זאָל דיר נישט אויסווייזען און וועסט אַ ליגנער בלייבען״ — אויף דערויף האָט ר׳ חייא געלערענט: זאָלסט נישט מאַכען די צוים מעהר פון׳ם עיקר [גאָרטען], זי זאָל נישט איינפאַלען, וועט מען די פפלאַנצונגען אויסהאַקען. אַזוי צום ביישפיעל האָט גאָט גע־וואָרענט אָדם׳ן, אַז אין דעם טאָג וואָס ער וועט עסען וועט ער שטאַרבען; חוה אָבער האָט איבערגעגעבען דער שלאַנג מיט אַ צוגאָב, אַז ער האָט אָנגעזאָגט נישט עסען פון דעם און נישט צוריהרען זיך, מען זאָל נישט שטאַרבען. און ווי נור חוה איז פערבייגעגאַנגען פאַר׳ן בוים האָט זי די שלאַנג אויף דעם אַ שטויס געטהון און געזאָגט: זעהסטו, ביזט נישט גע־שטאָרבען; ווי דיר האָט נישט געשאַדט דאָס אָנריהרען זיך, אַזוי וועט דיר דאָס עסען אויך גאָרנישט שאַדען.

---

[1] נאָטיץ־בוך.

[2] זינד־אָפּפער.

ר׳ יוסי האָט געזאָגט: בעסער אַ צוים פון צעהן שפּאַן און עס זאָל שטעהן פעסט, איידער פון הונדערט איילען און עס זאָל איינפאַלען.

מען לייגט נישט אַרויף אויף קהל קיין גזירה, וואָס די מעהרסטע טייל זיינע וועט עס נישט קענען אויסהאַלטען.

---

אַ מנהג ברעכט אַ דין.

---

## סתרי תורה.

1

ווער עס קוקט זיך אַריין אין פיער זאַכען וואָלט פאַר איהם גלייכער געווען ער זאָל אויף דער וועלט נישט געקומען: וואָס איבער, וואָס אונטער, וואָס פאַר, וואָס נאָך.

II.

פיער זענען אַריין אין פּרדס [1]). בן־עזאַי האָט זיך איינגעקוקט און איז געשטאָרבען; בן־זומא האָט זיך איינגעקוקט און איז געריהרט געוואָרען; אַחר האָט גענומען האַקען פּפלאַנצונגען. איין ר׳ עקיבא אַליין איז אַרויס פון דאָרטען בשלום. איהם אַפילו האָבען די מלאָכים געוואָלט אָבשטויסען, האָט זיי גאָט ברוך־הוא געזאָגט: לאָזט איהם צורוּה׳ דעם דאָזיגען אַלטען, ער איז ווערטה צו בעדיענען זיך מיט מיין כּבוד.

---

1) פּרוכט־גאָרטען, אַ צו־נאָמען פאַר די לעהרע וואָס בעהאַנדעלט די טיעפע סודות פון גאָטהייט און וועלט־שאַפונג.

# חכמה און נבואה.

## חכמה.

I

ר׳ אמי זאָגט: פערשטאַנד איז אַ גרויסע זאַך; דאָס ערשטע וואָס אַ יוד בעט אויף דעם טאָג־טעגליך ביי גאָט [1]) איז פערשטאַנד.

ר׳ אלעזר זאָגט: אַ מענש וואָס האָט קיין פערשטאַנד נישט טאָר מען אויף איהם קיין רחמנות נישט האָבען.

---

די צירונג פון תורה איז חכמה; פון חכמה — עניוות.

---

די תורה איז נישט געגעבען געוואָרען פאַר נאַראָנים.

II

אביי זאָגט: מיר האָבען אַ קבלה, אַז אמת־אָרים הייסט — נישט פערמאָגען קיין שכל. ווי זאָגט מען דאָרט אין מעריב־קאַנט [2]): האָט איינער דאָס (שכל) — האָט ער אַלעס; האָט ער נישט דאָס — וואָס דען האָט ער?

פעהלט דיר פערשטאנד—וואָס האָסטו ערוואָרבען? האָסטו ערוואָרבען פערשטאַנד — וואָס פעהלט דיר?

---

[1]) די ערשטע פון די געבייט־ברכות פון דער וואָכענדיגער שמונה־עשרה איז „אתה חונן לאדם דעת״. די פריהערדיגע דריי זיינען נישט געבייט. נאָר לויב־ברכות.

[2]) ארץ־ישראל, אין מערב־זייט פון בבל.

ר׳ יהושע בן לוי זאָגט: „אַלע טעג פונ׳ם אָרימאַן זענען שלעכט״— זאָגט שלמה אין משלי—דאָס מיינט מען אַ מענשען מיט אַ ענגען שכל; „אָבער ביים אויפגעלעגטען — זאָגט שלמה ווייטער — איז אַ שטענדיגער מאָהלצייט״ — דאָס איז אַ מענש מיט אַ ברייטען שכל.

III

ר׳ יוחנן פלעגט זאָגען: גאָט גיט חכמה נור דעם וואָס פערמאָגט שוין חכמה. ווי דער פסוק זאָגט אין דניאל: ער גיט חכמה קלוגע און וויסען די וואָס פערמאָגען פערשטאַנד״.

---

אויף דעם גרויסען קינסטלער און בוי־מייסטער בצלאל זאָגט גאָט צו משה׳ן: „איך האָב אָנגעפולט איהם געטליכען גייסט און קלוגשאַפט״—קומט איינער אין אַ קראָם קויפען ווייז צי האָניג צי בוימעל צי ליאַג [1], איז דער געניטער קרעמער גיט פריהער אַ שמעק די כלי, איז זי פון ווייז גיסט ער אין איהם ווייז, און דאָס זעלבע אויך מיט בוימעל, האָניג און ליאַג. און אַזוי אויך גאָט ברוך־הוא: דערשמעקט ער אין אַ מענשען אַ ריח פון חכמה [2]) — פולט ער איהם אָן.

אַ מאַטראָנע האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יוסי בן חלפתא׳ן: עס שטעהט ביי אייך געשריבען: „גאָט גיט חכמה די קלוגע״ — וואָס הייסט עס? „די נאַראָנים״ וואָלט בעדאַרפט שטעהן.

זאָגט איר ר׳ יוסי: האָסט צירונג? — איך האָב—ענטפערט זי.

פרעגט ביי איהר ר׳ יוסי ווייטער: אויב אַ שטייגער צוויי מענשען וועלען קומען צו דיר לייהען דאָס ציהרונג, איינער אַן אָרימער, דער צווייטער אַ רייכער — וועמען פון דיביידע וואָלסטו אַטליהען?

— פערשטעהט זיך, דעם רייכען — ענטפערט זי.

— פאַר וואָס? — פרעגט ער.

— ווייל דער רייכער — ענטפערט זי—אויב ער וועט עס פערלירען וועט ער האָבען מיט וואָס צו בעצאָהלען; דער אָרימאַן אָבער פון וואַנען וועט ער נעהמען צו בעצאָהלען?

זאָגט איהר ר׳ יוסי: היינט זעה, דיין צירונג פערטרויסטו נישט נור אַ רייכען, ווי זאָל גאָט פערטרויען די חכמה מענשען נאַראָנים?

---

[1]) געזאַלצענע זאַפט פון פיש.

[2]) ד. ה. אַ פעהיגקייט.

די אַלכסנדריער לייט האָבען געפרעגט ר׳ יהושע בן חנניה: וואָס זאָל טהון אַ מענש ער זאָל בעקומען קלוגשאַפט? האט ער זיי געענטפערט: ער זאָל וואָס מער לערנען און וואָס וועניגער האַנדלען.

זאָגען זיי איהם: פיעל האָבען אַזוי געטהון און ס׳האָט זיי נישט געהאָלפען.

— ווי דען, ער דאַרף בעטען ביי דעם וואָס די חכמה איז ביי איהם ווי זאָגט שלמה אין משלי: „דען גאָט שענקט הכמה, פון זיין מויל ארויס וויסענשאַפט און פערשטאַנד".

ר׳ חיא האָט דערויף געזאָגט: מען קען עס צוגלייכען צו אַקעניג, וואָס האָט געמאַכט אַ מאָהלצייט פאַר זיינע לייט. דערלאַנגט מען יעדען זיי חלק, שיקט נאָך צו דער קעניג די וואָס זענען איהם מעהר בעליעבט אַ צוגאָב אויך פון דאָס זייניגע.

ר׳ יצחק זאָגט אַביסעל אַנדערש: מען קען עס צוגלייכען צו אַ קעניג וואָס האָט געגעסען אַ זעהר געשמאַק מאכל. ווי נור ס׳איז צו איהם צוגעקומען זיין געליעבט קינד, נעמט ער אַ ביסען פון זיין מויל אַרויס און גיט עס איהם. און דאָס מיינט דער פסוק: „גאָט שענקט חכמה" יעדען; יודען אָבער — „פון זיין מויל אַרויס וויסענשאַפט און פערשטאַנד".

IV

אַ מאַטראָנע האָט איינמאָל בעמערקט אַז ביי ר׳ יהודה איז דאָס פנים רויט־פאַרביג ווי ביי אַ בעזויפטען, זאָגט זי איהם: אַ לעהרער—און זויפט! ענטפערט ער איהר: איך קען דיר שווערען, אַז אַ גאַנץ יאָהר קומט נישט אין מיין מויל קיין טראָפּען וויין אויסער קידוש און הבדלה און ארבע כוסות אום פסח, אי דאָס גער איך דערנאָך מחמת קאָפּ־וועהטאָג אַרומגעבונדען די שלייפען פון פסח ביז שבועות. נאָר די פאַרב פון מיין געזיכט איז אַן אָבשיין פון דער תורה, ווי זאָגט שלמה המלך „דעם מענשענס חכמה בעשיינט זיין געזיכט".

V

ווער הייסט קלוג? ווער עס זעהט פאָראויס דעם סוף.

„דער קלוגער זענען די אויגען ביי איהם אין קאָפּ"— זאָגט שלמה — און וואו זענען דען די אויגען ביים נאַר — אין די פיס? נאָר ווען דער קלוגער האַלט נאָך ביים קאָפּ פון דער זאַך, ביי׳ם אָנהויב הייסט עס, ווייסט ער שוין פאָראויס דעם סוף.

דערפאַר פלעגט ר׳ מאיר רופען דעם סוף פון אַ זאַך — „קאָפּ".

ווער נאָך הייסט קלוג? דער וואָס לערענט פון יעדען, ווי זאָגט דוד המלך אין תהלים: „פון אַלע מיינע לעהרער האָב איך שכל בעקומען".

---

וועלכער הייסט אַ פערשטאַנדיגער? וואָס שטויסט זיך אָן פון אַ זאַך אָן אַ צווייטע.

ר' אלעזר בן עזריה זאָגט: אָהן קלוגשאַפט איז ניטאָ קיין פרומקייט. אָהן פרומקייט איז ניטאָ קיין קלוגשאַפט; אָהן וויסענשאַפט איז ניטאָ קיין פערשטאַנד, אָהן פערשטאַנד איז ניטאָ קיין וויסענשאַפט.

ווער ס'האָט קלוגשאַפט [1]) און עס פעהלט איהם פערשטאַנד איז גלייך ווי איינער וואָס האָט ברויט און עס פעהלט איהם צום ברויט. דער וואָס האָט פערשטאַנד און עס פעהלט איהם קלוגשאַפט איז גלייך ווי איינער וואָס האָט צום ברויט, און עס פעהלט איהם ברויט.

VI

אין נאָמען פון בר קפרא זאָגט ר' יהושע בן לוי: ווער עס קען רעכענען דעם שטערען־גאַנג און די צייטען פון יאָהר [2]) און רעכענט נישט, זענען צוגעפאַסט צו איהם די שטראָף־ווערטער פונ'ם נביא ישעיה: „אין די ווערק פון גאָט קוקען זיי זיך נישט איין און די שעפּפונג פון זיינע הענד זעהען זיי נישט".

אין נאָמען פון ר' יונתן איז געזאָגט געוואָרען: ס'איז אַ מצוה דער מענש זאָל זיך פערנעהמען מיט אויסרעכענען דעם שטערען־גאַנג און די צייטען פון יאָהר, ווי די תורה זאָגט: „איהר זאָלט עס אָבהיטען און טהון, ווייל דאָס איז אייער קלוגשאַפט און אייער פערשטאַנד אין די אויגען פון די פעלקער" — וועלכע קלוגשאַפט און פערשטאַנד קענען אַלע פעלקער אַרויסזעהן מיט די אויגען? דאָס איז דאָס אויסרעכענען דעם שטערען־גאַנג און די צייטען פון יאָהר.

---

ביי'ם זעהן יודישע געלעהרטע דאַרף מען מאַכען אַ ברכה: געלויבט איז דער וואָס האָט איינגעטיילט פון זיין קלוגשאַפט די פרומע זיינע. ביים זעהן געלעהרטע פון פרעמדע פעלקער: „געלויבט איז דער וואָס האָט געשענקט פון זיין קלוגשאַפט די בעשעפענישען זיינע.

---

זאָגט דיר עמיצער, אַז ביי גויים איז פאַרהאַן חכמה (וועלטליכע וויסענשאַפט) — זאָלסטו גלויבען; תורה אָבער — זאָלסטו נישט גלויבען.

---

אַ געלעהרטער אין חשוב'ער ווי אַ קעניג.

1) ד. ה. וויסען און קענטעניש. 2) אַסטראָנאָמיע.

VII

אייפּער פון געלעהרטע מעהרט חכמה.

מענשען פון איין פאַך־בעשעפטיגונג האָבען געוועהנליך נישט ליעב איינער דעם אַנדערען; אַ געלעהרטער אָבער ליעבט זיין גלייכען.

יעדער נאַר מיינט אַז די גאַנצע וועלט איז נאַראָנים.

דעם קלוגען — מיט אַ וואונק; דעם נאַר — מיט'ן פויסט.

אַ מענש זאָל זיך נישט שיידען פון זיין חבר נישט מיט פלאַפּלעריי און נישט מיט ליצנות, און נישט מיט פוסטע ווערטער, און נישט מיט לייכטזיניגקייט, נאָר מיט אַ קלוג וואָרט.

אַ געלעהרטער בשעת ער געהט פון דער וועלט איז יעדער זיינער אַ קרוב און דאַרף טרויערען.

VIII

זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען איז, אמת, אָבגענומען געוואָרען די נבואה ביי די נביאים, ביי די חכמים אָבער איז זי נישט אָבגענומען געוואָרען.

אַ חכם — זאָגט אמימר — איז בעסער פון אַ נביא.

אַז אַ נביא קומט צו יודען אין נאָמען פון גאָט, הייסט די תורה איהם אַנדערש נישט גלויבען ביז ער ווייזט אַ צייכען; אַ געלעהרטער אָבער וואָס קומט מיט'ן כוח פון תורה און חכמה, מוז מען פאָלגען אָהן אַ שום צייכען. עס קומט אויס ווי צוויי שלוחים, וואָס דער קעניג האָט געשיקט צו זיין פאָלק: אויף איינעם האָט ער אָנגעשריבען מען זאָל איהם נור גלויבען ווען ער בעווייזט דעם קעניג'ס זיגעל, און אויפ'ן צווייטען — מען זאָל איהם גלויבען אָהן דעם זיגעל.

---

# נבואה און רוח־הקודש.

I

ר' פנחס בן יאיר זאָגט: תורה פיהרט צו פאָרזיכטיגקייט, פאָרזיכטיגקייט צו פלייסיגקייט, פלייסיגקייט צו ריינקייט, ריינקייט צו ציכטיגקייט, ציכטיגקייט צו אָבגעזונדערקייט, אָבגעזונדערקייט צו הייליגקייט, הייליגקייט צו ענִיוות (בעשיידענהייט), ענִיוות צו זינד־שרעק, זינד־שרעק צו פרומקייט, פרומקייט צו רוח־הקודש (הייליגער גייסט), רוח־הקודש צו אייביגען לעבען.

---

די שכינה (הייליגער גייסט) רוהט נור אויף אַ קלוגען, שטאַרקען, רייכען, הויכוואוקסיגען און בעשיידענעם.

איינִיגע קאַפּיטלעך אין תהלים הויבען זיך אָן מיט דעם אויפשריפט „לדוד מזמור" (דוד׳ס אַ געזאַנג)׳ אנדערע פערקעהרט „מזמור לדוד" (אַ געזאַנג דוד׳ס)׳ ווייל אַ מאָל האָט פריהער די שכינה גערוהט אויף דוד׳ן און דערנאָך ערשט האָט ער גענומען זינגען׳ און אַמאָל פערקעהרט׳ האָט ער זיך פריהער גענומען צום געזאַנג און ערשט דערנאָך האָט אויף איהם די שכינה גערוהט; און דערפון זאָל מען לערנען׳ אַז די שכינה בעווייזט זיך נישט דורך אָבגעלאָזטקייט און נישט דורך דערשלאָגענקייט׳ נישט דורך ליצנות און נישט דורך לייכטזיניגקייט נישט דורך פלאַפּלערייט און נישט דורך פּוסטע ווערטער׳ נאָר דורך אַ געהויבענער פרעהליכער שטימונג ווי איבער דעם נביא אלישע ווערט דערצעהלט: „ווי נור דער שפּיעלער פלעגט אָנהויבען שפּיעלען האָט באַלד אויף איהם גערוהט גאָט׳ס האַנד".

---

אליהו זאָגט: איך שטעל הימעל און ערד פאַר עדות׳ אַז סיי אַ יוד׳ סיי אַ גוי׳ סיי אַ מאַן׳ סיי אַ פרוי׳ סיי אַ קנעכט׳ סיי אַ דיענסט — יעדער מענש לויט זיין פערדיענסט רוהט אויף איהם דער הייליגער גייסט.

II

רב הונא בר סוסי זאָגט: אַמאָל קען אַ גאַנצע וועלט נישט ענטהאַל־טען די הערליכקייט גאָט׳ס׳ און אַמאָל רעדט ער מיט׳ן מענשען פון די האָר אַרויס אויף זיין קאָפּ.

ר׳ יצחק בן אלער זאָגט: די נביאים ווייסען׳ אַז דער גאָט זייערער האָט ליעב דעם אמת׳ חנפ׳ענען זיי איהם נישט.

ר׳ יוסי בן זמרא זאָגט: די נביאים שעמען זיך נישט צו מאָהנען ביי גאָט די בעדערפעניש פון פאָלק ישראל׳ ווי אַ פרוי שעהמט זיך נישט צו מאָהנען ביי׳ם מאַן איהר הויזבעדערפעניש.

III

גאָט האָט אויפגעשטעלט אַ נביא פאַר יודען — משה׳ן׳ און פאַר די אומות־העולם — בלעמ׳ן׳ זעה דעם אונטערשיעד צווישען אַ יודישען און אַ גוי׳אישען נביא. דער יודישער נביא וואָרענט דאָס פאָלק פון זינד׳ ווי זאָגט יחזקאל: „פאַר אַ זעהער האָב איך דיך בעשטימט פאַר׳ן הויז ישראל... זאָלסט זיי וואָרענען". דער גוי׳אישער נביא אָבער האָט אויפגעבראָכען דעם צוים אומצובערענגען מענשען פון אייביגען לעבען [1]) און נאָך מעהר. דער יודישער נביא האָט געהאַט אַ האַרץ פול מיט רחמנות סיי אויף זיין

---

[1]) בלעם האָט געגעבען בלק׳ן אַן עצה ווי אַזוי צו פערפיהרען יודען דורך זינד׳ כדי זיי אומצוברענגען.

אייגען פאָלק סיי אויף פּרעמדע, ווי זאָגט דער נביא ישעיה: „מיינע געדערעם ברומען וועגען מואב׳ן ווי אַ האַרפע״, און אַזוי זאָגט אויך דער נביא יחזקאל: „הויב־אויף אויף צור (פּיניקיען) אַ קלאָג־ליעד״. דער אכזר אָבער, בלעם, האָט זיך פּירגענומען אויסצורייסען פון דער וועלט אַ גאַנץ פאָלק אומזיסט און אומנישט.

---

יודישע נביאים זענען אַנדערש פון גוי׳אישע נאָך מיט פיעל זאַכען. צו אַ גוי׳אישען נביא ענטפּלעקט זיך די גאָטהייט אין האַלבע ווערטער, נישט דערזאָגט, אָבער צו אַ יודישען נביא דורך גאַנצע ווערטער, קלאָרע דבורים, אין אַ שפּראַך פון ליעבע, אַ שפּראַך פון ריינקייט, אַ שפּראַך פון הייליגקייט, אַ שפּראַך, מיט וועלכער די מלאכים אין הימעל ריהמען גאָט.

ר׳ יוסי זאָגט: צו די גוי׳אישע נביאים ענטפּלעקט זיך די גאָטהייט נור אין איינזאַמקייט, ווען מענשען געוועהנליך שיידען זיך אָב איינס פון אַנדערען, ווי אַ שטייגער עס זאָגט אויף זיך איינער פון איוב׳ס פריינד, אליפז דער תימני׳ער:

„ס׳האָט זיך מיר דאָס וואָרט פער׳גנב׳עט,
אַ קלאַנג פון דעם האָט אויפגעחאַפּט מיין אויער,
דורך געדאַנקען פון נאַכט־זעהונגען,
ווען אַ טיעפער שלאָף בעפאַלט אויף מענשען,
אַ שוידער האָט מיך געטראָפען און אַ ציטערניש
און אַ שרעק געוואָרפען אויף אַלע מיינע ביינער,
און אַ לופט האָט פאַר מיין געזיכט פערבייגעשוועבט,
אויפגעשטעלט האָבען זיך די האָר פון מיין לייב.
ער בלייבט שטעהן און אונבעקאַנט איז מיר זיין אויסזעהן
עפּיס אַ געשטאַלט אַקעגען מיינע אויגען,
איך הער די שטילקייט און אַ קול״.

ר׳ חנינא בר פפא זאָגט: „מען קען דאָס צוגלייכען צו אַ קעניג וואָס האָט זיך געפונען מיט זיין בעליעבטען פריינד אין איין צימער, אָבגעשיידט איינער פונ׳ם אַנדערען דורך אַ פּאָרהאַנג. אַלע מאָל ווען איהם ווילט זיך דורכשמועסען מיט זיין פריינד הויבט ער אויף דעם פּאָרהאַנג און פערלעגט עס ביז ער זעהט איהם אין געזיכט און רעדט מיט איהם. אַזוי פיהרט זיך גאָט מיט׳ן יודישען נביא, פאַר׳ן גוי׳אישען נביא אָבער בלייבט דער פּאָרהאַנג אַראָבגעלאָזען און גאָט רעדט מיט איהם פון יענער זייט פּאָרהאַנג.

ר׳ לוי זאָגט: אַ גוי׳אישער נביא איז די נבואה זיינע פּערשטעלט און זי קען אויסגעטייטשט ווערען ווי מען וויל· עס קומט אויס ווי איינער וואָס איז געגאַנגען אין וועג צופוס׳ איז ער שטאַרק מיעד׳ רופט ער אויס: אָ ווען איך בעקום אַן עזעל! געהט פּערביי איהם אַ רוימער׳ וואָס זיין עזעל האָט איהם געבוירען׳ זאָגט ער איהם: נעהם דאָס עזעלע און טראָג עס אויף די פּלייצעס· זאָגט דער מענש: מיין געבעט איז אָנגענומען געוואָרען· איך האָב אָבער נישט געבעטען ווי געהעריג: צי אַן עזעל איך זאָל אויף דעם רייטען׳ צי עס זאָל אויף מיר רייטען·

מען קען עס ווידער גלייכען צו איינעם וואָס האָט זיך געלאָזט ריי־זען אויפ׳ן גרויסען ים׳ האָט זיך אויפגעהאַפּט אַ שטאַרקער שטורם און די שיף האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן· טהוט דער מענש אַ נדר און זאָגט: אויב דער שטורם וועט איינגעשטילט ווערען בין איך מנדר אַ קעלבעל· ווי דער שטורם איז איינגעשטילט געוואָרען זאָגט ער: דאָס קעלבעל האָב איך טאַקי מנדר געוועז׳ נאָר פאַר זיך אַליין·

IV

״ער מאַכט דעם גייסט אַ וואָג״ — זאָגט איוב אויף גאָט· אויף דעם זאָגט רב חיא: אפילו דער הייליגער גייסט וואָס רוהט אויף די נביאים איז מיט אַ וואָג און אַ מאָס: איינעמס נביאות געעניגט אויף איין ספר· איי־נעמס אויף אַ פּאָר ספרים׳ און איינעמס — נישט מעהר ווי אויף צוויי פּסוקים·

יעדער נביא בעקומט הייליגען גייסט לויט זיין כּוח·

ר׳ יצחק זאָגט: איין סטיל־פאָרם קומט אויס ביי פיעל נביאים און דאָך איז נישט פאַרהאַן צוויי נביאים מיט איין גלייכען סטיל·

״איך האָב גערעדט צו די נביאים און האָב זעהונג געמעהרט׳ און דורך די נביאים׳ס האַנד שפּיגעל איך זיך אָב״—זאָגט גאָט׳ געוויס האָב איך איינער און דערזעלבער גערעדט צו אַלע נביאים׳ פּערשידענאַרטיג אָבער האָב איך זיך זיי פאָרגעשטעלט אין זייערע זעהונגען׳ און די נבואה פון איינעם גלייכט זיך נישט צום צווייטענס· עמוס האָט מיך געזעהן אַ שטעהענדיגען׳ מיכה—אַ זיצענדיגען משה האָט מיך געזעהן אין אַ העל־דען־שטאַלט׳ דניאל — אין אַ שטאַלט פון אַ גרייזען מאַן· איך בלייב תּמיד איינער און דערזעלבער — און דורך די נביאים׳ס האַנד שפּיגעל איך זיך אָב פּערשידענאַרטיג·

נישט אַלע נביאים זענען גלייך׳ ס׳איז פאַרהאַן אַ נביא וואָס בע־קומט הייליגע בעגייסטערונג דורכ׳ן אויג׳ ווי יחזקאל׳ וואָס הויבט־אָן זיין נבואה מיט די ווערטער: ״איך האָב געזעהן געטליכע זעהונגען״· אַן אַנ־

דערער, ווי חבקוק, דורכ'ן געהער, ווי ער זאָגט: „גאָט, איך האָב געהערט דאָס געהער וועגען דיר". איינער ווידער, ווי ירמיה, דורכ'ן מויל, ווי ער זאָגט: „ער (גאָט) האָט בעריהרט מיין מויל און מיר געזאָגט: דאָ האָב איך אריינגעגעבען מיינע ווערטער אין דיין מויל". און אַן אַנדערער דורכ'ן גערוך, ווי עס ווערט געזאָגט: „ס'איז אַריינגעקומען אין מיר דער אָטהעם (גאָט'ס)". און נאָך אַן אַנדערער דורך דער האַנד, ווי אין הושע ווערט געזאָגט: „דורך די נביאים'ס האַנד שפּיגעל איך זיך אָב". איין נביא דרינגט אַריין טיעף און איינער אין די טיעפסטע טיעפעניש.

---

ר' אלעזר אין נאָמען פון ר' יוסי בן זמרא זאָגט: ביי אַלע נביאים האָט זיך אַרויסגעזאָגט די נבואה זייערע אונבעוואוסטזיניג, אויסער משה'ן, וואָס האָט געזאָגט זיין נבואה בעוואוסטזיניג.

„און מעהר איז שוין נישט אויפגעשטאַנען ביי יודען נאָך אַזאַ נביא ווי משה" — אַלע נביאים האָבען געקוקט אין אַ פערדונקעלטען שפּיגעל, בלויז משה האָט געקוקט אין אַ קלאָרען שפּיגעל.

אין משה'ס נביאות זענען איינגעשלאָסען אַלע רייד פון די שפּע־טערדיגע נביאים, און וואָס עמיצער פון זיי האָט דערנאָך נביאות געזאָגט איז אין דעם דאָ עפּיס פון משה'ס.

„גאָט'ס גייסט האָט אין איהם (אין שמשונ'ען) אָנגעהויבען קלינגען, ווען דער הייליגער גייסט פלעגט אויף איהם זיך אַראָבלאָזען — זאָגט אויף דעם ר' נחמן — פלעגען זיינע האָר זיך אויפשטעלען און קלינגען איינס אין אַנדערען ווי גלעקלעך.

רבא זאָגט: אַלעס וואָס יחזקאל האָט געזעהן בעת גאָט'ס ענטפּלעק־קען זיך האָט אויך געזעהן ישעיה. און דאָס וואָס יחזקאל דערצעהלט עס לאַנג, מיט אַלע פּרטים, און ישעיה אין קורצען, איז נור דערפאַר, וואָס יחזקאל איז גלייך צו אַ דאָרפסמאַן, וואָס האָט געזעהן דאָס ערשטע מאָל דעם קעניג, ישעיה אָבער איז גלייך צו אַ גרויסשטעדטיגען וואָס האָט געזעהן דעם קעניג.

„איך קען נישט רעדען — זאָגט ירמיה צו גאָט, וואָס שיקט איהם אין זיין הייליגער שליחות — דען איך בין נאָך אַ יונגעל", רבונו של עולם — האָט ער געטענה'ט — איך קען נישט געהן זיי נביאות זאָגען, איז דען דאָ איין נביא וואָס ער איז געקומען צו זיי און זיי האָבען איהם נישט געוואָלט אומברענגען? האָסט זיי צוגעשיקט משה מיט אהרן, האָט מען זיי דען נישט געוואָלט פערוואַרפען מיט שטיינער? איז געקומען צו זיי אליהו דער מאַן מיט לאָקען — האָבען זיי פון איהם געלאַכט און געשפּעט: אָט

איז דער מיט די געקרייזעלטע לאָקען! אָט איז דער מאַן מיט די לאַנגע האָר! האָסט צו זיי געשיקט אלישע — האָבען זיי איהם נאָכגעשריגען: געה אויף, גלאַט־קאָפּ! יוצא זיין פאַר יודען קען איך נישט — „איך קען נישט רעדען דען איך בין נאָך אַ יונגעל".

ענטפערט איהם דער הייליגער גייסט: אַ יונגעל האָב איך ערשט ליעב, ווייל ער האָט נישט פערזוכט קיין טעם פון זינד.

V

„נעהם דעם דאָזיגען כּוס מיט׳ן גיפטיגען ווייַן פון מיין האַנד" — זאָגט גאָט צו ירמיה — נעהם דעם דאָזיגען כּוס מיט גיפט און גיב טרינקען אַלע פעלקער.

נעהמט ירמיה דעם כּוס און פרעגט: וועמען זאָל איך פריהער געבען טרינקען? זאָגט איהם גאָט: ירושלים און די שטעדט פון יהודה, ווייל זיי זענען די עלטסטע פון אַלע קעניגרייכען.

ווי ירמיה האָט דאָס דערהערט האָט ער אָנגעהויבען שעלטען זיינע טעג מיט די יאָהרען, און אַזוי האָט ער געזאָגט: אוי, צו וועמען בין איך עס גלייך? צו אַ כּוהן וואָס איז אויף איהם געפאַלען דער גורל צו געבען טרינקען די ביטערע וואַסער אַ פרוי א סוטה [1]) ברענגט מען צו איהם די פרוי, דעקט ער איהר אָב דעם קאָפּ און צעוואַרפט איהר די האָר. ווי ער דערלאַנגט איהר דעם כּוס צו טרינקען קוקט ער זיך צו — אוי וועה, ס׳איז זיין אייגענע מוטער! רייסט זיך פון איהם אַרויס אַ ביטער געשריי: וועה און וואונד איז מיר, מוטער מיינע! אַלע מיינע יאָהרען האָב איך זיך געפלייסט דיך עהרליך האַלטען און איצט מוז איך אַליין דיר אַזאַ בזיון אָנטהון!

דאָסזעלבע האָט אויך ירמיה הנביא אויסגעשריגען: „וועה מיר פאַר דיר, מאַמע ציון! געמיינט האָב איך דיר ברענגען גוטע בשורות און טרייסט, און איצט מוז איך אַליין דיר אָנזאָגען דיין אומגליקליכען סוף".

---

ירמיה איז געווען איינער פון די דריי נביאים וואָס האָבען געזאָגט זייער נביאות אין יענעם דור: ירמיה, צפניה און חולדה די נביאה. ירמיה איז אַרויסגעטראָטען מיט זיינע נביאות אויף די גאַסען, צפניה — אין די שוהלען און חולדה — פאַר די פרויען.

אַלע נביאים הויבען אָן מיט שטראָף און לאָזען אויס מיט טרייסט.

---

[1]) אַ פרוי וואָס דער מאַן וואַרפט אויף איהר אַ פערדאַכט אין אויסגעלאַסענקייט.

VI

ר׳ עקיבא האָט געזאָגט: די גאַנצע וועלט איז נישט ווערטה דעם טאָג ווען שיר־השירים איז געגעבען געוואָרען יודען. דען אַלע שריפטען זענען הייליג — שיר־השירים אָבער איז הייליג איבער הייליג.

ר׳ אליעזר בן עזריה האָט געזאָגט אויף דעם אַ משל: אַ קעניג האָט געגעבען דעם בעקער אַ מעסטעל ווייץ און האָט איהם דערביי געזאָגט: נעהם דערפון אַרויס אַזוי פיעל און אַזוי פיעל גראָבע מעהל, אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קלייען און אַזוי פיעל און אַזוי פיעל פיינע מעהל, און פון דעם זאָלסטו מיר אויסזיפען איין קלאָר פיין זעמעלע אַ שענס און אַ גוטס. אַזוי אויך פון שלמה׳ס גאַנצער חכמה האָט ער אויסגעזיפט פאַר יודען דאָס בעסטע און דאָס שענסטע — דעם שיר־השירים. ״שיר־השירים״ הייסט עס — דאָס ליעד פון אַלע ליעדער. דאָס איז די שענסטע, דאָס איז די בעסטע, דאָס איז די פיינסטע פון אַלע ליעדער.

---

איידער יודען זענען געקומען קיין ארץ־ישראל זענען אַלע לענדער רעכט געוועזען צו זאָגען דאָרט שירה. ווי יודען זענען אַריין אין ארץ־ישראל האָבען שוין אַלע איבעריגע לענדער פערלאָרען זייער רעכט צו זאָגען דאָרט שירה. ווי יודען זענען פערטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד האָבען די פרעמדע לענדער צוריק בעקומען זייער רעכט.

VII

פיעל נביאים זענען געוועזען ביי יודען, גאַנצע מענגעס. אין די טויזענדער, נאָר אַ נבואה וואָס איז נויטהיג פאַר די וויטערדיגע דורות איז פערשריבען געוואָרען, די אָבער וואָס איז נישט נויטהיג פאַר די וויטערדיגע דורות איז נישט פערשריבען געוואָרען.

זינט די לעצטע נביאים, חגי, זכריה און מלאכי, זענען אָבגעשטאָרבען האָט זיך פון יודען אָבגעטהון דער הייליגער גייסט, דאָך האָט מען זיך נאָך בענוצט מיט׳ן בת-קול [1].

---

ר׳ אבדימי פון חיפא זאָגט: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען איז די נבואה אַוועק פון די נביאים און אָבגעגעבען געוואָרען פאַר חכמים (קלוגע, געלערטע).

ר׳ יוחנן זאָגט: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען איז די נבואה אַוועק פון די נביאים און אָבגעגעבען געוואָרען פאַר אונזיניגע און קינדער.

---

[1]) אָבקלאַנג, אַ הימעל-שטימע. אין פיעל ערטער אין דער אגדה בעטייט עס די פאָלקס-שטימע.

# אינהאַלט:

---

דרוקעריי „וויקטאָריא", בערלין.

# די יודישע אגדות.

ערצעהלונגען, זאגען, לעגענדען, משלים, אפאריזמען
און שפריכווערטער.

געקליבען פון תלמוד און מדרשים,
נאכ׳ן העברעאישען „ספר האגדה״.

בעארבייט און גרופירט נאכ׳ן אינהאלט
דורך
י. ח. ראבניצקי און ח. נ. ביאליק.

פיערטער באנד.



פארלאג „מוריה״
בערלין, תרפ״ב.

# גאָט ברוך־הוא·

---

## גאָט׳ס גרויסקייט·

״איך זינג צו גאָט·
ווייל ער איז גרויס איבער גרויס״—

מיט די ווערטער הויבט זיך אָן די שירה וואָס יודען האָבען געזונגען בשעת׳ן איבערגעהן דעם ים־סוף· דאָס הייסט—האָט ריש־לקיש געזאָגט— אַ לויב־געזאַנג צו דעם וואָס איז גרויס איבער אַלע גרעסטע· דער קעניג איבער חיות איז דער לייב; איבער בהמות—דער אָקס; איבער עופות— דער אָדלער; און איבער זיי איז דער מענש· גאָט ברוך־הוא אָבער איז איבער זיי אַלע און איבער דער גאַנצער וועלט·

און דאָס האָט זיך דעם נביא יחזקאל פאָרגעשטעלט אין זיין זעהונג: דער כסא־הכבוד (גאָט׳ס שטוהל) מיט די בילדער פון די פיר וועלט־קעניגען—לייב· אָקס· אָדלער און מענש—אין אירע פיר זייטען און דער קעניג איבער אַלע קעניגען· גאָט ברוך־הוא· אויף דער שטוהל· איבער זיי אַלע·

---

## גאָט׳ס איינהייט און זיין חותם·

״הער· ישראל· דער אייביגער· אונזער גאָט· דער אייביגער—איז איינער״·—קינדער מיינע—זאָגט גאָט ברוך־הוא צו די יודען—קוקט זיך איין· אַלעס וואָס איך האָב אויף דער וועלט בעשאַפען זענען פאָרוויז: הימעל

און ערד—אַ פּאָר, זון און לבנה—אַ פּאָר, אדם און חוה אַ פּאָר, די וועלט און יענע וועלט—אַ פּאָר. מיין עהרע אָבער איז איין־און־איינציגע אויף דער וועלט.

---

ר' חנינא האָט געזאָגט: גאָט'ס חותם (זיגעל) איז אמת.

---

## גאָט'ס אָרט.

I

ר' יצחק האָט געזאָגט: נישט געוואוסט האָט מען צי אין גאָט ברוך־הוא איז די וואָהנונג פון דער וועלט, צי פערקעהרט, אין דער וועלט איז די וואָהנונג פון גאָט ברוך־הוא. ביז ס'איז אונז ערקלערט געוואָרען אין משה'ס תפלה אין תהלים: „גאָט—ווערט דאָרט געזאָגט—אַ וואָהנונג ביזטו געווען פאַר אונז".

און אָט דערפאַר—האָט מען געזאָגט אין ר' אמי'ס נאָמען—ווערט גאָט אָנגערופען אויך „מקום" (אָרט), ווייל ער איז דאָס אָרט פון דער וועלט, און ניט די וועלט איז זיין אָרט.

II

נישטאָ קיין אָרט אין דער וועלט וואָס זאָל ניט זיין ליידיג פון דער שכינה.

גאָט איז די נשמה פון דער וועלט; ווי דער מענש ווייסט ניט וואו דאָס אָרט איז פון זיין נשמה, אַזוי אויך ווייסט ניט קיין בעשעפעניש אויף דער וועלט וואו גאָט'ס אָרט איז. אפילו די חיות־הקודש, וואָס טראָגען אויף זיך דעם כסא הכבוד, ווייסען עס נישט. און דערפאַר זאָגען זיי אין זייער לויב: „געלויבט זאָל זיין גאָט'ס עהרע פון זיין אָרט"; ד. ה. וואו ער זאָל ניט זיין.

---

## וואו איז גאָט?

רבן גמליאל'ן האָט איינער אַ געצענדינער געפרעגט:
— אין וואָסער אַן אָרט געפונט זיך גאָט?
— איך ווייס ניט—האָט ער אים געענטפערט.

— און דאָס איז אייער חכמה? דריי מאָל אין טאָג בעט איר פאַר אים און קיינער פון אייך ווייסט ניט וואו זיין אָרט!

— דו פרעגסט מיך — זאָגט אים רבן גמליאל — אויף אַזאַ זאַך וואָס איז ווייט פון מיר אַ מהלך פון טויזענדער יאָר, [1] אַ מעהר וועל איך דיך פרעגען אויף אַ זאַך וואָס געפונט זיך אין דיר זעלבסט טאָג ווי נאַכט און, אדרבא, זאָג דו מיר, וואו איז דאָס אָרט דערפון?

— פרעג — זאָגט ער אים.

— זאָג מיר, וואו געפונט זיך אין דיר די נשמה דיינע?

— איך ווייס ניט — ענטפערט יענער.

— צו אַלדע שוואַרצע יאָר! זאָג אַליין: אַזוינס וואָס געפונט זיך ביי דיר טאָג ווי נאַכט, ווייסטו ניט וואו עס שטעקט; און דו פרעגסט מיך אויף אַ זאַך וואָס איז ווייט פון מיר אַ מהלך פון טויזענדער יאָר.

— יאָ, אָבער מיר טוען דאָך גלייך דערמיט וואָס מיר ביקען זיך צו אונזערע אייגענע ווערק: ווען מיר ווילען קענען מיר זיי זעהן.

— אמת — זאָגט רבן גמליאל — אייערע אייגענע ווערק — איר זעהט זיי, זיי אייך אָבער ניט; ביי אונזער גאָט איז פערקערט: ער זיינע ווערק זעהט, די ווערק אים — ניט, ווי אין אונזער תורה ווערט געזאָגט: „עס קען מיך דער מענש ניט זעהן און לעבען בלייבען״.

---

## וויפיל שכינות איז פאַראַן ?

דער רוימישער קיסר האָט אַמאָל אַ פרעג געטון רבן גמליאל׳ן:

— איר זאָגט, אַז וואו צען אינאיינעם דאָרט איז גאָט׳ס שכינה: וויפיל שכינות איז פאַראַן?

רופט־צו רבן גמליאל דעם בעדינער זיינעם און דערלאַנגט אים אַ קלאַפּ אין האַלז־און־נאַקען.

— פאַר וואָס? — שטוינט דער בעדינער.

— צו וואָס האָסטו אַריינגעלאָזט אַהער אין שטוב די הייסע זון? — בייזערט זיך אָן אויף אים רבן גמליאל.

— וואָס רעדסטו? — מישט זיך אַריין דער קיסר — ווער האָט זי אַריינגעלאָזט? די זון רוהט דאָך אומעדום!

---

1) לויט די פאָרשטעלונג פונם געצענדינער איבער דער גאָטהייט.

אַזוי ? — מאַכט רבן גמליאל — איצט זאָג דו אַליין: די זון אפילו· וואָס איז דאָך ניט מער ווי איינע פון די מילי־מיליאָנען בעדינער פון גאָט ברוך־הוא· רוהט אויך אין אײַן צייט אויף גאָר דער וועלט; וואָס איז שוין דער חידוש אויף גאָט׳ס שכינה!

---

## וואו אַנטלויפט מען פאַר גאָט ?

אַ מאַטראָנע האָט אַמאָל געזאָגט ר׳ יוסי׳ן:

— מיין גאָט איז גרעסער פון דיינעם?

— פון וואָס איז עס געדרונגען? — פרעגט ער·

— אַז דער גאָט אייער האָט זיך בעוויזען משה׳ן אינ׳ם דאָרנבוים· האָט משה דעמאָלט פערבאָרגען זיין פנים; ווען ער האָט אָבער דערזעהן מיין גאָט· דעם שלאַנג [1]· האָט ער זיך דערשראָקען און באַלד אַנטלאָפען·

— קלוג אויסגעדרונגען — זאָגט ר׳ יוסי — פאַר אונזער גאָט האָט משה ניט געהאַט וואוהין צו לויפען· וואוהין· אַ שטייגער· זאָל ער געווען אַנטלויפען? אויפן הימעל אַרויף? אין טיפען ים? אויף דער ווייטער יבשה? אַז מיט אונזער גאָט איז פול די גאַנצע וועלט· דער הימעל און די ערד· פאַר דיין גאָט אָבער· פאַר׳ן שלאַנג· וויבאַלד אַ מענש אַנטלויפט פון אים אַ צוויי־דריי טריט איז ער שוין געראַטעוועט·

---

ר׳ חנינא בן אסי זאָגט: אַמאָל קען די גאָרע וועלט צו קליין זיין פאַר דער געטליכער עהרע· און אַמאָל רעדט די גאָטהייט מיט׳ן מענשען פון זיין קאָפּ־האָר אַרויס·

---

## פון צווישען צוויי שטאַנגען·

I

אַ מין [2] האָט געפרעגט ביי ר׳ מאיר׳ן:

— דער וואָס איבער אים ווערט געזאָגט· אַז ער איז פול הימעל און ערד· ווי איז מעגליך· אַז ער זאָל רעדען מיט משה׳ן פונ׳ם ארון אַרויס· פון צווישען די צוויי שטאַנגען?

---

[1]) דראַקאָן· איינע פון די געצענבילדער אין יענער צייט· [2]) אַ כופר· איין אַפּיקורס·

זאָגט אים ר׳ מאיר: ברייננ מיר אַ פּערגרעסער שפּיגעל.
האָט ער געבראַכט.
— איצט קוק־אָן אין אים דיין אָבשיין.
זעהט ער זיך דאָרט פיל פערגרעסערט.
— איצט בריינג אַ פערקלענער שפיגעל און קוק זיך דאָרט אָן.
טוט ער אַזוי און דערזעהט זיך דאָרט פיל פערקלענערט.
— היינט זעה — זאָגט אים ר׳ מאיר — דו׳ אַ מענש׳ אַ איינפאַכער בשר־ודם׳ קענסטו זיך ענדערען׳ ווערען קלענער און גרעסער׳ ווי דו ווילסט; בפרט דער וואָס האָט מיט זיין וואָרט די וועלט בעשאַפען׳ זאָל זאָל ער דאָס ניט קענען? וויל ער — איז ער פול הימעל און ערד׳ וויל ער — רעדט ער פון די צוויי ארון־שטאַנגען אַרויס.

II

אַז די ליבע אונזערע איז געווען שטאַרק זענען מיר געלעגען צוזאַמען אויף אַ שאַרף פון אַ שווערד׳ איצט אַז די ליבע איז אָפּגעשוואַכט קלעקט אונז ניט קיין בעט׳ זעכציג איילען די גרויס. דאָס פאָלק אין זיין יוגענד ווען עס איז איינג פערבינדען מיט זיין גאָט און שטאַרק אָנגעקלעבט אין אים׳ דעמאָלט איז פאַר זיי צוזאַמען גענוג דאָס קלענסטע שטיקעל פלאַץ: ער איז מיט אים צוזאַמען אין זיין הייזעל׳ אונטער זיין בוים׳ נעבען זיין ברונען׳ וואָס ווייטער אָבער׳ ווערט עס וועניגער היימיש מיט זיין גאָט׳ ער ווערט ביי אים אַלץ העכער און ברייטער׳ און דעמאָלט קלעקט שוין פאַר איהם ניט די גאָרע וועלט. אַמאָל אין דער מדבר׳ ווען דאָס יודישע פאָלק איז נאָך יונג געווען׳ ערשט מיט זיין גאָט זיך בעהעפט׳ איז ער זיך מיט אים צוזאַמענגעקומען און געשמועסט מיט אים פונ׳ם ענגען צעהן־איילענדיגען ארון־דעק אַרויס; מיט אַ צייט שפּעטער׳ אַז דאָס פאָלק איז אויסגעוואַקסען׳ האָט זיין קעניג שלמה פאַר גאָט אַ ברייט הויז געבויט׳ זעכציג איילען די לענג׳ צוואַנציג די ברייט און דרייסיג די הויך׳ און גאָר שפּעטער זאָגט שוין דער נביא ישעיה אין נאָמען פון גאָט אָט די ווערטער:

„דער הימעל איז מיין שטוהל
און די ערד מיין פוס־ביינקעלע׳
היינט וואָס פאַר אַ הויז זאָלט איר מיר בויען
און וואו קען זיין אַ פלאַץ פאַר מיין רוהה?“

## אָנקוקען גאָט·

דער רוימישער קיסר האָט אַמאָל געזאָגט ר׳ יהושע בן חנניא׳ן:
— איך וואָלט גערן געווען אָנקוקען מיט די אויגען אייער גאָט·
— דאָס איז אַ אונמעגליכע זאַך — ענטפערט ער אים·
— דאָך וויל איך אים זעהן — שפּאַרט זיך דער קיסר איין·
נעמט אים אָן ר׳ יהושע בן חנניא· פיהרט איהם אין דרויסען אַרויס· שטעלט אים אַוועק פונקט אַקעגען דער תמוז׳דיגער זון און זאָגט אים:
— נעם קוק זיך אין איר איין·
— איך קען נית — זאָגט ער·
— אַזוי? — זאָגט אים ר׳ יהושע בן חנניא — די זון· וואָס איז ניט מער ווי איינער פון גאָט׳ס בעדינער איז אונמעגליך פאַר דיר זי אָנצוקוקען· בפרט די שכינה אַליין·

---

## אַ מאָלצייט פאַר גאָט·

אַ אַנדערס מאָל האָט דער זעלבער קעניג געזאָגט ר׳ יהושע בן חנניא׳ן:
— איך וואָלט גערן געווען צוגרייטען אַ מאָלצייט פאַר אייער גאָט·
— דאָס איז אַ אונמעגליכע זאַך — ענטפערט ער אים·
— פאַר וואָס ? פרעגט דער קיסר·
— צו אַ גרויסע גוואַרדיע קומט מיט אים·
— דאָך — שפּאַרט זיך איין דער קיסר·
— אויב דו ווילסט פּאָרט — זאָגט אים ר׳ יהושע — געה גרייט צו אַ מאָלצייט ביים טייך רבותא· וואו דאָס פלאַץ איז דאָרט זעהר גרויס·
האָט זיך דער קיסר אָבגעגעבען די גאַנצע זעקס זומערדיגע חדשים מיט צו גרייטען דעם מאָלצייט — איז געקומען דער הערבסט־ווינט און האָט אַלעס אויסגעקערט און פערטראָגען אין טייך אַריין· בעמיהט ער זיך ווידער די זעקס ווינטערדיגע חדשים און גרייט־צו אַ אַנדער מאָלצייט — קומען די פריה־יאָר־רעגענס און שווענקען־אָפּ אַלעס אין טייך אַריין·
— וואָס זאָל עס בעטייטען? — פרעגט דער קיסר ר׳ יהושע׳ן·
— דאָס זענען נור דערוויייל די אויסקערער און בעשפריצער זיינע· וואָס געהן אים פאָראויס·

— אויב אַזוי — זאָגט דער קיסר — איז עס ווירקליך פאַר מיר אונמעגליך.

# גאָט׳ס גרויסער נאָמען.

ווען יודען וועלען מיך פרעגען: ווי איז זיין (גאָט׳ס) נאָמען, וואָס זאָל איך זיי זאָגען? — האָט משה געפרעגט ביי גאָט, געגאַרט אין דער זעלבער צייט צו דערגעהן דעם סוד פון גאָט׳ס נאָמען.

דערויף האָט אים גאָט געענטפערט: „אהיה אשר אהיה״ — איך בין דאָס וואָס איך בין. מיין נאָמען ווילסטו וויסען? — טייטשט עס אויס ר׳ אבא בר ממל — לויט מיינע מעשים לאָז איך מיך רופען. אַמאָל „אל שדי״, אַמאָל „צבאות״, „אלהים״, יהוה: אַלס שטרענגער ריכטער פון דער וועלט רופט מען מיך „אלהים״ (שטרענגער ריכטער); אַלס קריגפיהרער און אומברייינגער פון די רשעים הייס איך „צבאות״ (קריגפיהרער); אַלס לאַנגמוטהיגער, וואָס דולדעט די מענשענס זינד, איז מיין נאָמען „אל שדי״ (מעכטיג איבער זיך אַליין); און אַלס דערבאַרמהערציגער איבער דער וועלט הייס איך ה׳. און דאָס בעטייט „אהיה אשר אהיה״ — איך בין צו יעדער צייט וואָס איך בין. לויט מיינע מעשים איז דער נאָמען מיינער.

# גאָט׳ס מדות און דרכים.

I

— „בעוויז מיר דיין עהרע״ — האָט משה געזאָגט צו גאָט — בעוויז מיר די מדה (דרך, אייגענשאַפט) מיט וועלכער דו פיהרסט די וועלט.

— אונמעגליך פאַר דיר מיינע מדות צו דערגעהן.

II

— „די הימלען דערצעהלען גאָט׳ס עהרע״ — לויט דער שווערער וואָג פון די געוויכט־שטיינער, וועלכע דער אַטלעט הויבט און וואַרפט און מאַכט מיט זיי שפּילענדיג זיינע קינסט־שטיק, שטעלען מיר זיך פאָר די מאָס פון זיין גבורה.

אַזוי אויך לויט דער אונגעהייערער גרויס און אונענדליכער צאָהל פון די הימעל־קערפּער, שטערען און פּלאַנעטען, וועלכע גאָט בעוועגט אָנאויפהערליך מיט אַ שרעקליכער שנעלקייט איבער זיינע ברייטע הימעל־ספערען און וואַרפט זיך מיט זיי ווי מיט שפּילצייג, — דערקענט מען זיין גוואַלדיגע אונפערגלייכליכע געטליכע מאַכט. און דאָס איז דער אמת׳ער זין פון דוד־המל׳ס ווערטער אין תהלים: „די הימלען דערצעהלען גאָט׳ס עהרע״.

III

גאָט׳ס אייגענשאַפטען איז ניט גלייך צו מענשענס.

אַ מענש אין דער הויך קוקענדיג נעבען זיך, זעהט ער נור דאָס הויכע וואָס נעבען אים, אָבער ניט דאָס נידריגע; גאָט ברוך הוא אָבער, דער העכסטער פון אַלע הויכע, קוקט דוקא אויפן קליינעם און ערנידע־ריגטען.

אַ מענש, אַז יענער האָט אים בייגעקומען האָט ער דערפון פערדרוס. גאָט ברוך־הוא אָבער אַז מע קומט אים ביי[1]) איז ער דערמיט צופרידען, ווי דער פּסוק זאָגט ביים איבערדערצעהלען די מעשה פון די יודענס חטא מיט׳ן עגל: „געוואָלט האָט ער (גאָט) פערטיליגען זיי, אַ גליק וואָס משה זיין אויסדערוועהלטער האָט זיך געשטעלט אין געפאַהר אים אַנטקעגען״— משה האָט אים בייגעקומען, און דאָך איז ער פערבליבען זיין אויסדער־וועהלטהער.

אַ מענש, אַז איינער האָט אים שטאַרק אויפגעבראַכט איז ער גרייט יענעם דערגעהן די יאָרען. גאָט ברוך־הוא אָבער איז ניט אַזוי: ער האָט פערשאָלטען די שלאַנג: „ערד זאָלסטו עסען ווייל דו וועסט לעבען״ — איז זי אומעטום פערזאָרגט מיט איר שפּייז, סיי אויפ׳ן בוידעם סיי אין קעלער; כנען׳ן (חם׳ס זין) האָט ער פערשאָלטען: „אַ אייביגער קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע ברידער״ — איז ער אין אַלע צייטען פערזאָרגט מיט זיין עסען און טרינקען פון זיין הער׳ס טיש; ער האָט פערשאָלטען די ערד — און זי איז די שפּייזערן פון דער גאַנצער וועלט.

— גאָט — זאָגט ר׳ אלעזר—אפילו אין זיין כעס פערגעסט ער נישט צו זיין אַ בעל רחמים.

אַ מענש מאַכט אַ זאַך לעבט עס אים איבער; גאָט ברוך־הוא אָבער לעבט איבער אַלע זיינע בעשעפענישן.

---

[1]) אַז מ׳איז מבטל דורך תפלה זיין גזירה.

אַ מענש מאָלט אָדער האַקט אויס אַ אויסערליכע בילד, קען ער אין דעם ניט אַרײַנזעצען קיין נשמה און גייסט, קיין איינגעווייד און געדערם; גאָט ברוך־הוא אָבער בילדעט אַ בילד אין אַ בילד און זעצט אין דעם אַרײַן נשמה און גייסט, איינגעווייד און געדערם.

אַ מענש שלאָגט־אויס וויפיל מטבעות מיט איין חותם, זענען זיי אַלע עהנלאַך איינס צום אַנדערען; גאָט ברוך־הוא אָבער פאַרעמט אַלע מענשען מיט איין און דעמזעלבען חותם פון אדם הראשון און יעדער פון זיי האָט זיין בעזונדער פנים.

אַ מענש, ער זיצט אינוועניג און די קנעכט זיינע היטען אים פון דרויסען; גאָט ברוך־הוא אָבער איז ניט אַזוי: זיינע קנעכט זיצען אינוועניג און ער היט זיי פון דרויסען, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „גאָט איז דיין בעהיטער, גאָט איז דיין שיץ ביי דיין רעכטער האַנד”.

IV

אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי האָט מען געזאָגט:

— וואָס איז דער זין פונם פסוק: „דען איך, גאָט, ליב רעכט און לייד ניט קיין גערויבטס פאַר בראַנדאָפּפער” מעג זיין אים אַ בראַנדאָפּפער, אויב גערויבטס — לײַדט ער עס ניט.

מע קען דאָס צוגלייכען צו אַ קעניג וואָס איז פערבייגעפאָהרען דאָס צאָלהויז. הייסט ער די קנעכט אָפּצאָהלען די צאָל לויט עס קומט.

— העך קעניג — פרעגט מען אים — די צאָל געהער דאָך סיי ווי סיי דיר, צו וואָס־זשע זאָלסטו אַליין צאָהלען?

פערשטעהט איר מיך—ענטפערט דער קעניג — איך טוה עס כדי אַלע רייזענדער זאָלען זיך אָפּלערנען פון מיר און נישט גנב׳ענען די צאָל.

אַזוי זאָגט אויך גאָט: זאָל מען ניט רויבען פאַר מיר, וועט מען אויך ניט רויבען פאַר זיך.

V

ר׳ יוחנן זאָגט:

— אומעטום וואו עס רעדט זיך פון גאָט׳ס אַלמעכטיגקייט ווערט דערביי גלייך אָנגעוויזען אויך אויף זיין עניוות און צוגעלאָזקייט.

דאָס איז איבערגעזאָגט פיל מאָל סיי אין דער תורה, סיי אין די נביאים און סיי אין די כתובים; „גאָט איז איבער אַלע געטער”—שטעהט

1) אַ קינד אין דער מוטערס בויך.

אין דער תורה, און באַלד דערביי: „ער שטעלט זיך איין פאַר'ן יתום און דער אלמנה"; „אַזוי זאָגט גאָט דער הויכער און דערהויבענער, הויך און הייליג רוה איך" — זאָג דער נביא — און באַלד נאָכדעם „אויך מיט דעם דערשלאָגענעם און ביי זיך געפאַלענעם"; „לויבט דעם וואָס רייט אין ברייטע הימלען" — ווערט געזאָגט אין תהלים — און באַלד נאָכדעם: „דער פאָטער פון יתומים און דער ריכטער פון אלמנות".

---

## גאָט פערבייט ניט.

— רבונו של עולם — האָט איוב געטענה'ט פאַר גאָט — פאַר וואָס האָסטו מיר אַזויפיל וואונדען פערשאַפט אומזיסט אומנישט? מיט וואָס האָב איך זיך געגען דיר פערזונדיגט? צי איז ביי דיר נישט פאָרגעקומען דאָ קיין טעות אויף איין האָר און דו האָסט פערביטען דיין געטרייען „איוב" אויף עמיצען אַן „אויב" אַ שונא דיינעם.

— נאַר איינער — ענטפערט אים גאָט ברוך־הוא—פיל האָר האָב איך בעשאַפען אויפ'ן מענשענס קאָפּ און פאַר יעדער האָר בעזונדער אַ גריבעלע פאַר זיך, כדי צוויי צוזאַמען זאָלען ניט זויגען פון איין גריביל; ווייל אויב יאָ, וואָלט עס זעהר שעדליך געוועזען פאַר די אויגען. היינט אויב עס פערבייט זיך ניט פאַר מיר אַ גריבעל אויף אַ גריבעל—וועט זיך „איוב" אויף „אויב" פערבייטען!

„ווער האָט איינגעטהיילט פאַר'ן רעגענפלוס גרובענס?"—פיל טראָפען האָב איך בעשאַפען אין די וואָלקענס, און פאַר יעדען טראָפּען בעזונדער אַ קעסטעלע פאַר זיך, כדי צוויי צוזאַמען זאָלען ניט אַרויסגעהן פון איין קעסטעלע; ווייל אויב יאָ וואָלט עס אָפּגעשווענקט די אויבערשטע ערד און עס וואָלט אויף איר גאָר ניט געוואַקסען. היינט אויב עס פערבייט זיך ניט פאַר מיר אַ טראָפּען אויף אַ טראָפּען—וועט זיך „איוב" אויף „אויב" פערבייטען!

„און אַ וועג פאַר די דונערען אין וואָלקען". פול דונערען האָב איך בעשאַפען אין די וואָלקענס, און פאַר יעדען דונער בעזונדער אַ שטעג פאַר זיך, כדי צוויי צוזאַמען זאָלען ניט אַרויסגעהן פון איין שטעג; ווייל אויב יאָ, וואָלט עס געמאַכט חרוב די וועלט. היינט אויב עס פערבייט זיך ניט פאַר מיר אַ דונער אויף אַ דונער—וועט זיך „איוב" אויף „אויב" פערבייטען.

„ווייסטו די צייט פון געבוירען ביי דער פעלזען־געמזע?"—די געמזע ביים געבוירען אַ קינד ליידעט זעהר שווער, און פון גרויס וועהטיג פער־

לירט זי יעדע מוטערליכע געפיהל פון רחמנות צו אייגענע קינדער און בשעת זי דאַרף געהן צו קינד הויבט זי זיך אויף אַ הויכען פעלז, כדי דאָס געבוירענע קינד זאָל פון דאָרט אַראָפּפאַלען און זיך צעשלאָגען אויף טויט. שיק איך דעמאָלט צו אַן אָדלער פּינקטליך צו דער צייט, וואָס האַפּט עס אויף די פליגעל זיינע און לעגט עס אַנידער פאַר דער מוטער; און וואָלט דאָס געשעהן איין רגע פריהער אָדער שפּעטער, וואָלט דאָס קינד אומגעקומען. היינט אויב עס פערבייט זיך ניט פאַר מיר אַ רגע אויף אַ רגע— וועט זיך „איוב״ אויף „אויב״ פערבייטען?

---

# גאָט׳ס אויג.

## I

„אָך און וועה איז די — זאָגט דער נביא ישעיהו — וואָס פערבאָרגען טיף פאַר גאָט זייערע געדאַנקען און אין דער פינסטער טוען זיי אָפּ מעשים, און מיינען דערביי: ווער וועט מיך זעהן און ווער וועט מיך וויסען?״ — דאָס קומט אויס ווי איינער אַ בוימייסטער האָט אויסגעבויט די שטאָדט אינגאַנצען לויט זיין אייגענעם פּלאַן, סיי די הייזער, סיי די גרובענס און סיי די קעלערס. אין אַ צייט אַרום איז ער געוואָרען איבער דער שטאָדט אַ צינז־אויפמאָהנער, האָבען גענומען די שטאָדט־לייט און בעהאַלטען זייערע פערמעגענס אין געהיימע צימערען און קעלערס. זאָגט ער זיי: נאַרישע מענשען, די אַלע געהיימע ערטער זענען דאָך אויסגעבויט דורך מיר און דורך מיין פּלאַן, מיינט איר אין זיי זיך פאַר מיר אויסצובעהאַלטען?

גאָט איז דער בוימייסטער פונם מענשענס אברים און פון דער גאַנצער וועלט, היינט ווי איז מעגליך אויסבעהאַלטען פאַר אים געדאַנקען אָדער מעשים?

## II

„דו גאָט ביזט מיין ליכט״ — זאָגט דער משורר אין תהלים. דאָס אויג — זאָגט אויף דעם ר׳ יוחנן — איז אינגאַנצען ווייס און דורכזיכטיג, נאָר אין מיטען איז דאָס שוואַרצאַפּעל אַ פערמאַכטס, אַ פינסטערס. אויב אַזוי, מיט וואָס וואָלט דער מענש בעדאַרפט זעהן? דוכט זיך, מיט׳ן ווייסען. צום סוף, זעהט ער גאָר מיט׳ן שוואַרצען. דעם סוד פון דיין אייגען

אויג׳ס ליכט קאָנסטו ניט דערגרעהן, ווילסטו דערגרעהן דעם סוד פון גאָט׳ס דרכים? ער אַליין איז פאַר אונז ־איינגעהילט אין טיפע פינסטערנעס און איז דער קוואַל פון ליכט פאַר דער גאַנצער וועלט.

---

## וכּוּחים איבער גאָט.

I

דער רוימישער קיסר, וואָס פלעגט זיך צומאָל לוסטיג מאכען מיט וכּוּחים איבער׳ן יודישען גאָט, האָט אַמאָל אַ פרעג געטון רבן גמליאל׳ן:

— איר ריהמט אייער גאָט דערמיט וואָס ער ווייסט די צאָהל פון די שטערן, אַ גרויסע זאַך! איך קאָן אויך צעהלען די שטערן. נעהמט רבן גמליאל פיל קירשען, שיט אַריין אין אַ זיפּ און הויבט אָן זיי געשווינד דרעהען.

— נעהם צעהל זיי — זאָגט איהם רבן גמליאל.

— הער־אויף צו דרעהען — זאָגט דער קיסר.

די הימעל־ספערען דרעהען זיך נאָך געשווינדער — האָט אים אָפּגעשניטען רבן גמליאל.

לויט אַנדערע דערצעהלען, האָט אים רבן גמליאל אַזוי געענטפערט:

— זאָג מיר, וויפיל צייהן אין מויל האָסטו?

האָט דער קיסר אַריינגעלעגט דעם פינגער אין מויל און גענומען צעהלען. — די צייהן אין מויל — זאָגט רבן גמליאל — האָסטו נאָך ניט איבערגעצעהלט — ווערסטו די שטערן אין הימעל איבערצעהלען? אַהין מיט קיין פינגער קען מען ניט דערלאַנגען.

II

אַ אַנדערס מאָל האָט דער קיסר אַ זאָג געטון רבן גמליאל׳ן שפּאַסיג, ווי זיין שטייגער:

— איך ווייס מיט וואָס אייער גאָט דאָרט אין הימעל באַשעפטיגט זיך.

רבן גמליאל׳ן זענען דעם קיסר׳ס שפּאַסיגע וכּוּחים געוואָרען שטאַרק איבערדריסיג, האָט ער זיך מישב געווען אים גלייך אפּשניידען, מאַכט ער אַ טרויעריגע מינע און לאָזט אַרויס אַ טיפען זיפץ.

— וואָס זיפצסטו אַזוי? — זאָגט דער קיסר.

— איך האב זיך דערמאָנט אין מיין זוהן, וואס געפונט זיך יעצט ערגעץ פארווארפען אין גאַנץ ווייטע מקומות. אוי ביינק איך נאָך אים! ווען דו זאָלסט מיר אים קענען ווייזען!

— ווייס איך דען וואו ער איז? — זאָגט דער קיסר.

— אַזוי? — זאָגט רבן גמליאל — וואָס דאָ אויף דער ערד טוט זיך ווייסטו נישט און וואָס דאָרטען אין הימעל טוט זיך מיינסטו אַז דו ווייסט יאָ?

---

## אַדריאַנוס וויל ווערען אַ גאָט.

אדריאַנוס, דער רוימישער קיסר, נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען די גאַנצע וועלט און האָט מיט גרויס טריאומף צוריק געקערט קיין רוים, האָט ער צונויפגעזאַמעלט זיינע הויפסלייט און האָט פאַר זיי אַרויסגעזאָגט זיין ווילען.

— פון היינט אָן וויל איך, איר זאָלט מיך מאַכען פאַר אַ גאָט. איך האב שוין איינגענומען די גאַנצע וועלט.

— דו האָסט אָבער נאָך ניט באַהערשט די הויפטשטאָדט און דאָס הויז פונ׳ם יודישען גאָט, דער גאָט פון דער וועלט — האָבען זיי אים געענטפערט.

האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט, חרוב געמאַכט צום איבעריגען דעם בית־המקדש, פערטריבען די יודען און געקומען צוריק.

— שוין! — זאָגט ער צו זיינע הויפסלייט — געמאַכט אַ סוף צו דער שטאָדט פונם יודישען גאָט, פערברענט זיין פאַלאַץ און פערטריבען זיין פאָלק. מאַכט מיך פאַר אַ גאָט!

צווישען יענע הויפסלייט — זאגט ר׳ ברכיה — זענען געווען דריי אויפגעקלערטע פילאָסאָפען [1]) רופט זיך אָן איינער פון זיי:

— מע קען זיך נישט אַקעגען שטעלען דעם קעניג ביי אים אַליין אין זיין אייגענע פאַלאַצען, נאָר אויסער זיי. גיעה דו־אויך פון גאָטס פאַלאַצען אַרויס, שטעל זיך אויסער הימעל און ערד, וועלכע ער האָט באַשאַפען — און מאַך זיך פאַר אַ גאָט.

דער צווייטער זאָגט אים:

— אומזיסט דיין מיה. א געטליכער נביא ירמיה האָט שוין לאַנג געזאָגט: „די געטער וועלכע האָבען הימעל און ערד ניט געשאַפען, וועלען אַלע אומקומען פון אונטער די הימלען״.

---

[1]) צו יענער צייט האבען זיך צווישען די רוימער געפונען פיל אויפגעקלערטע, וואס האבען אויפגעהערט צו האלטען פון געצענדינעריי, און גענומען זוכען נייע וועגען אין אמונה־זאכען.

דער דריטער האָט געזאָגט אַזוי:
— איך האָב צו דיר אַ בקשה, שטעה מיר איצט ביי אין אַ נויט.
— וואָס איז אַזוינס?—פרעגט דער קיסר.
— איך האָב דאָ אַ שיף אין ים, דריי מייל ווייט פונ׳ם ברעג, האַלט זיביים אונטערגעהן, און דאָרט געפונט זיך מיין גאַנץ פאַרמעגען.
— איך שיק באַלד אַהין מיינע שיפען מיט מיינע לעגיאָנען און מען וועט זי רעטען.
— אַדוני מלך! — זאָגט אים דער פילאָסאָף — צו וואָס זאָלסטו בע־מיהען אַהין דיינע שיפען מיט דיינע לעגיאָנען, אַמעהר שיק־אונטער אַהינצו אַ ביסעלע ווינט, וועט זי זיין גערעטעט.
— וואו זאָל איך דיר נעהמען אַ ווינט אַהין צו שיקען?
— אַזוי? — זאָגט דער פילאָסאָף — קיין ביסעל ווינט קאָנסטו אַהין ניט שיקען, און פאַר אַ גאָט ווילסטו זיך מאַכען? וועגען דעם אמת׳ן גאָט ווערט געזאָגט: „ער שאַפט הימלען און ציהט זיי אויס, שפרייט אויס די ערד און איר אַרויסצוג, ער גיט אַ זעל מענשען אויף איר און אָטהעם צו די וואָס געהען איבער איר“.
איז דער קיסר געקומען צו זיך אַ היים שטאַרק צערודערט. זאָגט אים דאָס ווייב: דיינע לייט האָבען דיר איינגערעדט אַז דו קענסט ווערען אַ גאָט. אַ יאָ ביסט אַ גרויסער און אַ שטאַרקער קעניג און אַלץ איז ביי דיר אין דער האַנד? אָט וועל איך דיר עפּעס זאָגען: גיב נאָר גאָט צו־ריק זיין פקדון, וועסטו ווערען אַ גאָט.
— וואָס פאַר אַ פקדון? — פרעגט דער קיסר.
— די נשמה — ענטפערט זי.
— אָן דער נשמה וואָס וועט פון מיר ווערען?
— אַזוי? — זאָגט זי — איבער דיין נשמה האָסטו קיין שליטה נישט, ווילסטו אַ גאָט ווערען! אַ מענש ביסטו, ניט קיין גאָט.

---

## גאָט זעהט פאָראויס.

אַ כופר האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ יהושע בן קרחה׳ן:
— זאָגט איר דען ניט, אַז גאָט זעהט אַלעס פאָראויס?
— געוויס — ענטפערט ער.
— אויב אַזוי, ווי קומט עס — פרעגט יענער ווייטער — וואָס די

תורה דערצעהלט וועגען גאָט „ער האָט דערזעהן ווי גרויס איז דאָס שלעכטס פונם מענשען... איז ער טרויעריג געוואָרען ביי זיך האַרצען״?— האָט ער דען ניט געוואוסט פאָראויס, וואָס פונם מענשען וועט ווערען?
— ביי דיר איז אַמאָל געבוירען געוואָרען אַ יונגעל? — האָט אים ר׳ יהושע בן קרחה געפרעגט.
— יאָ.
— וואָס־זשע האָסטו דעמאָלט געטון?
— ס׳איז ביי מיר געווען אַ שמחה און האָב משמח געווען אַלע מיינע גוטע פריינד.
— האָסטו דען פאָראויס ניט געוואוסט, אַז ער וועט אַמאָל שטאַרבען?
— וואָס געהער זיך עס אָן? — זאָגט ער — בשעת פרייד — פרייד, בשעת לייד—לייד.
— און דאָסזעלבע איז אויך ביי גאָט.

---

## זיצט אויבען און פּאָרט אונטען.

אַ מאַטראָנע האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ יוסי בן חלפתא:
— אין וויפיל טעג האָט גאָט בעשאַפען די וועלט?
— אין זעקס — האָט ער געענטפערט.
— און פון דעמאָלט אָן ביז איצט וואָס טוט ער?
— פון דעמאָלט אָן זיצט גאָט פון אויבען און פּאָרט פון אונטען: דעם׳ס טאָכטער פאַר יענעם, יענעמ׳ס פּאַר דעם.
— און מיט דעם בעשעפטיגט ער זיך? אַ גרויסע קונץ! איך קען עס אויך. וויפיל קנעכט און דינסטען איך פערמאָג קען איך זיי דיר אַלע אין איין ווײלע צונויפפּאָרען.
— ביי דיר איז עס אפשר אַ קלייניגקייט, ביי גאָט אָבער איז עס דוקא שווער ווי שפּאַלטען דעם ים — האָט ר׳ יוסי בן חלפתא איר אָפּגע־ענטפערט, זיך אויסגעקערט און אַוועקגעגאַנגען.
איז זיך מישב די מאַטראָנע, און נעמט צונויף אירע טויזענד קנעכט מיט טויזענד דינסטען, שטעלט זיי אויס שורות־ווייז, און בעפעהלט: זאָלען זיך נעמען דער די און די דעם, און אַזוי האָט זי זיי אויסגעפּאָרט אַלע אין איין נאַכט.

אויף מאָרגען פריה, האָבען גענומען געהן צו איר דער גאַנצער עולם קנעכט און דינסטען, ווער מיט אַ צעשפּאַלטענעם קאָפּ, ווער מיט אַ אויסגעזעצט אויג, ווער מיט אַ אויסגעלינקטער האַנד, ווער מיט אַ צעבראָכענעם פוס.

— וואָס איז מיט אייך אַזוינס געשעהן? — פרעגט די מאַטראָנע פערוואונדערט.

ווערט אַ געפּילדער, דער שרייעט: איך וויל די נישט, און די טענה׳ט: איך וויל דעם נישט.

דערזעהן דאָס, שיקט זי רופען צו זיך ר׳ יוסי בן חלפתא, און זאָגט אים:

— רבי, אמת איז אייער תורה, שען און וואויל איז זי, ריכטיג האָסטו מיר געענטפערט.

ר׳ ברכיה זאָגט: דער זין פון ר׳ יוסי בן חלפתא׳ס ענטפער איז געוועען אַן אַנדערער: גאָט זיצט פון אויבען און מאַכט לייטערס: ערנידעריגט איינעם און דערהויבט דעם אַנדערען, לאָזט איינעם אַראָפּ און הויבט דעם אַנדערען אַרויף, און אַזוי אַרום האַלט זיך אין גלייכגעוויכט אַלעס אויף דער וועלט.

---

# גאָט׳ס השגחה און זיינע שליחים.

## I

„פון גאָט זענען דעם מענשענס שריט געריכטעט” — ר׳ חנינא זאָגט:

אַ מענש גיט זיך ניט אַ קלאַפּ אין מינדסטען פינגער פון אונטען ביז מ׳האָט ניט אויסגערופען וועגען דעם פון אויבען.

## II

גאָט ברוך־הוא פיהרט־אויס זיין שליחות דורך אַלעס, אפילו דורך אַ פראָש, אפילו דורך אַ שלאַנג, אפילו דורך אַ פליגעלע.

אַ עקדיש האָט זיך אַמאָל געלאָזט אויספיהרען אַ שליחות פון יענער זייט ירדן, געקומען צום טייך האָט אים גאָט צוגעשיקט אַ פראָש און אויף איר איז ער איבערגעשווימען דעם טייך, געגאַנגען וואוהין ער האָט בעדאַרפט, דאָרטען איינעם אַ ביס געטון און יענער איז געשטאָרבען.

אָפּגעָטון זיינס האָט אים די פראָש ווידעָר אַריבעָרגעָפיהרט דעָם טייך צוריק.

III

ר׳ ינאי האָט אַמאָל געָ׳דרשה׳ט פאַר׳ן עולם ביים איינגאַנג פון שטאָדט. זעָהט מעָן ווי אַ שלאַנג לאָזט זיך לויפעָן געָשווינד אין שטאָדט אַריין. טרייבט מען אים אָפּ צוריק פון איין זייט, דרעָהט עָר זיך אויס און קומט אָן פון אַ אַנדעָר זייט, טרייבט מעָן אים אָפּ ווידעָר פון דעָר זייט קומט עָר ווידעָר אָן פון אַן אַנדעָר זייט.

ניט אַנדעָרש — זאָגט ר׳ ינאי — אַז עָר געָהט אָפּטון עָפּעָס אַ שליחות.

און טאַקי באַלד איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָדט: יעָנעָר און יעָנעָר האָט בעָקומען אַ ביס פון אַ שלאַנג און איז געָשטאָרבעָן.

---

## גאָט׳ס נסים.

ר׳ יוסף האָט אַמאָל געָ׳דרשה׳ט אויפ׳ן פּסוק אין ישעיה:

„אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט אויף מיר געָצאָרנט, דיין צאָרן קעָרט זיך אום און דו טרייסט מיך״ — ווענעָן וואָס האַנדעָלט זיך דאָ? וועָגעָן צוויי מעָנשעָן, אַ שטייגעָר, וואָס האָבעָן זיך געָקליבעָן אַוועָקצולאָזעָן זיך מיט אַ שיף אין ים געָשעָפטעָן מאַכעָן. האָט זיך איינעָם פעָרשטאָכעָן אַ פוס און האָט געָמוזט פעָרבלייבעָן. איז עָר בעָז געָוואָרעָן אויף גאָט. שפּעָטעָר דעָהעָרט עָר אַז יעָנעָ שיף איז אונטעָרגעָגאַנגעָן. דעָמאָלט האָט עָר עָרשט אָנגעָהויבעָן לויבעָן און דאַנקעָן גאָט: אַ דאַנק דיר, גאָט פאַר דיין עָרשטעָן צאָרן, געָקומעָן נאָכאַמאָל דיין צאָרן האָט עָר מיך געָטרייסט.

און דאָס איז די מיין — האָט ר׳ אליעזר געָזאָגט — פונם פּסוק אין תהלים: „אַ דאַנק... צו דעָם וואָס טוט וואונדעָר איינעָר אַליין״ — וויפיל נסים טועָן זיך אָפּ מיט׳ן מעָנשעָן, וואָס אפילו עָר אַליין ווייסט גאָר נישט פון זיי!



# די הימלען און זייערע הערשאפטען.

## זיבען הימלען.

ריש לקיש זאגט: זיבען הימלען זענען פאַראַן: דער ערשטע הימעל וילון (פאָרהאַנג) — האָט ניט קיין בעזונדערע באַשטימונג; ניט מער, פאַר־טאָג וויקעלט ער זיך איין אינגאַנצען און לאָזט אַרויס דעם טאָג און א זוי אַרום בעגייט ער טאָג־טעגליך די גאַנצע וועלט, פאַרנאַכט וויקעלט ער זיך צוריק אויף און עס ווערט נאַכט; דער צווייטער הימעל רקיע — דאָרט זענען איינגעפאַסט זון און לבנה, שטערען און פלאַנעטען; דער דריטער הימעל שחקים — דאָרט שטעהען מיהלען וועלכע מאָהלען מן (הימעל־שפייז) פאַר צדיקים; דער פיערטער הימעל זבול — דאָרט געפונט זיך די אויבערשטע ירושלים מיט'ן בית־המקדש מיט אַ אויסגעבויטן מזבח, וואו עס שטעהט דער מלאך מיכאל, דער גרויסער שר, און ברייננגט אויף אים אַלע טאָג אַ קרבן—אַ צדיק'ס נשמה; דער פינפטער הימעל מעון — דאָרט שטעהען מלאָכים גרופען־וויז און זאָגען שירה פאַר גאָט ביינאַכט און שווייגען ביי טאָג צוליב'ן כבוד פון יודען, וועלכע זאָגען דעמאָלט שירה; דער זעקסטער הימעל מכון — דאָרט געפונען זיך קאַמערען פון שניי, קאַמערען פון אייז, אויבערקאַמערען פון בעזע טויען און רעגענס, אַ געהיימער צימער פאַר געוויטער און שטורמווינטען און די הייל פון דאַמפף, און אַלע זייערע טי־רען זענען פון פייער; דער זיבעטער הימעל ערבות — דאָרט געפונט זיך רעכט און געריכט און גערעכטיגקייט, אוצרות פון לעבען, אוצרות פרידען און זעגען און די צוריקגעקומענע נשמות פון צדיקים און נשמות

און גייסטער וואָס דאַרפען ערשט געבוירען ווערען, און טוי דורך וועלכען גאָט וועט אַ מאָל אויפלעבען די טויטע; דאָרט געפונען זיך אויך די גרויסע הייליגע מלאָכים, גאָטס בעדינער, די אופנים און שרפים און דער כסא הכבוד, און דער קעניג, דער לעבעדיגער הייליגער גאָט, דער העכסטער און דערהויבענסטער, רוהט איבער זיי אַלע, און פינסטערניש, וואָלקען און נעפעל רינגלען אים אַ רום.

ביז אַ הער איז דיר ערלויבט צו רעדען פון דאַנען און ווייטער טאָרסטו ניט, ווי בן־סירא שרייבט:

דאָם באַהאַלטענע פאַר דיר וואַג ניט צו פאָרשען
דאָס פאַרדעקטע פאַר דיר זוך ניט צו דערגעהן,
וואָס איז ערלויבט אין דעם טראַכט זיך איין,
און האָב ניט צו טון מיט קיין געהיימניסען.

---

# געטליכע מלאָכים.

I

פיר גרופען פון מלאָכים, גאָטס בעדינער, לויבען זיין ליבען נאָמען. די ערשטע מחנה, מלאך מיכאל'ס, רעכטס, די צווייטע, גבריאל'ס — לינקס, די דריטע, אוריאל'ס — פון פאָרענט, די פירטער — רפאל'ס — פון אונטען, און גאָטס ברוך־הוא שכינה — אין מיטען, און ער זיצט אויף אַ הויכע, דערהויבענע שטוהל, וואס העגנגט הויך אין דער לופטען, דאָס אויסזעהן פון זיין עהרע איז ווי דער הימעלשער פייער־שיין חשמל; די קרוין — אויפן קאָפ; די דיאדעם מיט'ן שם המפורש — אויפן שטערן; די אויגען זיינע אויף דער גאַנצער ערד, וואָס האַלב איז זי פייער און האַלב אייז; רעכטס ביי אים איז לעבען, לינקס — טויט, אַ פייערדיגע סצעפטער ביי אים אין דער האַנד און אַ פרוכת איז אַראָפּגעלאָזט פאַר אים, און זיבען מלאָכים בעדינען אים אינוועניג פון יענער זייט פרוכת. און דאָס איז באַוואוסט מיט'ן נאָמען "פרגוד". און דאָס פוסביינקעלע איז ווי פייער מיט אייז צוזאַמען, און אונטער דעם כסא הכבוד איז ווי סאַפּפיר, און אַרום דער שטוהל פלאַקערט אַ פייער, רעכט און גערעכט איז דער גרונד פון זיין שטוהל, און זיבען הערליכע וואָלקענס הילען אים אַרום, און דער אופן און גלגל, כרוב און חיה זינגען אים אַ לויב.

II

ר׳ ישמעאל זאָגט:

דער גרויסער מלאך מטטרון, וואָס שטעהט פאַר גאָט׳ס געזיכט, האָט מיר דערצעהלט: ווי נור גאָט ברוך־הוא האָט מיך גענומען צו זיך צו בעדינען אים אונטער׳ן כסא־הכבוד און דעם גלגל פון דער מרכבה אין די גאַנצע איינריכטונג פון דער שכינה, איז באַלד מיין לייב געוואָרען פלאַמפייער, און מיינע אָדערן פייער גלוטה, און מיינע ביינער גליהענדיגע קוילען און מיינע ברעמען ווי הימעל שיין, און מיינע אויגען ווי בליצען, און די האָר פון מיין קאָפּ — בראַנדען פייער און מיינע אַלע גלידער פלאַמענדיגע צינגען און מיין גאַנצער גוף איין ברענענדיגער פלאַקער, פון מיין רעכטער האַנד שפריצט מיט פלאַמען פייער און פון דער לינקער מיט פלאַקערדיגע פאַקעלען, און פון אַ רום מיר ברעכען־אויס שטורמווינטען.

III

אוי׳פן הימעל איז דאָ אַ הייליגע חיה (איינער פון די מלאכים), אַז ס׳איז טאָג שיינט דאָס וואָרט „אמת״ (וואַהרהייט) ביי איר אויפ׳ן שטערן, ווייסען די מלאָכים אַז ס׳איז טאָג, פאַרנאַכט שיינט דאָס וואָרט „אמונה״ ביי איר אויפ׳ן שטערן, ווייסט מען אַז ס׳איז נאַכט. און אַלע מאָל זאָגט זי דערביי: „לויבט גאָט דעם געלויבטען!״ און אַלע הימלישע הערשאַפטען ענטפערען „געלויבט איז גאָט דער געלויבטער אויף אייביג!״.

IV

אַדריאַנוס, פוילען זאָלען זיינע ביינער, האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יהושע׳ן בן חנניא: איר זאָגט אַז קיין גרופּע מלאכים אין הימעל זינגט ניט איבער צוויי מאָל איר לויבגעזאַנג, ווי דען? אַלע טאָג בעשאַפט גאָט פרישע מלאכים, זאָגען—אָפּ זייער שירה, און בלייבען ניט. ניט אַזוי?

— אַזוי.

— וואוהין געהען זיי אַוועק?

— אַהין פון וואַנען זיי זענען בעשאַפען געוואָרען.

— און פון וואַנען זענען זיי בעשאַפען געוואָרען?

— פונם פייערדיגען טייך דינור וואָס פליסט אָן אויפהער טאָג ווי נאַכט.

— און פון וואַנען נעמט זיך דער טייך?

— פונ׳ם שוויס וואָס טרעט־אַרויס ביי די הייליגע חיות פונ׳ם טראָגען דעם כסא הכבוד.

V

די איינציגע ערנעהרונג פון די מלאכים איז די שיין פון דער שכינה, ווי דער פסוק זאָגט: „דו (גאָט) בעלעבסט זיי אַלע און די הימעל־הערשאַפטען ביקען זיך פאַר דיר".

*

איין מלאך טוט ניט קיין צוויי שליחות, און ניט צוויי מלאכים איין שליחות.

*

אויף מלאכים האָט דער יצר הרע קיין שום שליטה ניט.

*

די נעמען פון די מלאכים האָבען די יודען צום ערשטען מיטגע־בראַכט פון בבל.



# עבודה־זרה (געצענדינערײַ)·

---

## די האַרבסטע עבירה·

I

עבודה־זרה איז אַזאַ האַרבע עברה· אַז ווער עס לייקענט אין איר איז גלייך ווי ער איז מודה (אַנערקענט) אין דער גאַנצער תורה·

II

ר׳ אבהו האָט געזאָגט אין ר׳ יוחנן׳ס נאָמען:
אויב אַ אמת׳ער נביא וועט דיר זאָגען אַז מען מוז צייטווייליג איבערטרעטען אַ געבאָט פון דער תורה — זאָלסטו אים אין אַלעס פאָלגען· אויסער געצענדינערײַ· אויף דעם זאָלסטו אים ניט פאָלגען אין קיין פאַל· אפילו ווען ער וועט דיר בעווייזען אַ וואונדער און אָפּשטעלען די זון אין מיטען הימעל·

III

רב נחמן זאָגט:
— שפּעטען טאָר מען ניט; שפּעטען אָבער פון עבודה־זרה איז ערלויבט· ווי מיר געפינען כמעט ביי אַלע נביאים· אַז זיי האָבען בייסענד אויסגעלאַכט די עבודה־זרה און געמאַכט זי צו שאַנד און צו שפּאָט·

## ווי קומט אַ לעבעדיגער צו טויטע·

„און אַז זיי (די גוים) וועלען אייך זאָגען
ווענדעט זיך צו די בויכרעדער און צו די טרעפּערס
וואָס פּיפּסען און פּלאַפּלען —
יעדעס פאָלק ווענדעט זיך דאָך צו זיין גאָט·
פאַר די לעבעדיגע צו טויטע·
ביי דער תורה און צייגניש (שווער איך)
אויב ניט זיי זאָגען אייך אַזאַ זאַך
וואָס האָט ניט קיין קלאָרען זין"

אויף די ווערטער פונם נביא ישעיה האָט ר' לוי געזאָגט אַזאַ משל:

— ביי איינעם איז פערלוירען געגאַנגען זיין זוהן· איז ער אים געקומען זוכען אויפ'ן בית־הקברות· דערזעהט אים דאָרט אַ פערשטאַנדיגער מענש· פרעגט ער אים: דיין פערלוירענער זוהן איז אַ לעבעדיגער צי אַ טויטער?

— אַ לעבעדיגער·

— נאַר איינער — זאָגט אים יענער—טויטע· געוועהנליך· קומען־אָן צו לעבעדיגע· אָבער וואו האָסטו געזעהן אַז לעבעדיגע זאָלען אָנקומען צו טויטע? אומעטום טוען לעבעדיגע די בעדערפענישען פון די טויטע· צי האָט מען אָבער געזעהן פערקערט· אַז טויטע זאָלען טון די בעדערפענישען פון די לעבעדיגע?

דאָסזעלבע האָט געמיינט דער נביא: אונזער גאָט איז אַ לעבעדיגער און אַ אייביגער· זייערע געטער אָבער זענען טויטע; זאָלען מיר אַוועקלאָזען אונזער לעבעדיגען גאָט און זיך בוקען צו מתים?

---

## צוליב די שוטים אומברייינגען אַ וועלט!

### I

איינער אַ־פילאָסאָף האָט אַמאָל געפרעגט ביי רבן גמליאל'ן:

— אייער גאָט· וואָס איז אַזוי אויפגעבראַכט אויף די וואָס דינען עבודה־זרה· פאַרוואָס ברייינגט ער ניט אום דעם אָבגאָט אַליין?

— איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ משל — האָט רבן גמליאל געזאָגט — שטעל זיך פאָר· אַז ביי אַ קעניג איז געוועזען אַ זוהן· וואָס האָט

ערצויגען אַ הונט און האָט אים אָנגערופען מיט׳ן פּאָטער׳ס נאָמען, און אַז ס׳איז אים אויסגעקומען אַמאָל, פלעג ער שווערען ביים לעבען פון׳ם טאַטע־הונט. אויף וועמען דאַרף דער קעניג בעז זיין — אויפ׳ן זוהן צי אויפ׳ן הונט? פערשטעהט זיך אויפן זוהן.

וואָס הייסט — זאָגט דער פילאָסאָף — הונט רופסטו דעם אָבגאָט? מען זעהט דאָך, אַז ער איז דאָך עפּעס!

— פון וואָס אַ שטייגער האָסטו עס אַרויסגעזעהן?

— ביי אונז אין שטאָדט האָט אַמאָל אויסגעבראָכען אַ שרפה, איז פערברענט געוואָרען אינגאַנצען די שטאָדט; פערבליבען איז נור איין געטער־טעמפּעל.

— אויף דעם — זאָגט אים רבן גמליאל — וועל איך דיר אויך ענט־פערען מיט אַ משל: אַז אַ קעניג קומט בעשטראָפען אַ געגענד וואָס האָט פערזונדיגט געגען אים, מיט וועמען האָט ער דאָרט צו טון, מיט לעבעדיגע צי מיט טויטע? פערשטעהט זיך מיט לעבעדיגע.

— אי הונט רופסטו זיי, אי מתים הייסען זיי ביי דיר — זאָגט דער פילאָסאָף — זאָל זשע גאָט זיי אינגאָנצען אומבריינגען, אויסראָטען פון דער וועלט!

איך וועל דיר זאָגען — ענטפערט רבן גמליאל — וואָלט מען גע־דינט אַזאַ זאַך וואָס איז גאָר אונניצליך פאַר דער וועלט, וואָלט ער זיי געוויס פערניכטעט. מע דינט דאָך אָבער זון און לבנה, שטערן און פּלאַ־נעטען, טייכען און טאָהלען, זאָל ער צוליב די שוטים אומבריינגען זיין וועלט?

II

דאָס זעלבע האָבען אַמאָל געפרעגט די פילאָסאָפען אין רוים ביי די יודישע געלעהרטע:

— אויב אייער גאָט קען אַזוי ניט ליידען די עבודה־זרה, פאַר וואָס פערניכטעט ער זי ניט?

דערויף האָבען זיי געענטפערט אַזוי:

— וואָלט מען געדינט אַ זאַך וואָס די וועלט נויטיגט זיך ניט אין דעם, וואָלט ער עס פערניכטעט; מע דינט דאָך אָבער זון און לבנה, שטערען און פּלאַנעטען—זאָל ער צוליב די שוטים אומבריינגען די וועלט? ווי דען? די וועלט געהט זיך מיט איר גאַנג, און מיט די שוטים פאַר זייערע מיאוסע געוויג וועט מען זיך אַמאָל אָפּרעכענען; אָדער מאָלט זיך אויס אַן אַנדער זאַך: אַ מענש, אַ שטייגער, האָט ביי עמיצען אַוועק געגרויבט אַ

מעסטעל ווייץ און האָט עס פערזייעט אין פעלד; קומט־אויס, לויט אייער שכל, אַז עס וואָלט ניט בעדאַרפט וואַקסען; פון דעסטוועגען געהט זיך די נאַטור מיט איר גאַנג, און מיט די שוטים, פאַר זייערע מיאוסע גענג, וועט מען זיך אַמאָל אָפּרעכענען.

## צוליב אַ שוטה פערלירען נאמנות!

איינער מיט׳ן נאָמען זונין האָט אַמאָל געזאָגט ר׳ עקיבא׳ן:

— איך און דו ביי זיך ווייסען מיר דעם אמת, אַז די עבודה־זרה איז גאָר נישט מיט נישט, דאָך פאַר וואָס זעהען מיר, אַז מענשען קומען צו איר קרומע און געהען אַוועק צוריק געזונטע.

— איך וועל דיר זאָגען — ענטפערט ער אים — שטעל זיך פאָר, למשל, אַז ערגעץ אין אַ שטאָדט האָט געוואוינט אַ מענש זעהר אַ ערליכער מאַן, וואָס אַלע שטאָדט לייט האָבען געהאַט צו אים צוטרוי און פלעגען ביי אים איינלעגען געלד אפילו ניט פאַר עדות. נאָר איינער איז געווען, וואָס פלעג ביי אים איינלעגען ניט אַנדערש ווי פאַר עדות. איינמאָל אָבער האָט יענער גראָד ביי אים איינגעלעגט אַ פקדון אָן עדות. רופט זיך אָן דאָס וייב צו דעם ערליכען מאַן: אים קענען מיר פערלייקענען. ענטפערט ער איר: צי דען ווייל דער שוטה האָט זיך אויפגעפיהרט ניט פיין, זאָלען מיר אונזער נאמנות פערלירען. דאָסזעלבע איז אויך מיט די וועהטיגען. בשעת מע שיקט זיי אָן אויף די מענשען בעשווערט מען זיי: איר זאָלט אָנקומען אויף יענעם מענשען נור אין דעם און אין דעם טאָג און אים אָפּלאָזען נור אין יענעם טאָג, אין יענער שעה, דורך יענעם רופא און דורך יענער רפואה. און פונקט ווען ס׳איז געקומען די צייט פאַר זיי אָפּצוטרעטען איז ער גראָד דעמאָלט געגאַנגען אין געצענטעמפעל. טראַכטען זיך די וועהטיגען: אייגענטליך וואָלט זעהר כדאי געווען מיר זאָלען איצט ניט אָפּטרעטען (ער זאָל ניט מיינען אַז די עבודה זרה איז אים אין דעם בייגעשטאַנען), נאָר צוריק גערעדט: צי דערפאַר ווייל דער שוטה האָט זיך אויפגעפיהרט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין, זאָלען מיר ברעכען אונזער שבועה!

## פיל געטער—פיל נפשות.

איינער אַ גוי האָט געפרעגט ביי ר׳ יהושע בן קרחה:

— ביי אייך אין דער תורה שטעהט, אַז די מיינונג פון מעהרהייט

וועגט־איבער. זענען מיר דען ניט אַקעגען אייך יודען אַ מעהרהייט, פאַר וואָס־זשע גלייכט איר זיך ניט אויס מיט אונז אין געצענדינעריי?

גיט אים ר׳ יהושע בן קרחה אַ פרעג:

— קינדער האָסטו?

— אַי — ענטפערט אים דער גוי — האָסט מיר אָנגעריהרט מיין וואונד.

— וואָס איז? — פרעגט ער איהם.

— פיל זיהן האָב איך — זאָגט יענער — און ווי נור מע זעצט זיך אויס ביי מיר אַרום טיש הייבט זיך אָן אַן עסק מיט געטער: דער בענשט דעם גאָט און יענער יענעם גאָט. בקיצור, מע צעגעהט זיך ניט פונ׳ם טיש ביז מע צעשפּאַלט ניט איינער דעם אַנדערען דעם מוח.

— און נאָך אַלעמען גלייכסטו זיי פונדעסטוועגען אויס?

— ניין — ענטפערט דער גוי מיט אַ קרעכץ — יעדער בלייבט ביי זיינעם.

— אויב אַזוי — זאָגט ר׳ יהושע בן קרחה — פריהער גלייך־אויס דיינע אייגענע זיהן דערנאָך וועלען מיר שמועסען.

ווי דער גוי איז אַוועקגעגאַנגען זאָגען ר׳ יהושע׳ן די תלמידים זיינע:

— רבי, פאַר יענעם ביזטו אָפּגעקומען מיט ווייס־איך־וואָס, אונז אָבער וואָס וועסטו דערויף ענטפערען?

— איר וועט פון מיר ליידיג ניט אַוועקגעהן: עשו מיט זיינע זיהן זענען געווען אינגאַנצען זעקס, רופט זיי די תורה אָן מיט אַ מעהרצאָהל „נפשות“. יעקב׳ם הויז־געזונד איז בעשטאַנען פון זיבעציג פאַרשוין, שטעהט ביי זיי מיט אַ איינצאָהל: „שבעים נפש“. דאָס איז דערפאַר, ווייל עשו׳ס משפחה צווישען זיך איז צעריסען אויף פיל געטער, דעריבער שטעהט ביי זיי „נפשות“ ווייל די נשמות זענען ביי זיי צעטיילט; יעקב אָבער, וואָס זיין גאַנץ הויז־געזונד דינט איין גאָט, שטעהט ביי אים איין „נפש“ — ביי אַלע איין גאָט און איין נשמה.

---

# מולך.

I

וואָס איז אַזוינס געווען דער אָבגאָט „מולך“ וועלכען אַ טייל פון יודען, נאָכטוענדיג אַנדערע פעלקער, האָבען געדינט?

געפונען האָט ער זיך ניט אין ירושלים אַליין, וואו אַלע אַנדערע אָבגעטער, נאָר גאַנץ ווייט אויסער ירושלים. בעשטאַנען איז ער פון אַ

גרויס אויסגעהוילט מעטאַלען בילד, דאָס פּנים אַ קעלבערנס מיט צוויי אויסגעשטרעקטע הענד פון פאָרענט, ווי איינער וואָס גרייט זיך עפּיס אויפצונעמען, און אין די הענד האָט ער געהאַלטען אַ קופּערנע טאַץ. געשטאַנען פעררוקט אונטער זיבען צוימען און יעדען האָט מען צו אים צוגעלאָזט לויט זיין אָפּפער: ווער ס'האָט געבראַכט אַ עוף—איז אַריין נאָר אין דער ערשטער אָבטיילונג, אַ ציג — אין דער צווייטער, אַ שאָף אין דער דריטער, אַ קעלבעל אין דער פיערטער, אַ שטיער—אין דער פינפטער, אַן אָקס—אין דער זעקסטער, און ווער ס'האָט געבראַכט אַ זוהן פּאַר אַ קרבן, האָבען אים די געצענפּריסטער אַריינגעפיהרט גאָר אינווענינ, אין זיבעטען אָבטיילונג, און ער האָט אַ קוש געטון דעם „מולך" (און אויף יענע לייט האָט דער נביא הושע אויסגעשריען: „מענשען שחט'ען זיי און קעלבער קושען זיי"). דעם מולך האָט מען געהייצט אינווענינ ביז די הענד זיינע מיט דער טאַץ זענען געוואָרען אָנגעגליהט ווי פייער. פלעג מען נעמען דאָס קינד, אַרויפלעגען אויף דער טאַץ און דערביי האָט מען באַלד אָנגעהויבען הילכיג קלאַפּען אויף גרויסע קעסעל-פּויקען, כדי די געשרייען פונ'ם קינד זאָלען ניט דערגעהן צום פאָטער און עס זאָל אים ניט אָנחאַפּען ביים האַרצען. און דערצו האָבען די מענשען וואָס זענען דערביי געשטאַנען געברומט און געשריגען אין עקסטאַז אויף ווילדע קולות, און די פּריסטער האָבען דעם אָפּגאָט געלויבט מיט אויסגעשרייען און צוגעוואונשעוועט: „ס'זאָל דיר געשמאַק זיין, ס'זאָל דיר זיס זיין, ס'זאָל דיר וואויל בעקומען!".

II

„מענשען שחט'ען זיי און קעלבער קושען זיי" — די פּריסטער פון מולך האָבען געהאַלטען ביי זיך קעלבער צו וועלכע מ'האָט געדינט, און ווי נור זיי האָבען בעמערקט אַ רייכען מאַן פלעגען זיי לאָזען מאַכען זיין בילד, אויסגעהונגערט די קעלבער און יענס בילד אַוועקשטעלען נעבען די קריפּען, פון וועלכע די קעלבער עסען. און אַז דער רייכער איז געקומען אין טעמפּעל פלעגען דעמאָלט די פּריסטער אַרויסלאָזען צו אים די הונגע-ריגע קעלבער, וועלכע האָבען גענומען אים נאָכלויפען.

— זעהסטו — פלעגען זאָגען די פּריסטער — די געטער בעגערען דיך, דו ביזט זיי בעשטימט פּאַר אַ קרבן.

III

„אַוועקגענומען האָסטו — קלאָגט זיך דער נביא יחזקאל אין גאָט'ס נאָמען — די יעניגע וועלכע דו האָסט געבוירען פּאַר מ י ר און זיי גע'שחט'ען פּאַר זיי" (פּאַר די געטער).

דער געצענפּריסטער פלעגט קומען צו אַ מענשען און אים זאָגען יענער און יענער גאָט האָט דערהערט, אַז דו האָסט פיל קינדער, האָט ער מיך געשיקט דיך פרעגען, פאַר וואָס זאָלסטו אים ניט ברייינגען איינעם פון זיי פאַר אַ קרבן?

— וועמען קען איך אַוועקגעבען? — ענטפערט יענער — איינער אַרבייט ביי זילבער, איינער—ביי גאָלד, איינער איז ביי די שאָף און איינער ביי די רינדער.

— ווילסטו, הייסט עס, קומען פאַר דיין גאָט מיט ליידיגע הענד? — פלעגט אים אויף דעם אַ זאָג טון דער פּריסטער — וועט ער דען אויף דיר דערפאַר ניט בייז ווערען?

— ווייסטו וואָס — רופט זיך יענער אָן — איך האָב נאָך אַ קליין יונגעל אין שולע, וואַרט ביז ער וועט קומען פון דאָרט אַ היים, בעקומסטו אים פאַר אַ קרבן.

אויף דעם זאָגט עס גאָט: פון אַלע קינדער וואָס דו פערמאָגסט, האָסטו אויסגעקליבען מקריב צו זיין פאַר די געטער גראָד דעם וואָס איז מיר געווידמעט!

---

## מנשה'ס דורי.

רב אשי האָט אַמאָל זיך געקליבען אויף מאָרגען דרש'ענען פאַר זיינע תלמידים איבער אַמאָליגען יודישען קעניג מנשה בן חזקיהו, וועלכער האָט זעהר פיל געזונדיגט מיט געצענדינעריי, און האָט זיך לאַנג פאַר־טראַכט וועגען דעם: וואָס אַזאַ מלך מנשה, דעם צדיק חזקיהו'ס אַ זוהן, אינ'ם דור פון דעם נביא ישעיה, האָט זיך געלאָזט פערפיהרען פון אַזעלכע נאַרישקייטען ווי עבודה־זרה, ביינאַכט איז אים געקומען מנשה צו חלום, פרעגט אים רב אשי:

— זאָג מיר, ווי קומסטו צו עבודה־זרה?

— דו אין איצטיגען דור קענסטו עס קוים אויפפאַסען. איך קען דיר נור זאָגען, אַז ווען דו וואָלסט זיך געפונען צווישען אונז אין יענעם דור, וואָלסטו פערהויבען די פאָלעס דיינע און נאָך מיר נאָכגעלאָפען.

---

## דער יצר הרע פון עבודה־זרה.

ביים צוריקקעהר פון בבל קיין ארץ־ישראל, נאָכדעם וואָס יודען האָבען זיך אַזויפיל אָנגעליטען, האָבען זיי זיך אַלע אין דעם אויפגעבוי־

טען בית־המקדש צונויפגענומען אונטער דעם אָנפיהר פון עזרא און נחמיה· מיט דער פעסטער דעה· איינמאָל פאַר אַלע מאָל איבערייסען מיט אַלע יענע שלעכטע גענג· וועלכע האָבען געבראַכט אויף זיי אַזוינע שווערע גאָט׳ס שטראָף און אומגליקען· און אויף ווייטער אויף זיך גענומען אויפצופיהרען זיך אין זייער לאַנד פרום און ערהליך· ווי גאָט האָט געבאָטען· ווי בעוואוסט· איז דער גרעסטער יודישער חטא פון פריהער· אין דער צייט פון בית ראשון געווען עבודה־זרה; און אויף דערויף· מעהר ווי אויף אַלעמען· האָבען זיי· לויט עס ווערט דערצעהלט אין נחמיה· אין דעם גרויסען טאָג פון פאָלקס־תשובה „שטאַרק געשרי־ גען און געוויינט צו זייער גאָט״·

— אָך און וועה! — האָבען זיי געשריגען — אָט דער ווילדער יצר־הרע פון עבודה־זרה· ער האָט אונז געבראַכט צו אונזער גרויסען אומגליק· ער איז דער וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש· פער־ ברענט דעם טעמפעל· אומגעבראַכט אַלע צדיקים און פערטריבען אונזער פאָלק פון זיין לאַנד· און· אוי· נאָך ביז היינט טאַנצט ער אַרום צווישען אונז· רבונו של עולם· אינגאַנצען דאָס וואָס דו האָסט אים אָנגעשיקט אויף אונז איז דאָך נור צוליב דעם· כדי מיר זאָלען אים בייקומען און בע־ קומען דערפאַר גרויס בעלוין — מוחל אים· מוחל די לוין!

פאַלט זיי אַראָפּ אַ צעטעלע פון הימעל און דאָרטען איז געשטאַנען איין וואָרט: „אמת״· האָבען זיי פערבראַכט אין פאַסטען דריי טעג און דריי נעכט און גאָט געבעטען· ביז מ׳האָט דעם יצר־הרע פון עבודה־ זרה אַוועקגעגעבען זיי אין דער האַנד· אין דער רגע איז ער אַרויס פון קדשי־קדשים ווי אַ פייערדיגער לייב·

— אָט דאָס איז די טומאה! — האָט אויסגעשריגען דער נביא זכריה דערביי· טייטענדיג אויף אים מיט׳ן פינגער — אָט דער איז דער יצר־הרע פון עבודה־זרה!

האָבען יודען זיך אַ וואָרף געטון און אים געחאַפּט· און בשעת מעשה האָט זיך אויסגעריסען באַ אים איין האָר· האָט ער אַרויס־ געלאָזט אַזאַ שרעקליכען געשריי· אַז די ערד איז פערציטערט געוואָרען אַרום און אַרום אויף פיר הונדערט מייל· האָט מען זיך דערשראָקען· טאָמער חלילה האָט מען אויף אים פון אויבען בעקומען רחמנות און מע וויל אים בעפרייען· האָט זיי דער נביא געראָטען: וואַרפט אים אַריין אין אַ בלייענעם קעסעל און פערלייט גוט דאָס דעקעל מיט בליי· ווייל בליי שלינגט איין דאָס קול און לאָזט עס ניט דורך·

דערזעהן אַז ס׳איז אַזאַ צייט פון גוטען ווילען האָבען זיי זיך מישב·

געװוען: לאָמיר איצט אויסבעטען אַ מפלה אויך אויף דעם יצר־הרע פון יענער עבירה [1]· האָבען זיי גאָט געבעטען· איז ער אויך איבערגעגעבען געוואָרען זיי אין דער האַנד· מ׳האָט זיי אָבער געוואָרענט: נעמט אייך אין זין· אַז אויב איר וועט דעם אומברייננגען· וועט די וועלט אונטערגעהן· האָט מען אים געהאַלטען פאַרשפאַרט דריי טעג· האָט מען געזוכט אַ פריש איי פון דעם טאָג אין גאַנץ ארץ ישראל און ס׳איז ניט געווען צו בעקומען [2]· דערזעהן דאָס· האָט מען זיך שוין פערקלערט: וואָס טוט מען מיט אים? טויטען אים—וועט די גאַנצע וועלט אונטערגעהן; בעטען אויף האַלב· ער זאָל האָבען שליטה נאָר צווישען אייגענע מאַן־און־ווייב? ווייסען מיר· אַז אַ זאַך אויף העלפט גיט מען ניט פון׳ם הימעל·

האָט מען גענומען און אים בלינד געמאַכט· און דאָס האָט געהאָלפען· אַז פון דעמאָלט־אָן האָט ער אים־ווענינגסטען קיין שליטה ניט צווישען נאָהענטע קרובים·

---

## צוויי העלפטי

אַ פערסישער מאַגיער· וואָס גלויבען אַז אויף דער וועלט הערשען צוויי געטער· דער גאָט פון גוטס (אורמוזד) און דער גאָט פון שלעכטס (אהרימן)· האָט אַמאָל געזאָגט דעם אידישען געלעהרטען אמימר:

— די אויבערשטע העלפט פון דיין גוף· די בעסערע און שענערע· געהער צו אורמוזד· די אונטערשטע העלפט אָבער· וואָס דינט פאַר די געמיינערע בעדערפנישען· געהער צו אהרימן·

— אויב אַזוי — זאָגט אים אַמימר· ווי קומט עס וואָס אהרימן לאָזט אורמוזד׳ן דורכפיהרען דאָס אומריינע וועסער דורך זיין בעזיץ?

---

וויל גאָט זיך נוקם זיין אין אַ פאָלק· איז ער זיך פריהער נוקם אין זיינע געטער·

---

אַז מען שלאָגט די געצען־שרעקען זיך די פריסטער·

---

אינ׳ם נאָמען פון ר׳ מני האָט מען געזאָגט:

עס וועט קומען אַ צייט· אַז די עבודה־זרה וועט אַליין קומען און מיט פעראַכטונג אַ שפיי טון די דינער אירע אין פנים — און פערשווינדען ווערען פון דער וועלט·

---

1) די עברה פון זנות· 2) ווייל ס׳האָט אָפגענומען ביי יעדען די תאוה און אפילו היהנער האָבען זיך אויפגעהערט צולייגען·

# מענשען אין בעצוג צו גאָט.

---

## וויסען גאָט.

בר־קפרא האָט אַמאָל געזאָגט אין זיין דרשה:

— איין קליינער זאַץ איז פאַראַן אין דער ביבעל, אינגאַנצען פון דריי ווערטער, און ער דריקט־אויס דאָס וויכטיגסטע און דעם עיקר תוך פון דער גאַנצער תורה. דאָס זענען די ווערטער פונ׳ם פסוק אין משלי: „אין אַלע דיינע וועגען ווייס אים״ — וואָס דו זאָלסט ניט אונטערנעמען, וואוהין דו זאָלסט זיך ניט קערען און ווענדען, האָב אַלץ אין זינען אים, גאָט ברוך־הוא.

---

## ליבען גאָט.

„האָב ליב גאָט דיין גאָט מיט דיין גאַנצען האַרצען, מיט דיין גאַנצער זעל און מיט דיין גאַנצען האָב״—דער גרויסער ר׳ אליעזר האָט אויף דעם געזאָגט:

— מענשען זענען פאַראַן אַלערליי: איינעם איז די נשמה טייערער פון זיין האָב און גוטס—אים איז געזאָגט געוואָרען: „מיט דיין גאַנצער זעל״. אַ אַנדערען פערקעהרט: דאָס טייערסטע אויף דער וועלט איז ביי אים זיין האָב און גוטס — און אים איז געזאָגט געוואָרען: „מיט דיין גאַנצען האָב״.

ר׳ עקיבא האָט געזאָגט: „מיט דיין גאַנצער זעל״ – אפילו בשעת אַוועקנעמען ביי דיר די נשמה. בן עזאי זאָגט: מיט׳ן גאַנצען תמצית פון דיין נשמה.

„מיט דיין גאַנצען האַרצען״ — מיט ביידע זייטען פון דיין האַרצען: מיט׳ן יצר־טוב און מיט׳ן יצר־הרע. אפילו שלעכטע ליידענשאַפטען פונ׳ם מענשען, ווי כּעס, נקמה א. ד. ג. קענען אויך אויסגענוצט ווערען צו גוטע צוועקען.

ר׳ יוסי פלעגט זאָגען:

— וואָס דו זאָלסט ניט טון, זאָל זיין דיין כונה לשם שמים, צוליב גאָט ברוך־הוא.

---

# גאָט׳ס פאָרכטיגקייט.

## I

„די טרייהייט פון דיין לעבענס־צייטען – זאָגט דער נביא – זאָל זיין אַן ערוועֶרבונג פון הילף, קלוגשאַפט און וויסען; די פאָרכטיגקייט פאַר גאָט איז זיין שאַצקאַמער״. —

רבא האָט אויף דעם געזאָגט:

— אויף יענער וועלט, ווען מען פיהרט אַריין דעם מענשען פאַר׳ן אויבערשטען געריכט, פרעגט מען אים: האָסטו טריי און ערליך געפיהרט דיינע געשעפטען? האָסטו באַשטימטע צייטען אָפּגעשטעלט אויף צו לערנען תורה? האָסטו אַ פאַמיליען־לעבען געפיהרט און קינדער אויף דער וועלט געבראַכט? האָסטו אַרויסגעקוקט אויף אַ ישועה? האָסטו זיך געשאַרפט אין וויסענשאַפט? האָסטו עפּעס אויפגעטון אַליין מיט דיין אייגענעם פערשטאַנד?

און ווען אפילו דאָס אַלעס יאָ, דאָך אויב „גאָטספאָרכטיגקייט איז געוועזען זיין שאַץ״ איז גוט, אויב ניט – טויג אינגאַנצען ניט. ווי יענער וואָס האָט געהייסען זיין דינער: לעג אָפּ אין מאַגאַזין אַ פיהרעל ווייץ. האָט ער אָפּגעלעגט. פרעגט אים דערנאָך דער ווירטה: האָסטו ניט פאַר־געסען אַהין אַריינשיטען אויך אַ טאָפּ חומטין[1]?

[1] אַ מיטעל אָפּצוהיטען תבואה פון קאַליע ווערען.

— ניין — ענטפערט — ער.

— אויב אַזוי — זאָגט דער ווירטה — וואָלט פיל גלייכער געווען, זאָלסט די ווייץ אויך ניט געווען דאָרט אָפּלעגען.

II

ר׳ חנינא האָט געזאָגט:

— אַלעס איז ביי גאָט אין די הענד, אויסער גאָטספאָרכטיגקייט, ווי דער פסוק זאָגט: "און איצט ישראל, וואָס פאַרלאַנגט גאָט דיין גאָט פון דיר? נאָר פאָרכטען זיך פאַר גאָט". — איז דען גאָטספאָרכטיגקייט עפּעס אַ קליינינגקייט? ר׳ חנינא האָט דאָך געזאָגט אין ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס נאָמען, אַז גאָט פאַרמאָגט אין זיין שאַצקאַמער נור דעם אוצר פון גאָטספאָרכטיגקייט?

— יאָ, ביי משה׳ן איז עס ווירקליך אַ קליינינגקייט, ווי אַ שטייגער, אַז מע בעט ביי איינעם אַ גרויסע כלי, ווי באַלד ער פאַרמאָגט נאָר, איז עס ביי איהם אַ קליינינגקייט, בעט מען ביי אים אַ קליינע כלי אפילו, נאָר אויב ער פערמאָגט ניט, איז עס ביי איהם אַ גרויסע זאַך.

III

פון רב הונא׳ס נאָמען האָט מען געזאָגט:

— אַ מענש, וואָס פאַרמאָגט גאָטספאָרכטיגקייט, זענען די ווערטער זיינע אָנגענומען.

"האָב פאָרכט פאַר גאָט... דען דאָס איז גאָר דער מענש" — זאָגט קהלת. אויף דעם האָט ר׳ אלעזר געזאָגט: די גאַנצע וועלט איז באַשאַפען געוואָרען נאָר צוליב אַזעלכען איינעם.

ר׳ אבא בר כהנא האָט געזאָגט: אַזעלכער איינער באַשטעהט אַקעגען אַ גאַנצער וועלט.

ר׳ שמעון בר עזאי זאָגט: די גאַנצע וועלט איז באַשאַפען געוואָרען נאָר כדי צו דינען אַלס געזעלשאַפטס־קרייז פאַר אַזעלכען איינעם.

IV

ר׳ חנא בר פפא האָט געזאָגט:

— ווען אויף איינעם ליגט אויסגעגאָסען אַ חן (סימפּאַטיע), איז ער געוויס אַ גאָטספאָרכטיגער, ווי דער פסוק אין תהלים זאָגט: "גאָט׳ס גנאָד פון אייביג ביז אייביג (רוהט) אויף זיינע פאָרכטיגע".

V

אַז ר׳ יוחנן בן זכאי איז געלעגען קראַנק זענען געקומען זיינע תלמידים אים בעזוכען. זאָגען זיי אים:

— רבי אונזערער, בענש אונז.

– איך ווינש אייך — זאָגט ער זיי — איר זאָלט פאָרכטען פאַר גאָט ווי פאַר אַ מענשען.

— רבי, ניט מעהר?

— הלואי אַזוי פיל. איר קענט עס וויסען דערפון, אַז אַ מענש בע־געהט אַ פערברעכען טראַכט ער ביי זיך: קיין מענש זאָל מיך ניט זעהן.

ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט: פאָלגען גאָט אויס ליבע שטעהט העכער ווי פאָלגען אים אויס פאָרכט.

---

# טון גאָט׳ס ווילען.

I

יהודה בן תימא פלעגט זאָגען:

— זיי דרייסט ווי אַ טיגער, לייכט ווי אַ אָדלער, פלינק ווי אַ הירש און שטאַרק ווי אַ לייב אויסצופיהרען דעם ווילען פון דיין פאָטער אין הימעל.

II

ר׳ יהודה הנשיא פלעגט זאָגען:

טוסטו זיין (גאָט׳ס) ווילען זיין דיין ווילען [1], האָסטו נישט געטון זיין ווילען לויט זיין ווילען; טוסטו אָבער זיין ווילען געגען דיין ווילען, האָסטו געטון זיין ווילען לגיט זיין ווילען. ווילסטו ניט אָפשטאַרבען, שטאַרב־אָפּ פאַר׳ן שטאַרבען [2]; ווילסטו לעבען — לעב ניט פאַר דיין לעבען. בעסער פאַר דיר צו שטאַרבען אויף דער וועלט, וואו דו מוזט שטאַרבען, איידער צו זיין אַ געשטאָרבענער אויף יענער וועלט, וואו, אַז דו ווילסט, קענסטו קיינמאָל ניט שטאַרבען.

---

1) ד.ה. דו פאַסט־צו גאָטס ווילען צו דיינע זייטיגע פניות און בעגעהרען. 2) ניט נאָכגעבען דעם גוף אויף דער וועלט.

III

זיין זוהן ר׳ גמליאל פלעגט זאָגען:

— טו זיין (גאָטס) ווילען ווי דיין אייגענעם ווילען [1]), ער זאָל דערפאַר טון דיין ווילען ווי זיין ווילען; מאַך־אַוועק דיין ווילען צוליב זיין ווילען, ער זאָל דערפאַר אַוועקמאַכען יענעמס ווילען צוליב דיין ווילען·

ווער עס פערבויגט זיין אייגענעם כבוד צוליב גרויסמאַכען גאָט׳ס כבוד—ברייגגט ער דערצו, אַז עס ווערט דער גרויסט סיי גאָטס סיי זיין אייגענער כבוד; ווער אָבער, פערקעהרט, פערבויגט גאָטס כבוד צוליב זיין אייגענעם — ווערט דער כבוד פון גאָט ניט אָנגעריהרט, און זיין אייגענער כבוד ווערט געמינערט·

## עהרליך האַלטען גאָט·

„האַלט עהרליך גאָט פון דיין האָב״ — פון דעם גוט וואָס גאָט האָט דיך בעשאָנקען: פערמאָגסטו שעהנהייט, נוץ־אויס דיין שעהנהייט פאַר גאָט׳ס ליב; פערמאָגסטו אַ שענע שטימע, נוץ זי אויס אין שוהל צו גאָט׳ס עהרע·

## חלול־השם·

I

ר׳ יוחנן בן ברוקה זאָגט:

— ווער עס פערשאַפט אום׳כבוד גאָט׳ס נאָמען פערבאָרגענערהייט בעקומט דערפאַר זיין שטראָף עפענטליך, אָן אונטערשייד, צי האָט ער געבראַכט צו חלול השם אוממיסטען צי אומגערן·

II

„ניט פאַראַן קיין קליגשאַפט, קיין פערשטאַנד און קיין ראטה קעגען גאָט״ — דער פסוק אין משלי קען אויסגעטייטשט ווערען אַזוי: דאָרט וואו עס האַנדעלט זיך אין פערהיטען דעם כבוד פון גאָט׳ס נאָמען, לעגט מען אויף קיינעם קיין כבוד, אפילו אויף אַ רבי׳ן·

---

1) די ה׳ מיט דעם זעלבען חשק·

III

אינ׳ם נאָמען פון ר׳ שמעון בן יהוצדק האָט מען געזאָגט:

— גלייכער ס׳זאָל אויסגעריסען ווערען אַ אות פון דער תורה [1] אויב נור גאָטס נאָמען ווערט דורכדעם געהייליגט פאַר דער וועלט.

IV

פאַלשע לייט, צבוע׳קעס, וואָס ברייגנען צו חלול השם, זאָל מען אַרויסשטעלען פאַר דער גאַנצער וועלט ווער זיי זענען.

וועלכעס קען שוין הייסען חלול השם?

— אַז אַזאַ מענש ווי איך — זאָגט רב — קויפט ביים קצב פלייש, קאָן בעצאָהלען אויפ׳ן שטעל און ציהט־אָפּ, הייסט דאָס שוין חלול השם.

אביי אַז ער פלעגט קויפען פלייש אין אַ קלייט פון צוויי שותפים, פלעגט ער צאָהלעןביידען דאָס גאַנצע געלד, כדי איינער פון זיי זאָל ניט מיינען, אַז ער ציהט־אָפּ; שפּעטער, ווען זיי זענען געווען צוזאַמען, האָט ער זיך מיט זיי צערעכענט.

V

איינער פון ר׳ ינאי׳ס שולע האָט געזאָגט:

— חלול השם הייסט דאָס, אַז די חברים פון איינעם מוזען זיך שעמען צוליב עפּעס אַ קלאַנג וואָס איז אַרויס אויף אים.

גענוג — האָט רב נחמן בר יצחק געזאָגט — אַז לייטען זאָגען אויף יענעם: לאָז אים גאָט מוחל זיין!

VI

ווער ס׳האָט בעגאַנגען אַ זינד פון חלול השם העלפט אים ניט קיין תשובה אויף אָפּצולעגען זיין שטראָף, ניט יום־כפור אויף פערגעבען זיינע זינד און ניט קיין יסורים אויף אויסצולייטערען אים; נאָר די אַלע זאַכען צוזאַמען שטופען־אָפּ זיין שטראָף און ערשט דער טויט לייטערט אים.

---

1) ד. ה. צייטווייליג איבערטרעטען אַ געזעץ.

## גלויבען·

אַלע תרי״ג (613) מצוות וואָס זענען משה׳ן געזאָגט געוואָרען, האָט דער נביא חבקוק אַוועקגעשטעלט אויף איין יסוד: אויף גלויבען. ״דער צדיק – זאָגט ער – לעבט אין זיין גלויבען״.



# תפלה.

---

## דינען גאָט מיט'ן האַרצען.

„ליבען גאָט אייער גאָט און דינען אים מיט אייער גאַנצען האַרצען״ — ווערט געזאָגט אין דער תורה. וואָס הייסט דינען גאָט מיט'ן האַרצען? תפלה טון.

---

## דער ריינער קוואַל.

„מקוה ישראל ה׳״ זאָגט דער משורר אין תהלים. דאָס וואָרט „מקוה״ אויסער דער בעדייטונג „האָפנונג״ האָט נאָך אַ זין: „וואַסער־באַסיין״, וועלכער רייניגט אומריינע און פרישט זיי אָפּ. אַזוי אויך די יודען ווערען גערייניגט און אָפּגעפרישט דורך זייער לעבעדיגען גאָט, דורכ'ן האָפען און תפלה טון צו אים. און דעם קוואַל דאַרף מען ניט געהן זוכען ערגעץ־וואו, ער געפונט זיך אומעדום: האָט אַ יוד אַ שוהל אין שטאָדט, גיסט ער אויס דאָס האַרץ פאַר גאָט אין שוהל; קען ער ניט געהן אין שוהל, מעג ער זיך ווענדען צו גאָט אויפ'ן פרייען פעלד; קען ער ניט אַרויסגעהן אויפ'ן פרייען פעלד, מאַכט ניט אויס זיך שטעלען פאַר גאָט אין אַ ווינקעל ביי זיך אין שטוב; קען ער דאָס אויך ניט, מעג ער תפלה טון אין דער שטיל, אפילו ליגענדיג אויפ'ן בעט; קען ער ניט אפילו ריהרען מיט די ליפּען, איז גענוג אַז ער טוט תפלה אין האַרצען.

# די ווערט פון תפלה·

I

ר׳ יוסי בר חנינא זאָגט: דאָס דאַוונען (תפלה טון פאַר גאָט) איז געווען איינגעפיהרט אין פאָלק נאָך גאָר אין די אַלטע צייטען פון די ערשטע אבות אונזערע· ר׳ יהושע בן לוי זאָגט: דאָס דאַוונען איז ערשט שפּעטער איינגעפיהרט געוואָרען אַנשטאָט דעם קרבן תמיד וואָס איז טאָג־טעגליך אין דער פריה און פאַרנאַכט געבראַכט געוואָרען אין בית־המקדש·

II

ר׳ אלעזר זאָגט: תפלה שטעהט פיל העכער פון קרבנות·

ר׳ אלעזר זאָגט ווידער: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען זענען פערשלאָסען געוואָרען אין הימעל די טויערען פון תפלה· ווי עס ווערט געזאָגט אין דער קלאָג־ליד: "ווען אויך איך רוף און שריי — האָט ער פערשפּאַרט די הימעל־טויערען פאַר מיין תפלה"· די טויערען אָבער פון טרערען זענען קיינמאָל ניט פערשלאָסען, ווי דער משורר אין תהלים זאָגט: "הער, גאָט· מיין געבעט··· אויף מיין טרער ווערסטו ניט אָפּשווייגען"·

ר׳ יהושע בן לוי זאָגט: קיין אייזערנע וואַנד קען נישט אָפּטיילען יודען פון זייער פאָטער אין הימעל·

III

געבענשט זאָלט איר מיר זיין — זאָגט גאָט — געבענשט זאָל איר מיר זיין, הימלען און בעגלייטער פון מיין מרכבה 1), דערפאַר וואָס איר וועט זאָגען און דערצעהלען מיינע קינדער וואָס איך טו בשעת זיי הייליגען מיין כבוד און רופען אויס: "הייליג, הייליג, הייליג"· לערענט זיי, אַז זייערע אויגען זאָלען געהויבען זיין צום הימעל און זאָלען זיך אויפהויבען אין דער הויך, ווייל קיין זאַך אין דער וועלט פערשאַפט מיר ניט אַזאַ פאַרגניגען ווי די רגע ווען זייערע אויגען זענען געהויבען צום הימעל און מיינע אויגען קוקען זיך איין אין זייערע אויגען· אין יענער צייט נעם איך אַרום דאָס געשטאַלט פון יעקב׳ן

1) גאָט׳ס רייטוואָגען, שטוהל·

אין מיין הימעל־טראָהן און האַלדז אים און קוש אים און דערמאָהן זיך אויף זייער גלות און איך דערנעהער די שעה פון זייער אויסלייזונג·

IV

ר׳ חמא בר חנינא זאָגט:

בעט אַ מענש ביי גאָט און ווערט ניט געענטפערט באַלד· זאָל ער ניט ווערען אָפּהענדיג· נאָר בעטען נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל· ווי עס ווערט געזאָגט אין תהלים:

„האָף צו גאָט
שטאַרק און פעסט זאָל זיין דיין האַרץ
און האָף (ווידער) צו גאָט״·

V

אפילו ווען די שאַרפע שווערד ליגט אויפ׳ן מענשענ׳ס האַלז· זאָל ער זיך ניט אָפּזאָגען פון תפלה טון·

VI

ר׳ יודן זאָגט:

— אַ מענש ווען עס קומט אויף אים אַן אומגליק און ער האָט אַ פּאַטראָן (אַ בעשיצער) קען ער ניט אַריינגעהן צו אים גלייך· נאָר ער מוז זיך שטעלען ביי איהם פאַר דער טיהר· רופט־אַרויס איינעם פון די הויז־בעדינער און זאָגט אים: געה מעלדע דעם הער· אַז יענער און יענער שטעהט פאַר דער טיהר· גאָט ברוך־הוא אָבער איז ניט אַזוי: קומט אויף אַ מענשען אַן אומגליק· דאַרף ער ניט אָנקומען צו קיין פערמיטלער· ניט צו מלאך מיכאל און ניט צו מלאך גבריאל; גענוג ער זאָל גאָט אַ רוף טון ענטפערט ער אים באַלד·

VII

די תפלה פון צדיקים מאַכט אין הימעל אַ איבערקערעניש: גאָט׳ס צאָרן ווערט דורך איר פערוואַנדעלט אין רחמנות·

# בעטען פאַר יענעם.

I

טרעפט זיך עמעצען אַן אומגליק, זאָל ער פון דעם צו וויסען גיבען פריינד און בעקאַנטע; זאָלען לייט פאַר אים גאָט בעטען.

II

ווער עס קען פאַר עמיצען גאָט בעטען און טוט עס ניט — בע־געהט ער אַ זינד. און אויב יענער וואָס נויטיגט זיך אין דער תפלה איז אַ תלמיד־חכם, דאַרף מען בעטען פאַר אים מיט די לעצטע כחות.

III

ווער עס בעט פאַר יענעם וועגען עפּעס און ער אַליין נויטיגט זיך אין דער זעלבער זאַך, ווערט ער פריהער געהאָלפען.

---

# תפלת הדרך.

ווען דו געהסט אַרויס אין וועג — בעראָט זיך פריהער מיט דיין בעשעפער און געה. וואָס הייסט בעראָטען זיך? בעט פאַר אים די וועגס־תפלה.

---

# תפלה פונ׳ם האַרצען.

I

אַז דו דאַווענסט, זאָל דיין תפלה ניט זיין אַן אויסגעשטעלטע, נאָר האַרציגע ווערטער און געבעט פאַר גאָט ברוך־הוא.

— וואָס הייסט אויסגעשטעלט? פון ר׳ אושעיא׳ס נאָמען זאָגט מען: אויב דאָס דאַווענען איז אים שווער ווי אַ משא, אַ מין אָפּקומעניש. אַנדערע זאָגען: אויב די ווערטער ווערען ניט געזאָגט האַרציג. רבה און רב יוסף זאָגען ביידע: אויב ער קען ניט אין דער תפלה אויפטון עפּעס נייעס.

אבא און ר׳ חנינא זאָגעןביידע: אויב ער דאַוועָנט ניט אין דער רעָכטער צייט, ביים אויף־ און־ אונטערגעָהן פון דער זוהן.

II

ביי דער מלחמה מיט עמלק׳ן שטעהט: ״אַז משה האָט אויפגעָהויבעָן זיין האַנד, האָבעָן יודען בייגעָקומעָן״ און אַז ער האָט אַראָפּגעָלאָזט די האַנד, האָט עמלק בייגעָקומעָן״ — צי דען האָבען משה׳ס הענד געקענט ווירקען אויף דעם גאַנג פון דער מלחמה? נאָר דער פסוק וויל אָט דאָס זאָגען: ווי לאַנג יודען האָבען געָוועָנדעָט זייערעָ אויגעָן אַרויף אויבען און צוגעָבונדען דאָס האַרץ צום פאָטער זייערעָן אין הימעָל, האָבען זיי בייגעָקומעָן, און אויב נישט—זענען זיי געָפאַלעָן. דאָס זעָלבעָ איז אויך געָוועָן מיט׳ן קופערנעָם שלאַנג, וואָס משה האָט געָמאַכט אין דער מדבר און אויפגעָהאַנגען אים אין דער הויך, אַז יעָדער געָביסענער פון די גיפטיגעָ שלענג זאָל אויפהויבען אַהין די אויגען, וועט ער געהיילט ווערען. קען דען אַ קופערנער שלאַנג טויטען אָדער היילען?—נאָר ווען יודען האָבען געָוועָנדעָט זייערעָ־אויגען אַרויף און צוגעָבונדען דאָס האַרץ צום פאָטער זייערען אין הימעָל, זענען זיי געָהיילט געָוואָרען, און אויב ניט — זענען זיי אומגעָקומען.

III

ר׳ חייא און ר׳ שמעון בר רבי זענען געָזעָסען צוזאַמען און געָ־שמועסט וועָגען תפלה. רופט זיך אָן איינער: ביים דאַוונען דאַרף מען אַראָפּלאָזען די אויגען אַראָפּ צו דער ערד. זאָגט דער אַנדערער: גלייכער אַרויף צום הימעָל. דערווייל איז געקומען צו זיי ר׳ ישמעאל ברבי יוסי, פרעָגט ער זיי: וועגען וואָס שמועסט איר? דערצעָהלען זיי אים. רופט ער זיך אָן: מיין פאָטער האָט אַזוי געָזאָגט: ביים דאַוונען דאַרף מען אַראָפּלאָזען די אויגען אַראָפּ און ווענדען דאָס האַרץ אַרויף.

ר׳ אמי זאָגט: דעם מענשענס תפלה ווערט נור דעָמאָלט אָנגענומען, ווען ער האַלט ביים בעטען די נשמה אין דער האַנד [1], ווי דער פסוק זאָגט: ״לאָמיר אויפהויבען אונזער האַרץ מיט די הענד צו גאָט אין הימעָל״.

ר׳ חנניה זאָגט: דעם מענשענס תפלה ווערט נור דעָמאָלט אָנגעָ־נומען — ווען זי געָהט אַרויס פון אַ ווייך, ניט פערשטיינערט האַרץ.

---

[1]) ד.ה. ווען ער לעגט אין איר אַריין זיין גאַנצע נשמה.

ר׳ אלעזר פלעגט פריהער שענקען אַ נדבה אַן אָרימאַן און נאָכדעם זיך שטעלען תפלה טון פאַר גאָט.

---

## פרומע פרייד און ערנסט ביי תפלה.

I

מע זאָל ניט איבערגעהן גלייך צום דאַוונען ניט פון טרויערקייט, ניט פון פוילקייט, ניט פון לאַכעריי, ניט פון שמועסעריי, ניט פון לייכטזיניגקייט און ניט פון פוסטע ווערטער, נאָר פון אַ פרומער פרייד [1].

II

אַ מענש דאַרף זיך שטעלען דאַוונען נור מיט ערנסטע שטימונג. די פאַרצייטיגע חסידים פלעגען זיך פריהער אַ געוויסע צייט פאַרטיפען אין זיך און דערנאָך זיך נעמען דאַוונען, כדי דאָס גאַנצע האַרץ זאָל זיין געווענדעט צו גאָט, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: "בוקט זיך צו גאָט מיט הייליגער עהרע־פורכט"; און אין אַ אַנדער אָרט ווידער: "דינט גאָט מיט פורכט און פרעהט זיך מיט ציטערניש" — אינערליכע פרייד מיט ציטערניש צוזאַמען.

---

## אַקעגען דער שכינה.

I

אין נאָמען ר׳ שמעון חסידא האָט מען געזאָגט:

— ביים דאַוונען זאָל זיך דער מענש פאָרשטעלען אַז די שכינה איז געגען אים, ווי אין פסוק שטעהט: "איך שטעל זיך פאָר גאָט געגען מיר שטענדיג".

---

1) אַ פרייד וואָס קומט נאָכדעם וואָס מע האָט געטון אַ גוטע זאַך.

II

די תפלה זאָל מען ניט איבעררייסען. אפילו ווען דער קעניג בעגריסט, זאָל מען דערויף ניט ענטפערען; און ווען אפילו אַ שלאַנג פערוויקעלט זיך אַרום דער פיס, זאָל מען ניט איבעררייסען.

איינער אַ פרומער מאַן האָט געהאַלטען אינמיטען תפלה אין וועג. קומט אים אַנטקעגען איינער פון די גרויסע רוימישע שרים און בעגריסט אים. ענטפערט יענער אים ניט. וואַרט דער שר ביז דער פרומער מאַן פערענדיגט זיין תפלה. ווי נור ער האָט פערענדיגט רופט זיך צו אים אָן דער שר:

— דו גראָבער יונג! האָט דען ניט אייער תורה אייך אָנגעזאָגט וויפיל מאָל, אַז אַ מענש מוז זיין געוואָרענט און שטאַרק שוינען זיין איי־גען לעבען. ווי האָסטו געוואַגט מיר ניט צו ענטפערען אויף מיין בעגרי־סונג? ווען אַ שטייגער איך זאָל אָפּהאַקען דיין קאָפּ מיט אַ שווערד, ווער וואָלט זיך פאַר דיר איינגעשטעלט?

— וואַרט וועל איך דיך בערוהיגען — זאָגט יענער — ווען דו זאָלסט שטעהן פאַר אַ קעניג אַ בשר־ודם און עמיצער זאָל קומען אין דער צייט דיך בעגריסען, וואָלסטו אים דעמאָלט געענטפערט?

— געוויס ניין.

— און אויב יאָ, וואָס וואָלט מען דיר דערפאַר געטון?

— מע וואָלט מיך געקעפּט.

— איצט זאָג אַליין: אויב דו, שטעהענדיג פאַר אַ קעניג אַ בשר־ודם, וואָס היינט איז ער דאָ און מאָרגען אין קבר, וואָלסטו זיך אַזוי אויפגע־פיהרט, בפרט איך, וואָס בין געשטאַנען פאַר׳ן קעניג איבער אַלע קעניגען, גאָט ברוך־הוא, וואָס לעבט אייביג, ווי דאַרף איך מיך אויפפיהרען?

מיט די ווערטער האָט זיך דער שר פאָלשטענדיג בעפרידיגט און האָט אָפּגעלאָזט דעם פרומען מאַן בשלום.

---

## געצעהלטע ווערטער.

I

אינ׳ם נאָמען פון ר׳ מאיר׳ן גיט מען איבער:

— אַ מענש זאָל תמיד רעדען קורץ פאַר גאָט, ווי עס זאָגט קהלת

"זאָלסט ניט זיין איבעראיילט מיט דיין מויל... אַרויסצולאָזען ווערטער פאַר גאָט, דעריבער זאָלען דיינע ווערטער זיין ווינציג".

II

איינער האָט זיך געשטעלט דאַוונען פאַר'ן עמוד און דערביי איז געווען ר' חנינא. הייבט יענער אָן די תפלה מיט די ווערטער: "דער גאָט דער גרויסער, העלדישער, פאָרכטיגער, מעכטיגער, קרעפטיגער, שרעקליכער, שטאַרקער און פעסטער,ווירקליכער און געפעהרליכער..." וואַרט ר' חנינא ביז יענער האָט געענדיגט, ווי יענער האָט געענדיגט זאָגט ער אים:

— ס'האָט זיך שוין, אַ פנים, ביי דיר אויסגעלאָזט אַלע שבחים פונ'ם רבונו של עולם? צו וואָס אַזוי פיל? אפילו די ערשטע דריי וואָס מיר זאָגען אַלע, ווען ניט משה רבינו זאָל זיך געווען מיט זיי בענוצען אין דער תורה און די אנשי כנסת הגדולה [1]) זאָלען עס נישט איינפיהרען אין דאַוונען, וואָלטען מיר אויך נישט געמעגט זיך מיט זיי בענוצען, און דו זאָגסט און זאָגסט אַזויפיל! ווי מיינסטו, אַ קעניג, אַ שטייגער, וואָס פערמאָגט מילי־מיליאָנען גאָלדענע רענדליך, און מע ריהמט אים מיט זילבערנע — איז עס דען ניט פאַר אים קיין אומכבוד?!

III

איינער אַ תלמיד האָט זיך געשטעלט דאַוונען פאַר'ן עמוד און דערביי איז געווען ר' אליעזר, האָט יענער צופיל מאריך געווען, רופען זיך אָן די איבריגע תלמידים:

— רבי, וואָס פאַר אַ מאריך דאָס איז!

— מאָהלט אייך משה — זאָגט זיי ר' אליעזר — איז געווען אַ גרעסערער מאריך. ער דערצעהלט אויף זיך: "איך האָב געבעטען פאַר גאָט די פירציג טאָג און פירציג נעכט".

ווידער אַמאָל האָט איינער, אַ צווייטער תלמיד זיינער, זיך געשטעלט דאַוונען פאַר'ן עמוד און האָט, פערקעהרט, די תפלה צופיל פערקירצט, רופען זיך אָן די איבריגע תלמידים:

רבי, ווי קורץ דער מאַכט עס!

מאָהלט אייך משה — זאָגט זיי ר' אליעזר — האָט נאָך קורצער געמאַכט. ווען זיין שוועסטער מרים איז קראַנק געוואָרען און משה האָט פאַר איר גאָט געבעטען, איז די תפלה זיינע בעשטאַנען אין גאַנצען פון די געצעהלטע ווערטער: "אָ גאָט, הייל דאָך זי!".

[1]) די לייט פון גרויסען פערזאַמלונג, געגרינדעט דורך עזרא און נחמיה.

IV

רבא האָט געזעהן אַז ביי רב המנונא דויערט לאַנג דאָס דאַווענען, רופט ער זיך אָן:

— מע לעגט אַוועק אייביג לעבען און מען פערנעמט זיך מיט צייטווייליג לעבען [1].

רב המנונא אָבער מיינט: די צייט פון תורה איז בעזונדער און די צייט פון תפלה בעזונדער.

V

אַנטונינוס דער רוימישער קעניג האָט אַמאָל געפרעגט ביי זיין גוטען פריינד רבינו הקדוש (ר' יהודה הנשיא):

— ווי מיינסטו, מע מעג בעטען פאַר גאָט אַלע ווײַלע?

— ניין, מע טאָר נישט — ענטפערט ער:

— פאַר וואָס?

— כדי מע זאָל זיך ניט האַלטען צו היימיש מיט גאָט.

איז אַנטונינוס'ן דער ענטפער ניט געפעלען, וואָס־זשע טוט רבינו הקדוש? קומט ער אויף מאָרגען צום קעניג גאַנץ פריה און בעגריסט אים: "פריד דעם קיסר!" אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער ווייטער מיט אַ בעגריסונג: "פריד דעם אימפּעראַטאָר"! און נאָך שפּעטער מיט אַ ווײַלע איז ער ווידער דאָ מיט אַ בעגריסונג: "פריד דיר, קעניג!"

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? — פרעגט אים אנטונינוס ברוגז'דיג — עפּיס קומט אויס ווי דו ווילסט בעליידיגען די קעניגליכע מאַכט.

— הער זיך אַליין איין — זאָגט אים רבי — אין דעם וואָס דו רעדסט: אויב דו, אַ בשר־ודם, געפונסט זיך בעליידיגט ווען מען בעגריסט דיך צו אָפט, היינט ווי זאָל אַזאַ זאַך ניט ווערען צו לאַסט דעם קעניג איבער אַלע קעניגען!

*

"יעדער אָטהעם זאָל לויבען גאָט" — זאָגט דוד המלך אין תהלים — פאַר יעדען אָטהעם בעזונדער, וואָס דער מענש אָטהעמט, קומט ער זאָל לויבען גאָט.

---

[1] ד. ה. אַנשטאָט לערנען תורה פערברענגט מען צופיל צייט צו בעטען אויף צייטווייליגע זאַכען.

## געגען ירושלים.

אין נאָמען פון ר׳ יוחנן זאָגט מען:

— תּפלה טון זאָל אַ מענש נור אין אַ הויז וואָס האָט פענסטער, ווי ביי דניאל׳ן שטעהט: בשעת ער האָט געבעטען „זענען די פענסטער פון זיין אויבערשטיבעל געווען אָפען געגען ירושלים״.

ווער עס געפונט זיך אין חוץ־לארץ, זאָל ער ווענדען דאָס האַרץ אין דער ריכטונג פון ארץ־ישראל; אין ארץ ישראל — אין דער ריכטונג פון ירושלים; אין ירושלים — אין דער ריכטונג פון בית־המקדש; אין בית־המקדש — אין דער ריכטונג פון קדשי־קדשים. קומט אויס, אַז דער וואָס געפונט זיך אין מזרח, דאַרף קעהרען דאָס געזיכט קיין מערב; אין מערב — קיין מזרח; אין דרום — קיין צפון און אין צפון — קיין דרום. אַזוי אַרום ווענדען אַלע יודען דאָס האַרץ אין איין אָרט.

ווער עס דערקענט נישט ריכטיג די זייטען פון דער וועלט, דאַרף ער ווענדען דאָס האַרץ אַרויף צום פאָטער זיינעם אין הימעל.

---

## ווי תּפלה טון.

I

רב המנונא זאָגט:

— ווען חנה האָט תּפלה געטון פאַר גאָט, ווערט דערצעהלט וועגען דעם: „זי האָט גערעדט מיט האַרץ, נאָר די ליפּען אירע האָבען זיך בּעוועגט און איר שטימע האָט זיך ניט געלאָזט הערען״. די אַלע פּרטים זענען זעהר וויכטיג, זיך אָפּצולערנען, ווי אַ מענש דאַרף תּפלה טון פאַר גאָט: מיט האַרץ, שאַרף אויסרעדען יעדער וואָרט און ניט אויפהויבען דאָס קול.

שרייען בשעת תּפלה־טון פאַר גאָט, שרייעט אַ קליינגלויביגער, אַ פאַלשער נביא.

II

שטעלען זיך דאַווענען זאָל מען נור מיט אַ קלאָרען געדאַנק.

ר׳ חנינא — אין דעם טאָג וואָס ער איז געווען שטאַרק אויפגעבּראַכט האָט ער ניט געדאַוועט.

שמואל האָט ניט געדאַוועט אין אַ שטוב, וואו די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט׳ן שאַרפען ריח פון ביער.

# אומזיסטיגע תפלה·

ווען מען שרייט צו גאָט אויף אַ זאַך וואָס איז שוין פאָראיבער— הייסט עס אַ אומזיסטע־אומנישטע תפלה· אַ שטייגער: ווען ביי עמיצען איז דאָס ווייב שוין שוואַנגער און ער בעט: הלואי, רבונו־של־עולם, מיין ווייב זאָל געבוירען אַ יונגעל; אָדער ווען איינער, געהענדיג אין וועג און דערהער־רענדיג גוואַלדען פון שטאָדט זאָגט: הלואי, רבונו־של־עולם, זאָל עס ניט זיין פון מיין שטוב—אַזאַ מין תפלה הייסט אַ אומזיסטע אומנישטע·

דאָסזעלבע ווען איינער ברייננט־אַריין פון פעלד הונדערט מעסטליך תבואה, אָדער פון ווייננאָרטען הונדערט פעסליך ווײַן און זאָגט: הלואי, רבונו־של־עולם, עס זאָל דערפון ווערען צוויי הונדערט — הייסט עס אַ נאַרישע אומזיסטע תפלה· ער מעג זיך נור ווינשען: הלואי עס זאָל אַריין אין דעם די ברכה·

---

# שליח צבור·

## I

אַז מ'איז מכבד איינעם מיט דאַוונען פאַר'ן עמוד דאַרף ער זיך לאָזען בעטען; אויב ניט—האָט עס אַ טעם ווי אַ געקעכץ אָן זאַלץ; אויב אָבער ער לאָזט זיך בעטען צופיל, קומט עס אויס ווי אַ געקעכץ וואָס איז איבערגעזאַלצען· ווי דען דאַרף ער זיך אויפפיהרען? דאָס ערשטע מאָל זאָגט מען זיך אָפּ, דאָס אַנדערע מאָל קווענקעלט מען נאָך, דאָס דריטע מאָל לאָזט מען זיך געהן צום עמוד·

## II

אַז איינער מאַכט אַ פעהלער ביים דאַוונען, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר אים; און אויב ער איז אַ שליח־צבור, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר'ן גאַנצען צבור; ווייל דער שליח פון אַ מענשען איז גלייך ווי ער אַליין·

ווענען ר' חנינא בן דוסא דערצעהלט מען: אַז ער פלעגט בעטען אויף חולים און דערנאָך פאָראויסזאָגען: דער וועט געהיילט ווערען און דער וועט געהן פון דער וועלט· און אַז מ'האָט געפרעגט, פון וואַנען ער ווייסט עס? האָט ער געענטפערט: אויב מיין תפלה געהט אַרויס ביי מיר

פון מויל געלויפיג. ווייס איך אַז זי איז אָנגענומען, און אויב ניט — איז זי אָפּגעוואָרפען.

## תפלה אין שוהל.

I

אבא־בנימין זאָגט: די תפלה פונ׳ם מענשען ווערט אָנגענומען נור אין שוהל, וואו דער עולם צוזאַמען לויבט גאָט מיט געזאַנג.

רבי יצחק זאָגט: דאָרט וואו צעהן יודען דאַוונען, געפונט זיך מיט זיי די שכינה.

II

אַ בעזונדער מלאך איז בעשטימט אויף יודישע תפלות אין די שוהלען; ער קלייבט זיי אויף אַלע צוזאַמען, פלעכט־אויס פון זיי קרוינען, צו בעצירען מיט זיי דעם קאָפּ פון גאָט ברוך־הוא.

III

אַז מע געהט פון שוהל אַרויס זאָל מען ניט מאַכען קיין ברייטע שפּאַן; אין שוהל אַריין אָבער איז אַ מצוה צו לויפען.

## דער כבוד פון דער שוהל.

I

דעם כבוד פון דער שוהל זאָל מען ניט גרינגשטעלען; מע טאָר זי ניט אויסנוצען פאַר אייגענע בעדערפנישען, ווי אַ שטייגער: עסען אָדער טרינקען דאָרט, צו אַרומשפּאַצירען, אַריינגעהן אַהין זומער אויף אָפּצוקיה־לען זיך, ווינטער אויף אָנצוואַרמען זיך, מאַכען דאָרט אַ הספד אויף אַ געוועהנליכען מענשען. דאָרט איז אַן אָרט, אויסער דאַוונען, אויך אויף לערנען, לייענען, מספּיד זיין גרויסע לייט. מע דאַרף די שוהלען האַלטען ריין,

אויספוצען, בעשפריצען מיט וואַסער, זי זאָל ניט אָפּגעלאָזט ווערען און ניט פערוואַקסען ווערען מיט גראָז. ר' יהודה זאָגט: אַזוי איז נור ווען דער עולם קומט אַהין, אָבער ווען זיי זענען חרוב, לאָזט מען זיי בעוואַקסען ווערען מיט גראָז און מע זאָל עס ניט אויסרייסען, כדי עס זאָל אָננעמען דעם פערבייגעהער ביים האַרצען.

ווידער זאָגט ר' יהודה: אַ חרוב'ע שוהל זאָל מען אויך ניט גרינג־שאַצען, ניט מספיד זיין דאָרטען, ניט דרעהען שטריק, ניט אויסשפרייטען דאָרטען נעצען אויף צו טרוקענען, ניט אויסלעגען אַקעגען דער זון אויפ'ן דאַך פירות, ניט מאַכען עס פאַר אַ דורכגאַנג צו פערקירצען דעם וועג. אַ הייליג אָרט, אויך אַ פערוויסט, בלייבט דאָך הייליג.

ווער עס שפייט אין אַ שוהל איז גלייך ווי ער זאָל שפייען, חלילה, גאָט אין פנים.

II

מע טאָר ניט אויפהויבען די דעכער פון אַנדערע הייזער העכער פון'ם שוהל־דאַך; דאָס רעדט זיך נור פון געוועהנליכע הייזער; טורעמס אָבער און פעסטונגען — מאַכט ניט אויס.

*

רב חסדא זאָגט:

מע זאָל ניט אומוואַרפען איין שוהל ביז מע וועט פריהער ניט אויפבויען קיין נייע.

---

## שענע טעמפלען.

ר' אושעיא דער גרויסער און ר' חמא בר חנינא האָבען איינמאָל געשפאַצירט פערביי די שענע שוהלען אין לוד. רופט זיך אָן ר' חמא צו ר' אושעיא'ן: אַ וויפיל פערמעגענס האָבען מיינע עלטערען אויף דעם אויסגעבראַכט! ענטפערט ר' אושעיא אויף דעם: וויפיל נפשות האָבען דיינע עלטערען אויף דעם אויסגעבראַכט! האָט זיך דען נישט געפונען דעמאָלט קיין מענשען וואָס האָבען זיך פערנומען מיט תורה לערנען, זיי צו שטיצען מיט דעם געלד.

ר׳ אבין האָט געלאָזט מאַכען אַ שענעם טויער פאַר׳ן גרויסען בית־המקדש. קומט צו אים ר׳ מני, בערוהמט ער זיך פאַר אים און זאָגט: זעה וואָס איך האָב געמאַכט!

– יאָ – רופט זיך אָן ר׳ מני – דער נביא הושע האָט שוין דע־רויף לאַנג געזאָגט: „ישראל האָט פערגעסען זיין בעשעפער און געבויעט טעמפלען!“ – האָסטו דען ניט געפונען קיין מענשען וואָס לערנען תורה, זיי צו שטיצען מיט דעם געלד!



# גוטס און שלעכטס.

## יצר־טוב און יצר הרע.

I

צוויי־גרונד־נייגונגען האָט גאָט בעשאַפען אין מענשען, איינע אַ גוטע, יצר־טוב, און איינע אַ שלעכטע, יצר־הרע. די גוטע — אין דער רעכטער זייט און די שלעכטע — אין דער לינקער, ווי קהלת זאָגט: "דאָס האַרץ ביים קלוגען — צו רעכטס, און דאָס האַרץ ביים נאַר — צו לינקס".

זעהר שווער איז דער יצר־הרע, אַז אפילו דער בעשעפער זיינער רופט אים אָן „שלעכטער", ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: די גרונד־נייגונג פונ'ם מענשענס האַרץ איז שלעכט פון קינדווייס אָן".

דערויף זאָגט ר' חייא דער גרויסער:

— אָך און וועה איז דעם טייג, וואָס דער בעקער אַליין זאָגט אויף דעם עדות, אַז עס טויג נישט.

II

"אין דיר זאָל ניט זיין קיין פרעמדער גאָט" — זאָגט דער משורר אין תהלים. וועלכער איז דער פרעמדער גאָט, וואָס געפונט זיך אינערליך אינ'ם מענשען? — ניט אַנדערש ווי דער יצר־הרע.

רבא זאָגט: דער יצר־הרע — אין אָנהויב איז ער ווי אַ פערבייגעהער, דערנאָך ווערט ער אַ גאַסט, צום סוף ווערט ער דער בעל־הבית.

ר׳ אסי זאָגט: דער יצר־הרע — אין אָנהויב איז ער דין ווי אַ פאָדעם פון שפּינוועבס, צום סוף ווערט ער ווי אַ גראָבער שטריק.

III

אַזוי איז שוין דעם יצר־הרע׳ס שטייגער: ער נאַרט זיך אַריין צוביסלעך, היינט זאָגט ער: טו דאָס, מאָרגען — טו יענס, ביז ער הייסט: גייה דיען עבודה־זרה, גייט מען און מע דינט.

IV

דער יצר־הרע הייבט־אָן מיט זיס און ענדיגט מיט ביטער.

רב זאָגט: ווי אַ גיפטיגע פליג זיצט דער יצר־הרע צווישעןביידע קעמערליך פונ׳ם האַרצען און פערגיפטעט עס ביסלעכווייס אינגאַנצען, ווי עס זאָגט קהלת: „אַ גיפטיגע פליג פערשטינקט און מאַכט אירען דעם געווירצסטען בוימעל״.

V

ר׳ אמי זאָגט: דער יצר־הרע געהט נישט ביי די זייטען, ער שפּאַצירט אַרום אינמיטען דערברייטער גאַס, און ווי ער דערזעהט איינעם אַ פּראַנט מיט געפּוצטע אייגעלעך און פריזירטע הערעלעך און מיט אַ קאָקעטיש גענגעלע, פּאַקט ער אים און זאָגט: דער איז מיינער!

ר׳ אבין זאָגט: דער וואָס קעכעלט דעם יצר־הרע אין דער יוגענד, איבער אים וועט שוין דער יצר־הרע בלייבען אַ אויבערהאַר אויך אויף דער עלטער.

VI

„איר זאָלט זיך ניט נאָכגעבען נאָכ׳ן האַרצען און נאָך די אויגען״ — זאָגט די תורה, דאָס אויג און דאָס האַרץ זענען צוויי פערמיטלער פונ׳ם יצר־הרע, דאָס אויג זעהט און דאָס האַרץ גלוסט.

וואָס מעהר אַ זאַך איז פערבאָטען, אַלץ מעהר ציהט צו דעם דער יצר־הרע.

VII

ר׳ שמעון בן לקיש זאָגט: איינער און דערזעלבער איז אי דער שטן, אי דער יצר־הרע, אי דער מלאך־המות [1].

VIII

„די גרונד־נייגונג פון מענשענס האַרץ איז שלעכט פון דער יוגענד״ — מיינסטו אַז אַ מענש קען זיך פון אים ניט איינהיטען: איז עס ניט אַזוי. פיל זאַכען האָט גאָט בעשאַפען אויף דער וועלט, שטאַרק ביטערע פון דער נאַטור, נאָך ביטערער פונ׳ם יצר־הרע, ווי למשל, דער תורמוס [2], פון דעסטוועגען לעגסטו אַוועק מיה און קאָכסט אים זיבען מאָל אין וואַסער ביז ער ווערט זיס; קענסטו ניט טון דאָסזעלבע מיט׳ן יצר־הרע, וואָס איז ביי דיר אין דער האַנד? וויל נור זיך אָנטון אַ ביסעל כח, וועסטו אים בייקומען.

IX

מיט דרייצעהן יאָר איז עלטער דער יצר־הרע פונ׳ם יצר־טוב. פון דער מוטער׳ס בויך וואַקסט ער שוין מיט׳ן קינד — און רעדט אים אָן צו אַלעס בייז און דאָס קינד ווייסט ניט צו אונטערשיידען פון גוטס צו שלעכטס; נאָך דרייצעהן יאָר וואַקסט אויס אין אים דער יצר־טוב, און וויל עס טון עפּיס שלעכטס, זעהט ער אים דערפון אָפּצוהאַלטען.

X

אַז אַ מענש לאָזט זיך טון אַן עברה, לעבען־אויף ביי אים אַלע איברים; קלייבט ער זיך אָבער טון אַ מצוה, פאַלט־אָן אויף אַלע זיינע איברים אַ פוילקייט; ווייל דער יצר־הרע קעניגט איבער אַלע איברים און דער יצר־טוב איז ניט מעהר ווי אַ פערשפאַרטער אין תפיסה.

XI

אין קהלת שטעהט: „אויך דאָס האָב איך געזעהן... אַ קליינע שטאָדט און מענשען דאָרט ווענִיג, בעפאַלט אויף איר אַ גרויסער קעניג און ריג־

1) ד. ה. די זינד אַליין פיהרט צום טויט־שטראָף. 2) אַזאַ געוויקס.

געָלט זי אַרום און בויעט־אויס אַרום איר גרויסע בעָלאַגעָר־פעָסטונגעָן. געָפונט זיך אין איר איינעָר אַ אָרמעָר קלוגעָר און עָר רעָטעָט די שטאָדט מיט זיין קלוגשאַפט״. ר׳ אמי בר אבא טייטשט־אויס די פסוקים אַזוי:

— ״אַ קליינע שטאָדט״ — דאָס איז דעָם מענשענס גוף. ״און מעָנ־שעָן דאָרט וועָניג״ — דאָס איז די גלידעָר. ״בעָפאַלט אויף איר אַ גרויסעָר קעָניג און רינגעָלט זי אַרום״ — דאָס איז דעָר יצר־הרע. ״און בויעט־אויס אַרום איר גרויסע בעָלאַגעָר־פעָסטונגעָן״ — דאָס איז די תאוות צו זינד. ״געָפונט זיך אין איר אַ אָרמעָר קלוגעָר״ — דאָס איז דעָר יצר־טוב. ״און עָר רעָטעָט די שטאָדט מיט זיין קלוגשאַפט״ — דאָס איז מיט תשובה און גוטע מעשים.

XII

ר׳ שמעון בן לקיש זאָגט:

— שטעָנדיג זאָל דעָר מעָנש אָנשרעָקעָן דעָם יצר־הרע דורכ׳ן יצר־טוב. קומט עָר אים ביי — איז רעָכט. אויב ניט — זאָל עָר זיך נעָמעָן צום לעָר־נעָן; קומט עָר אים ביי — איז רעָכט. אויב ניט — זאָל עָר לייעָנעָן קריאת־שמע [1]; קומט עָר אים ביי — איז רעָכט. אויב נישט — זאָל עָר זיך דעָרמאָהנעָן אין טאָג פון טויט.

XIII

איינעָר פון ר׳ ישמעאל׳ס שולע פלעָגט לעָרנעָן דעָם עולם:

— זוהן מיינעָר, בעָגעָגעָנט דיך אָט דעָר מנוול (יצר־הרע), שלעָפּ אים אין בית־המדרש אַריין: איז עָר אַ שטיין — וועָט עָר צעָמאָהלעָן ווערעָן, איז עָר אייזעָן — וועָט עָר פלאַצעָן.

XIV

״דו ווייסט דאָך אַז איך בין ניט שולדיג און פון דיין האַנד קעָן קיינעָר ניט רעָטעָן״ — אַזוי האָט איוב גע׳טענה׳ט פאַר גאָט. — דעָרויף האָט רבא געָזאָגט:

— איוב האָט געָמיינט צובעָפרייעָן די גאַנצע וועָלט פון שטראָף. ״רבונו־של־עולם — האָט עָר גע׳טענה׳ט — דו האָסט בעָשאַפעָן אַן אָקס מיט צושפּאָלטעָנע קלאָעָן, אויך אַן עָזעָל מיט צעָנויפגעָוואַקסעָנע; דו האָסט

[1] ד. ה. זיך דערמאָנען אין איינציגען גאָט.

בעֶשאַפעֶן צדיקים, אויך רשעים. ווער דערלאָזט דיר ניט טון וואָס דו ווילסט?" ¹).

— וואָס־זשעֶ האָבעֶן אים דעֶרויף געֶעֶנטפעֶרט די פריינד זיינעֶ? "דו פעֶרשטעֶרסט אויך גאָטספאָרכטיגקייט, ווייל דו לעֶרעֶנסט ניט געֶנוג גאָטס תורה" — אמת, דעֶם יצר־הרע האָט בעֶשאַפעֶן גאָט, עֶר האָט אָבעֶר געֶגעֶן אים אויך בעֶשאַפעֶן אַ שאַרף מיטעֶל: די תורה.

XV

ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט:

— דאָס שטאַרקסטעֶ אייזעֶן, צעֶגליה עֶס אין פייעֶר, לאָזט עֶס זיך בויגעֶן און דו קעֶנסט אויסשמידעֶן דעֶרפון וואָס דו ווילסט; דעֶר יצר־הרע, ווי שטאַרק עֶר איז, דורך די פייעֶרדיגעֶ ווערטעֶר פון דעֶר תורה בויגסטו אים און מאַכסט פון אים וואָס דו ווילסט.

---

# ניט קיין געֶראָטעֶן פעֶלד.

ר׳ שמעון בן יוחאי פלעֶגט זאָגעֶן: יודעֶן וועֶלעֶן קיינמאָל ניט אָנ־קוקעֶן דעֶם גיהנם, און דעֶרקלעֶרט האָט עֶר עֶס דורך אַזאַ משל:

— אַ קעֶניג האָט געֶהאַט צווישעֶן זיינעֶ גיטעֶר איין פעֶלד זעֶהר ניט קיין געֶראָטעֶנס, וואָס האָט אים גאָרניט איינגעֶבראַכט. האָבעֶן זיך געֶפונעֶן אויף דעֶם בעֶלנים און מ׳האָט עֶס ביי אים אָפּגעֶדונגעֶן פאַר צעֶהן קאַרעֶצעֶס ווייץ אַ יאָר. האָבעֶן זיי אַרום פעֶלד געֶאַרבייט: בעֶמיסטיגט עֶס, צעֶגראָ־בעֶן, בעֶוועֶסעֶרט, אויסגעֶרייניגט פון ווילדעֶ גראָזעֶן און צום סוף האָבעֶן זיי אים איינגעֶבראַכט נישט מעֶהר ווי איין קאָרעֶץ. פרעֶגט זיי דעֶר קעֶניג:

— וואָס הייסט עֶס?

עֶנטפעֶרעֶן זיי אים:

— האַר קעֶניג, דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ פעֶלד דו האָסט אונז פעֶרדונגעֶן; פריהעֶר האָט עֶס דיר גאָרנישט איינגעֶבראַכט, נור איצט, נאָך שווערעֶר מיה און אַרבייט, אַז מיר האָבעֶן עֶס בעֶמיסטיגט, בעֶוועֶסעֶרט און געֶרייניגט פון גראָזעֶן, האָט עֶס איין קאָרעֶץ ווייץ דאָך איינגעֶבראַכט.

---

¹) די ה׳ די אויפפיהרונג פון׳ם מענשען מוז זיין לויט דיין ווילען, קומט אים דאך ניט קיין שטראָף.

דאָסזעלבע קענען יודען טענה׳ן פאַר גאָט: דו ווייסט דאָך יאָ ווי פאַר אונז, מיט אונזער שוואַכען, ערדישען גוף, איז שווער צו ראַנגלען זיך מיט׳ן יצר־הרע און אים בייצוקומען.

---

## ווער עס טוט יענץ, פאַלט־אַריין אין דעם.

ווער איז אַ אמת׳ער גבור? דער וואָס איז גובר דעם יצר־הרע זיינעם.

ר׳ צדוק איז געווען זעהר אַ שענער מאַן האָט זיך אין אים אַ רוימישע מאַטראָנע איינגעליבט און געוואָלט אים פערפיהרען. איינמאָל ווען זיי זענען געבליבען איינע אַליין צוזאַמען און ער האָט שוין ניט געקאָנט פון איהר לויז ווערען, רופט ער זיך אָן:

— מיר איז שוואַך דאָס האַרץ און איך האָב קיין כוח ניט, איז פאַראַן באַ דיר עפּיס אויף איבערצוחאַפּען?

— פאַראַן — זאָגט זי — אָבער טריפ׳ס, ווּעסטו דען עסען?

— וואָס מאַכט עס אויס, — ענטפערט ער — ווער עס טוט יענץ מעג שוין עסען דאָס.

געהט די מאַטראָנע און הייצט־איין אַליין דעם אויבען, און שטעלט־צו קאָכען אַ געקעכץ. הויבט זיך אויף ר׳ צדוק און נעהמט קריכען אין איינגעהייצטען אויבען.

— וואָס טוסטו? — רופט־אויס די מאַטראָנע דערשראָקען.

— ווער עס טוט יענץ — זאָגט ר׳ צדוק — פאַלט־אַריין אין דעם (אין פייער פון גיהנם).

— אָ! — האָט די פערליבטע מאַטראָנע אויסגערופען מיט האַרץ — וואָלט איך געוויסט וויפיל ליידען דאָס פערשאַפט דיר, וואָלט איך דיר געלאָזט צורוה.

---

## אַ ריח פון נבלה־פלייש.

ווען ר׳ עקיבא האָט צוליב יודישע כלל־זאַכען פערבראַכט אין רוים, האָט אים איינער פון די גרויסע שרים צוגעשיקט אַ מתּנה צוויי שענע פרויען. האָבען זיי זיך אַרומגעוואַשען, אויסגעשמירט מיט די בעסטע

שמעקענדיגע בוימלען, זיך אויסגעפוצט ווי כלות פאַר חתנים און זע־
נען צו אים צוגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט. און יעדע פון זיי האָט זיך בע־
מיהט אים צו געפעלען און צוציהען אים צו זיך. און ר׳ עקיבא איז
געזעסען צווישען זיי ביידע, געשפּיגען און אפילו ניט געקוקט אויף זיי.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה זענען די צוויי פרויען צוריקגעקומען צום
שר און געקלאָגט זיך פאַר אים. „גלייכער — האָבען זיי געזאָגט — אונז
דער טויט, איידער דו זאָלסט אונז אָפּגעבען דעם מאַן״.

שיקט דער שר רופען ר׳ עקיבא׳ן און פרעגט אים:

— פאַרוואָס האָסטו ניט פערבראַכט מיט די פרויען ווי דער שטייגער
איז פון דער וועלט? זענען זיי ניט שען? זענען זיי ניט אַזעלכע מענ־
שען ווי דו? האָט ניט איין גאָט בעשאַפען דיך און זיי?

— דאָס אַלץ איז אמת — ענטפערט ר׳ עקיבא — וואָס זאָל איך
אָבער טון, אַז ס׳האָט זיך צו מיר געטראָגען פון זיי אַ ריח פון נבלה־
פליישׁ.

---

# אויסגעשטאָכען ביידע אויגען.

ר׳ מתּיא בן חרש איז געווען אַ רייכער מאַן און אַ גאָטספאָרכטיגער;
גאַנצע טעג האָט ער פערבראַכט אין בית־המדרש און געלערנט תורה ווי
זיין רבי ר׳ מאיר. זיין געזיכט האָט געשיינט ווי די זון און אויסגעזעהן
האָט ער ווי אַ געטליכער מלאך; און מ׳האָט דערצעהלט וועגען אים, אַז ער
האָט קיינמאָל אויף קיין פרוי ניט געקוקט.

איינמאָל איז דאָס דעם שטן געוואָרען פערדריסיג. „וואָס הייסט
עס? — האָט ער געטראַכט — שוין־זשע וועט ער בלייבען זיין גאַנץ לע־
בען אַ צדיק, גאָר אָן אַ שום זינד?״ הייבט זיך דער שטן אַרויף אויפ׳ן הימעל,
שטעלט זיך אַוועק פאַר גאָט ברוך־הוא און זאָגט:

— רבונו של עולם, ווי זעהט־אויס ביי דיר אָט דער מתּיא בן חרש?

— ער איז אַן אמת׳ער צדיק — זאָגט גאָט.

— ערלויב מיר, איך זאָל אים אויספּרובען.

— וועסט מיט אים גאָר ניט מאַכען.

— דאָך...

ערלויבט ער אים.

לאָזט זיך דער שטן גלייך אַראָפּ און טרעפט מתּיא בן חרש זיצען
ביים לערנען. נעמט ער אָן דאָס געשטאַלט פון אַ פרוי אַ שענהייט, וואָס

איר גלייכען איז ניט געווען אויף דער גאַנצער וועלט זינט די בעריהמטע שענהייט נעמה, תובל־קין׳ס שוועסטער, וואָס מלאכים האָבען זיך אין איר איינגעליבט. און אַזוי האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פאַר מתיא׳ס אויגען. פערבלענדעט פון אַזאַ שענהייט האָט מתיא שנעל אויסגעדרעהט דעם פנים אין דער אַנדערער זייט. אין דער מינוט שטעהט שוין די רייצענדע שענהייט פון יענער זייט, דרעהט ער דאָס געזיכט ווידער אין אַ אַנדער זייט, איז זי ווידער פאַר די אויגען. דערזעהן אַז זי טרעט ניט אָפּ פון אים און דרעהט זיך אויס מיט אים אין אַלע זייטען, האָט ער זיך דערשראָקען, ער זאָל זיך ניט אונטערגעבען דעם יצר־הרע און קומען צו אַ זינד. רופט ער צו איינעם פון זיינע שילער, וואָס האָבען אים בעדיענט, און הייסט אים געשווינד ברייגנען פייער מיט נעגעל. ווי יענער האָט עס געבראַכט, חאַפּט מתיא די נעגעל גליהט זיי אָן אין פייער און שטעכט זיך מיט זיי אויס ביידע אויגען. דערזעהן דאָס, איז דער שטן פערציטערט געוואָרען, אומגעפאַלען פאַר שרעק און גלייך אָפּגעטראָטען.

איז געוואָרען אין הימעל אַ רעש. רופט גאָט דעם מלאך רפאל און זאָגט אים: לאָז זיך אַראָפּ גיך און הייל־אויס מתיא בן חרש׳ן די אויגען. קומט דער מלאך רפאל און שטעלט זיך פאַר אים אַוועק.

— ווער ביזטו? — פרעגט אים מתיא.

— איך בין דער מלאך רפאל — ענטפערט ער — גאָט האָט מיך געשיקט דיר אויסהיילען די אויגען.

— לאָז שוין זיין; אָפּגעטון — פערפאַלען.

קעהרט זיך רפאל צוריק צו גאָט און זאָגט אים: פון היינט אָן זיי רוהיג, איך בין דיר אָן ערב, אַז דער יצר־הרע וועט מעהר איבער דיר ניט האָבען קיין שליטה.

---

## די פיר עדות.

ס׳איז געווען איינער אַ רייכער יונגער מאַן, אַ שענער און אַ געלערנטער, וואָס איז שטאַרק געוואָרענט געווען אין דער מצוה פון ציצית. טרעפט זיך איינמאָל מיט אים אַזאַ מעשה: ער האָט דערהערט, אַז ערגעץ אין ווייטע מקומות געפונט זיך אַ יונגע פרוי, וואָס זי הייסט באַצאָהלען פאַר זיך אַ פרייז פיר הונדערט זוג [1]. שיקט ער איר צו פיר הונדערט גילדען און זי בעשטעלט אים אַ צייט. צו דער בעשטימטער צייט איז ער געקומען אין הויז פון דער פרוי און זיך געמעלדעט.

---

[1]) אַ רוימישע מטבע.

גיט איר איבער דאָס דינסט־מיידעל׳ אַז יענער מאַן וואָס זי האָט אים אויף היינט בעשטעלט איז געקומען און וואַרט ביי דער טהיר· הייסט די פרוי אים אריינלאָזען· קומט ער אַריין· פיהרט זי אים אַריין אין אַ צימער׳ וואו ס׳איז געשטאַנען פיין אויסגעפוצט אַ זיבענגאָרענדיגע בעט· זעקס גאָרען זילבערנע און דער אויבערשטער פון ריין גאָלד· פון איין גארען צום אַנדערען פיהרען טרעפּ: זעקס טרעפּלעך זילבערנע און דאָס אויבערשטע אַ גאָלדענס· איז זי אַרויף און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער אויבערשטער בעט אינגאַנצען אַ הוילע· קריכט ער אויך אַהין אַרויף· זעצט זיך אַקעגען איר און נעהמט זיך אויסטון· בשעת אַראָפּציהען איבער׳ן קאָפּ דעם מאַנטעל׳ האָבען די פיר וויַיסע פרענזעליך פון די ציצית אים אַ בלאַנק געטון אין די אויגען און אַ שמיצעל געטון אין פּנים· דער מאַן איז ווי פּערציטערט געוואָרען׳ און ניט רעדענדיג קיין וואָרט· גלייך געחאַפּט און אַראָפּ פון די בעטען און זיך אַוועקגעזעצט מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטען קאָפּ אויף דער ערד· האָט זיך די פרוי אויך אַראָפּגעלאָזט נאָך אים און זיך נעבען אים אַוועקגעזעצט׳ אָנגעחאַפּט ביי דער האַנד און ווי בעליידיגט אויסגערופען:

— איך שווער ביי דער קרוין פון רוים׳ אַז איך וועל דיך ניט אָפּלאָזען ביז דו וועסט מיר ניט זאָגען אָפען׳ וואָס פאַר אַ פעהלער האָסטו אין מיר דערזעהן?

— איך שווער ביי אַלעם הייליגען — ענטפערט ער איר — אַז איך האָב אין מיין לעבען אַזאַ שענע פרוי ווי דו ניט געזעהן· אונזער גאָט אָבער האָט אונז׳ יודען׳ געגעבען אַ געבאָט׳ ציצית הייסט עס׳ וועלכע דאַרף אונז תמיד דערמאָהנען אין גאָט׳ וואָס בעלוינט און בעשטראָפט יעדען מענשען לויט זיינע מעשים׳ און אָט די פיר ציצית האָבען זיך מיר איצט פאָרגעשטעלט פאַר מיינע אויגען ווי פיר לעבעדיגע עדות׳ וואָס האָבען מיך אָפּגעשטעלט אין דער רעכטער צייט·

ערשטוינט פון אַזאַ אונערוואַרטעטען ענטפער׳ איז די פרוי אויף אַ ווײַלע געזעסען פערטראַכט· דערנאָך האָט זי אים ווידער אָנגעחאַפּט ביי דער האַנד און געזאָגט:

— איך בעט דיך׳ געה ניט אַוועק ביז דו וועסט מיר ניט זאָגען׳ ווער און פון וואַנען דו ביסט· ווער איז דיין לעהרער און אין וועלכע שולע לערנסטו·

פערצייכענט ער איר דאָס אַלעס און גיט איר איבער אין דער האַנד און געזעגענט זיך מיט איר·

באַלד נאָכדעם האָט די פרוי גענומען און צעטיילט אינגאַנצען איר

פערמעגען: אַ דריטעל דער קרוין, אַ דריטעל אָרימע לייט און אַ דריטעל איבערגעלאָזט פאַר זיך, אויסער יענע בעטען, און זיך אַוועקגעלאָזט, לויט דעם אויפשריפט פון יענעם יונגענמאַן, אין ר׳ חייא׳ס שולע, געקומען אַהין האָט זי זיך געווענדעט גלייך צו ר׳ חייא׳ן:

— רבי — זאָגט זי אים — בעפויל מע זאָל מיך מגייר זיין.

— טאָכטער — זאָגט ער איר — אפשר האָסטו געוואָרפען אַן אויג אויף איינעם פון מיינע תלמידים?

נעהמט זי אַרויס דעם כתב און ווייזט אים, און דערצעהלט אים דערביי די גאַנצע מעשה.

— אויב אַזוי — זאָגט ער — האָסט דו כשר פערדינט דיין בעשער־טען, זאָל אייך גאָט ביידען געבען גליק.

און די זעלבע בעטען וואָס זי האָט אַמאָל אים צוגעגרייט פערבאָ־טענערהייד, האָט זי אים איצט אויסגעפוצט אויף אַ כשר׳ן אופן.

---

# עס ברענט.

איינמאָל האָט מען געבראַכט קיין נהרדעא געפאַנגענע פרויען האָט מען זיי אַרויפגעפיהרט אין רב עמרם חסיד׳ס אויבערשטיבעל, זיי דאָרטען פאַרשפאַרט און צוגענומען דעם לייטער, כדי זיי זאָלען ניט קענען פון דאָרט אַנטלויפען. ווי ר׳ עמרם זיצט ביי זיך אין שטוב הויבט ער אויף די אויגען צום באַלקען, דערזעהט ער דורכ׳ן אויבערשטען פענסטערעל איינע פון די געפאַנגענע, וואָס איז גראָד דעמאָלט פערבייגעגאַנגען אויבען דורך דעם פענסטערעל, און איר ליכטיגע צורה האָט אים אַ שיין געטון אין די אויגען. אין שטוב איז עפּיס ווי מיט אַמאָל ליכטיג געוואָרען און ער איז ווי פערבלענדט געוואָרען. לויפט ער געשווינד און גיט אַ חאַפּ דעם שווערען לייטער, וואָס קוים צעהן האָבען אים געקענט אויפהייבען, שטעלט אים צו צום אויבערשטובעל און הויבט־אָן שנעל צוקלעטערען. אינמיטען לייטער שטעלט ער זיך פלוצים אָפּ, ברייט צעשפרייט די פיס, פעסט איינגעגראָבען אויפ׳ן אָרט און הייבט אָן שרייען אויף קולות:

— עס ברענט! ביי עמרם׳ן ברענט!

לויפען זיך צונויף די תלמידים, דערזעהן דעם רבי׳ן אין אַזאַ צושטאַנד, פערשעמען זיי זיך און זאָגען אים:

— רבי׳ דו האָסט אונז אָנגעטון אַזאַ בזיון!

— גלייכער — זאָגט ער זיי — איר זאָלט האָבען בזיונות פון עמרם׳ן דאָ אויף דער וועלט׳ איידער האָבען פון אים בזיונות דאָרט אויף יענער וועלט·

בעשווערט ר׳ עמרם דעם יצר־הרע ער זאָל פון אים אָפּטרעטען· איז ער פון אים אַרויס ווי אַ פייערזאַל·

— זעה — זאָגט צו אים ר׳ עמרם דו ביסט פייער און איך בין ניט מעהר ווי פליישׁ׳ און איך בין שטאַרקער פון דיר·

---

# אין דער געשטאַלט פון אַ פרעמדער·

ר׳ חייא בר אשי פלעגט אַלע טאָג הייס גאָט בעטען:

— רבונו־של־עולם׳ בעשיץ מיך פונ׳ם יצר־הרע!

איינמאָל האָט עס דערהערט זיין פרוי׳ טראַכט זי זיך וואָס זאָל עס בעדייטען: שוין אַזוי פיל יאָר איז ער פון מיר אָפּגעשיידט און נאָך שרעקט ער זיך פאַר׳ן יצר־הרע! איינמאָל איז ער געזעסען ביי זיך אין גאָרטען און געלערנט׳ און זיך דאָרט פערזעסען שפּעט אין דער נאַכט· דערהערט ער פלוצים אַ לייכטען גערויש צווישען די בוימער׳ קוקט ער זיך אים· דערזעהט ער: פאַר אים שטעהט אַ שעהן־אויסגעפּוצטע פרוי·

— ווער ביסטו? — פרעגט ער זי·

— איך בין גראַציע [1]) — ענטפערט זי שטיל און חנ׳יוודיג — איך בין היינט געקומען פון וועג·

דערביי האָט זי זיך געזעצט נעבען אים און אים גענומען אויפרייצען· ר׳ חייא איז געוואָרען ווי פער׳כשופ׳ט און איז צו איר צוגעשטאַנען·

— אַזוי׳ איך געפעל דיר — זאָגט זי מיט אַ געלעכטערעל — לויף ברייננג מיר פריהער אַ מילגרוים פונ׳ם שפּיץ בוים·

טוט ער אַ שפּרינגג אַרויף אויפ׳ן בוים און געבראַכט אַ מילגרוים···

אין דער פריה געהט ער אַריין אין שטוב׳ טרעפט ער זיין פרוי שטעהט און הייצט דעם אויבען· דרעהט ער זיך אַרום איבער׳ן שטוב

---

[1]) אַ בעוואוסטע אויסגעלאַסענע פרוי׳ אַ גרויסע שעגהייט·

שטאַרק צערודערט, פּלוצים לויפט ער צו צום געהייצטען אויבען און נעהמט קריכען אַהין אינוועניג.

— וואָס הייסט עס? — פרעגט זי אים.

דערצעהלט ער איר מיט גרויס האַרצוועהטיג אינגאַנצען די מעשה. די פרוי צעלאַכט זיך און זאָגט אים:

— האָב קיין יסורים ניט, דאָס איז ניט געווען קיין פרעמרע פרוי, נאָר איך טאַקי אַליין. דאָס האָב איך זיך פערשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ פרעמדער, דיך אויסצופּרובען.

גלויבט ער נישט. האָט זי דערויף אַ סימן, זי דערמאָהנט אים דעם מילגרוים.

— דאָך — זאָגט ער איר, אַלץ ניט בערוהיגט — געמיינט האָב איך דאָך די פרעמדע.

און ער האָט זיך עס אַזוי גענומען צום האַרצען ביז ער איז דערפון פון דער וועלט געגאַנגען.

---

# די שטראַהלען־קרוין.

איינער, זעהר אַ רייכער מאַן, אַ גרויסער בעל־תאוה, מיט׳ן נאָמען נתן, האָט זיך אַמאָל שטאַרק איינגעליבט אין אַ פרעמדער פרוי חנה, אַ בעריהמטע שענהייט, אַזוי אַז ער איז דערפון געפעהרליך קראַנק געוואָרען. דאָס לעבען איז אים געוואָרען נישט ניחא און קיין זאַך איז אים ניט איינגעגאַנגען. דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז אויב ער וועט די פרוי ניט בעקומען וועט ער שטאַרבען.

מאַכט זיך אַז דער מאַן פון דער דאָזיגער פרוי איז אַריינגעפאַלען אין גרויסע חובות און מ׳האָט ניט געהאַט מיט וואָס אָפּצוצאָהלען, האָבען אים זיינע בעלי־חובות, פערזעצט אין תפיסה. פלעג דאָס ווייב שווער אַרבייטען, שפּינען טאָג און נאַכט, און פאר איר פערדינסט קויפען עסען־וואַרג און אַוועקטראָגען דעם מאַן. אַזוי האָט געדויערט אַ היבשע צייט, ביז דעם געפאַנגענעם איז מיאוס געוואָרען דאָס לעבען. איינמאָל ווען זי האָט אים געבראַכט עסען, רופט ער זיך צו איר אָן:

— אויב איך וועל פערבלייבען אין תפיסה אויף ווייטער, וועל איך עס ניט אויסהאַלטען. דו מוזט מיך רעטען פונ׳ם טויט. בעקום געלד און לעז מיך פון דאַנען אויס וואָס געשווינדער.

וויינט די פרוי:

— וואו זאָל איך נעהמען? די אַרבייט קלעקט קוים אויף צו שפּייזען דיך.

— געה — זאָגט ער — צום רייכען נתן, בעט אים, ער זאָל מיר לייען געלד און אויסלעזען.

— וואָס רעדסטו? — שרייט זי אויס און ברעכט מיט די הענד — איך זאָל אַליין געהן צו נתנ'ן! צי ווייסטו דען ניט, אַז יענער איז קראַנק שטאַרבט נאָך מיר, שיקט צו מיר טאָג־טעגליך אין שליחות זיינע בעדיענער מיט פיל געלד, און איך זאָג זיי אָפּ, טרייב זיי אַרויס — זאָל איך איצט אַליין געהן צו אים לייען געלד? אַנדערש ניט, דו ביסט אַראָפּ פון זין.

און שטאַרק אויפגעבראַכט אויפ'ן מאַן פאַר אַזאַ פאָרשלאַג, איז די פרוי אַוועק אַהיים און פאַר גרויס האַרצווייטיג און פערדרוס איז זי ניט געקומען דעם מאַן בעזוכען דריי טעג דורכאַנאַנד. אויפ'ן פירטען טאָג, אַז דער פערדרוס איז איהר אַביסעל איבערגעגאַנגען, איז זי ווידער געלאָפען אין תפיסה, בעזוכען איר מאַן. געפונט זי אים זעהר קראַנק, ביי די לעצטע כוחות, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים.

— איין גאָט זאָל זיך פאָר מיר אָננעמען — ווענדעט ער זיך צו איר מיט אַ גיפטיגער שטימע און קוקט אויף איר מיט שלעכטע און בעזע אויגען — איך זעה אַרויס, אַז דו ווילסט איך זאָל דאָ אַוועקשטאַרבען, כדי דו זאָלסט קענען חתונה האָבען פאַר דיין בעגעהרטען נתנ'ן.

בעט זי זיך ביי אים:

— איך בין גרייט צו טון דיין ווילען, איך וועל געהן אַהין, גט מיך אָבער אָפּ פריהער, כדי איינצוהיטען עס זאָל ניט קומען, חלילה, צו'ן אַ גרויסער עבירה.

— הערסטו — מאַכט ער — דאָס זאָג איך דאָך: דיך ציהט צו אים און ווילסט אים האָבען פאַר אַ מאַן.

— וועה און וואונד איז מיר! — שרייט אויס די פרוי אַ פערצווייפעלטע — צי איז אַזוינס געהערט געוואָרען, אַז אַ מאַן זאָל זאָגען זיין אייגענער פרוי: געה צו אַ פרעמדען, פעראומרייניג זיך, נאָר מיך זאָלסטו אויסלעזען.

— געה, געה — שטויסט ער זי אָפּ פון זיך — אַוועק פון מיינע אויגען, זאָל זיין ווי גאָט וועט געבען!

געקומען אינגאַנצען אַ דערשלאָגענע און אַ פערביטערטע אַהיים, איז די פרוי אַ לאַנגע צייט געווען פערצווייפעלט און ניט געוואוסט וואָס טוט מען. צום סוף האָט גובר געווען ביי איר אין האַרצען דאָס געפיהל פון

רחמנות צום אומגליקליכען מאַן און מיט אַ שווער געמיטה האָט זי זיך בעשלאָסען אים צו פאָלגען.

אַ צעבראָכענע האָט זי זיך געלאָזט געהן צו נתנ׳ס הויז. דעם גאַנ־צען וועג האָט זי שטיל פאַר זיך תפלה געטון צו גאָט:

— רבונו של עולם, בעהיט מיך און בעשיץ מיך! לאָז מיך קומען צוריק אַהיים אַזוי ריין און כשר ווי איך געה אַרויס!

און אַזוי איז זי מיט אַ קלאַפּענדיג הארץ צוגעקומען ביז די פיין־געשניצטע טויערען פון נתנ׳ס פּרעכטיגען פּאַלאַץ.

נתן איז דעמאָלט געלעגען צו בעט ביי זיך אין צומער, ווי זיין שטייגער אין דער לעצטער צייט, אין שווערען טרויער און שטאַרק פער־מרה־שחורה׳ט. חנה איז אים אַלץ ניט אַרויס פון זינען. פּלוצים לויפען אַריין זיינע הויפּט־בעדינער און שרייען־אויס מיט אַ שמחה:

— חנה געהט! זי איז שוין ביים טויער.

נתן האָט פאַר גליק ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויערען.

— וואָס, אַן אמת! — האָט ער אויסגערופען זעהר איבעראַשט — אויב יאָ, שענק איך אייך די פרייהייט.

אין דעם לויפט־אַריין זיין הויז־דינערן און זאָגט:

— חנה איז שוין אין הויף.

— דו ביזט אויך פריי! — זאָגט ער איר — גיכער לאָזט זי אַריין!

דער קראַנקער נתן איז מיט אַמאָל אויפגעלעבט געוואָרען און אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען אַ פונק פון האָפנונג און גליק.

חנה איז אַריין אין צימער און געבליבען שטעהן ביי דער טהיר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען. נתן האָט זי אַ וויילע אָנגעקוקט מיט הייסער ליבע און דערנאָך זיך געווענדעט צו איר:

— טייערע פרוי, וואָס האָט דיך אַהער געבראַכט? זאָג מיר דיין פערלאַנג, איך וועל עס באַלד אויספילען. צוליב דיר וועט מיר קיין זאַך ניט זיין שווער.

— איך בין געקומען — ענטפערט זי — דיך בעטען זאָלסט אַנטלייען מיין מאַן אַזאַ און אַזאַ סומע געלד, אים צו בעפרייען פון דער תּפיסה, וואו ער זיצט פערשפּאַרט און קומט־אָפּ שוין אַ היבשע צייט. דו וועסט זיך דערמיט פערדינען אַ גרויסע מצוה ביי גאָט.

נתן האָט אָפּגעגעבען אַ בעפעהל און די קנעכט האָבען באַלד גע־בראַכט אינגאַנצען די סומע געלד, וואָס די פרוי האָט געבעטען.

— זעהסטו — זאָגט נתן ווען זיי זענען ווידער געבליבען אַליין — דיין ווילען האָב איך געטון; האָב־זשע אויך מיר מיטלייד. זעהסט

דאָך ווי איך בין קראַנק פאַר ליבע צו דיר, איך געה נאָך דיר אויס, נור דו אַליין קענסט מיך צוריק אויפלעבען.

— מיין האַר — האָט חנה געענטפערט — איך בין ביי דיר אין דער האַנד, אונטער דיין שוץ, דו קענסט מיט מיר טון וואָס דו ווילסט; ווייס אָבער, אַז איצט האָסטו אַ געלעגענהייט זיך קויפען דאָס אייביגע גליק פאַר אַ קורצווייליגען פערגניגען. איך בעט דיך, בעריהר מיך ניט און צעשטער ניט אינגאַנצען מיין פאַמיליען־לעבען. טו ניט אַזוינס וואָס דו אַליין וועסט אויף דעם נאָכדעם אייביג חרטה האָבען. ווען אָבער דו וועסט פאָלגען דיין פערשטאַנד און אָפּטרייבען דעם נאַרישען יצ ר־הרע וועט זיין אַז וואויל און גוט דיר.

די ווערטער פון דער פרוי האָבען אויף אים אַזוי טיף געווירקט, אַז ער האָט זיך מיט אַמאָל אַ הויב געטהון און אַראָפּ פון בעט, צוגעפאַלען מיט׳ן פנים צו דער ערד און זיך צעוויינט אויף אַ קול:

— גאָט! — האָט זיך אַרויסגעריסען ביי אים פון האַרצען — גיב מיר כח, שטאַרק מיך צו איינברעכען דעם יצר־הרע! העלף מיר צו לע־שען דאָס העלישע פייער וואָס ברענט אין מיר!

און געווענדעט זיך דערנאָך צו חנה׳ן, האָט ער איר געזאָגט מיט אַ ציטריגער, שוואַכער, נאָר רוהיגער שטימע:

— טייערע, פרומע חנה, געבענשט זאָלסטו זיין, דו האָסט מיך גערעטעט. דיינע ווערטער האָבען מיך אויסגעהיילט פון אַ שווערער געפעהר־ליכער קרענק. געה געזונטערהייד אַהיים און לעב זיך גליקליך.

חנה איז אַוועק אַ גליקליכע אין תפיסה, אויסגעלעזט פון דאָרט דעם מאַן און דערביי דערצעהלט אים אינגאַנצען די מעשה מיט נתנ׳ן, ווי ס׳איז פאָרגעקומען. דער מאַן האָט עס שווייגענדיג אויסגעהערט און אין האַר־צען איז אים פערבליבען אַ חשד, אַז ס׳איז ניט אינגאַנצען געווען ווי זי דערצעהלט, צווישען איר און נתנ׳ן איז געוויס פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס זי פערלייקענט.

מאַכט זיך אין אַ צייט אַרום, אַז דער בעוואוסטער תנא ר׳ עקיבא איז געשטאַנען ביי זיין פענסטער און אַרויסגעקוקט אין גאַס. זעהט ער ווי איינער פאָהרט־דורך רייטענדיג אויף אַ פערד און אַ גרויסע שיין, ווי אַ ליכטיגע, שטראַהלענדע זון, בעקרוינט זיין קאָפּ. רופט ער צו איינעם פון זיינע תלמידים און פרעגט אים:

— ווער איז יענער, וואָס פאָהרט דאָרט רייטענדיג?

— אָט דעֶר? — עֶנטפעֶרט דעֶר תּלמיד — ס׳איז דאָך דעֶר געֶוויסעֶר הולטיי נתן.

— איר זעֶהט עֶפּיס אַרום זיין קאָפּ? — פרעֶגט ר׳ עקיבא ווידעֶר זיינעֶ תּלמידים.

— ניין — עֶנטפעֶרעֶן זיי.

— גיכעֶר רופט אים אַריין צוּ מיר — בעֶפוילט דעֶר תּנא.

לויפט מעֶן און מעֶ רופט אים אַריין.

— זוהן מיינעֶר — ווענדעֶט זיך צוּ אים ר׳ עקיבא — איך האָבּ געֶזעֶהן, אַז אַרום דיין קאָפּ בעֶגלייט דיך אַ גרויסעֶ שיין. אַ סימן אַז דוּ ביזט אַ בן עולם־הבּא. פעֶרדינט זיך דאָס אייביגעֶ לעֶבעֶן. דעֶרצעֶהל מיר, וואָס פאַר אַ גרויסעֶ זאַך האָסטוּ געֶטון.

דעֶרצעֶהלט אים נתן די גאַנצעֶ מעשה מיט חנה׳ן.

ר׳ עקיבא האָט עֶס אויסגעֶהעֶרט פון אָנהייבּ ביז׳ן סוף און איז געֶבּליבּעֶן עֶרשטוינט פון דעֶם גרויסעֶן גייסטיגעֶן כּח, וואָס אַזוינעֶר האָט בעֶוויזעֶן, צו בּרעֶכעֶן דעֶם שטאַרקעֶן יצר־הרע זיינעֶם און אָפּהאַלטעֶן איבּעֶר אים אַזאַ גרויסעֶן נצחון.

— יאָ — זאָגט אים ר׳ עקיבא — דוּ האָסט ווירקליך אַ גרויסעֶ גבורה בעֶוויזעֶן. ניט אומזיסט האָט גאָט בּעֶשטראַהלט דיין קאָפּ מיט אַזאַ שיין. היינט מאָהל זיך אויס, וואָס פאַר אַ גליק עֶרוואַרטעֶט דיר אויף יעֶנעֶר וועֶלט. זאָלסט מיך פאָלגעֶן, וואָלסטוּ איצט אַוועֶקגעֶלעֶגט אַלעֶ דיינעֶ געֶשעֶפטעֶן און זיך געֶנוּמעֶן צום לעֶרנעֶן. מיין בּית־המדרש איז פאַר די אָפּעֶן.

נתן האָט געֶפאָלגט ר׳ עקיבא׳ן, געֶוואָרעֶן זיין געֶליבּטעֶר תּלמיד, און ס׳האָט ניט געֶדויעֶרט קיין לאַנגעֶ צייט, האָט נתן דעֶרגרייכט אין לעֶרנעֶן זעֶהר אַ הויכעֶ מדרגה און האָט פעֶרנוּמעֶן אין בּית־המדרש אַ פּלאַץ נעֶבּעֶן ר׳ עקיבא׳ן.

איינמאָל געֶהט־פעֶרבּיי ר׳ עקיבא׳ס בּית־המדרש חנה׳ס מאַן — און וועֶרט עֶרשטוינט זעֶהעֶנדיג, וואָס פאַר אַ פּלאַץ נתן פעֶרנעֶהמט דאָרט. דעֶרפרעֶגט עֶר זיך בּיי איינעֶם פון די תּלמידים, ווי קומט דעֶר נתן צוּ אַזאַ הויכעֶ מדרגה. דעֶרצעֶהלט עֶר אים די גאַנצעֶ מעשה.

עֶרשט איצט האָט זיך דעֶר מאַן איבּעֶרצייגט, אַז זיין פרוי חנה האָט אים דעֶמאָלט דעֶרצעֶהלט דעֶם ריינעֶם אמת ווי ס׳איז געֶוועֶן, קיין זאַך ניט פעֶרלייקעֶנט — און עֶר האָט זיך אינגאַנצעֶן בּעֶרוּהיגט און יעֶדעֶר מינדסטעֶר חשד איז בּיי אים פון האַרצעֶן פעֶרשוואוּנדעֶן. לויפט עֶר אַן איבּעֶרגליקליכעֶר אַהיים צוּ דעֶר פרוי, פאַלט איר אויפ׳ן האַלז און קושט אויס איר קאָפּ.

— זיי מיר מוחל — זאָגט ער איר — זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך די גאַנצע צייט אומזיסט חושד געווען. ערשט היינט, דערזעהענדיג נתנ׳ן ביי ר׳ עקיבא׳ן אין בית־המדרש, האָב איך זיך דערוואוסט דעם אמת. אַך, זאָלסט וויסען ווי איך האָב אינערליך געליטען! אַ דאַנק זיין ליבען נאָמען, וואָס האָט זיך איבער מיר דערבאַרעמט און האָט מיר ערלויכטען די אויגען.

*

ר׳ חנינא בר אבין זאָגט:

— דער וואָס לאָזט זיך שטאַרק אַריין אין זנות, ענדיגט דערמיט, אַז דאָס לייב זיינס ווערט אויפגעפרעסען פון זיך אַליין.

*

זינדיגע געדאַנקען זענען שעדליכער ווי די זינד אַליין; אַ סימן האָסטו: ריח פון פלייש פאַר אַ הונגעריגען [1].

*

ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט:

— דעם יצר־הרע דאַרף מען מיט דער לינקער האַנד אָפּשטויסען און מיט דער רעכטער צוציהען [2].

---

## „זעהר גוט״.

„גאָט האָט געזעהן אַלעס וואָס ער האָט בעשאַפען — זאָגט די תורה — און ס׳איז זעהר גוט״ — אויף דעם זאָגט ר׳ שמואל בר נחמן: „גוט״ איז דער יצר־טוב; „זעהר גוט״ — דאָס איז דער יצר־הרע.

— געשיקט זיך! דער יצר־הרע איז זעהר גוט!

— ער מיינט מיט דעם אַרויסצוזאָגען, אַז ווען ניט דער יצר־הרע, וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט: קיינער וואָלט קיין הויז ניט געבויט, אַ פרוי ניט גענומען, קינדער ניט געבוירען, געשעפטען ניט געפיהרט.

---

1) רייצט ניר אויף, ניט צו בעפרידיגען. 2) ניט צופיל לאָזען זיך פייניגען פון איינגעהאַל־טענקייט.

ר׳ יהודה פלעגט זאָגען:
– אויף דריי זאַכען שטעהט די וועלט: אויף קנאה׳ אויף לוסט און אויף מיטלייד·

---

## די וויינען און יענע וויינען·

ר׳ יהודה בן אילעאי האָט געזאָגט אין זיינער אַ דרשה:
– אין די שפּעטערדיגע צייטען וועט גאָט ברייגען דעם יצר־הרע און אים שחט׳ען פאַר צדיקים און רשעים אין די אויגען· ביי די צדיקים זעהט ער אויס ווי אַ הויכער באַרג׳ ביי די רשעים—ווי אַ דינע האָר· די וויינען און יענע וויינען· די צדיקים וויינען און זאָגען: אַך׳ ווי האָבען מיר געקומען כח ביי־צוקומען אַזאַ הויכען באַרג! די רשעים וויינען און זאָגען: אַך׳ ווי האָבען מיר עס ניט געקענט בייקומען אַזאַ דינע האָר! און גאָט וואונדערט זיך צוזאַמען מיט זיי·

---

## מצוה און עבירה·

### I

אין דעם וועג וואָס אַ מענש בעגעהרט צו געהן—פיהרט מען אים·
אַ מענש אַז ער פערראומרייניגט זיך אַביסעל – פערראומרייניגט מען אים פיל; פון אונטען – פערראומרייניגט מען אים פון אויבען; אויף דער וועלט — פערראומרייניגט מען אים אויף יענער וועלט·
פערקעהרט אָבער׳ אַ מענש אַז ער הייליגט זיך אַביסעל – הייליגט מען אים פיל; פון אונטען – הייליגט מען אים פון אויבען· אויף דער וועלט — הייליגט מען אים אויף יענער וועלט·

### II

די חכמים זאָגען: אַ מענש זאָל זיך שטענדיג בעטראַכטען אַלס אַ האַלב גערעכטער און האַלב שולדיגער; האָט ער געטון איין גוטע זאַך –

אַז וואויל איז אים: ער האָט איבערגעוואויגען זיך אַליין אין דער גוטער זייט; האָט ער געטון אָבער איין שלעכטע זאַך — אַז וועה איז אים: ער האָט איבערגעוואויגען זיך אַליין אין דער שלעכטער זייט. צוליב איין פערברעכען, וואָס דער איז בעגאַנגען, איז פון אים פערלוירען געגאַנגען אַזוי פיל גוטס.

ר׳ אלעזר בר שמעון זאָגט: אַ מענש זאָל בעטראַכטען זיך און די גאַנצע וועלט ווי האַלב גערעכט און האַלב שולדיג. ווייל סיי דער איינ־צעלנער מענש סיי די גאַנצע וועלט ווערען געריכטעט לויט דעם רוב מעשים. האָט ער געטון אַ גוטע זאַך — אַז וואויל איז אים: ער האָט איבערגעוואויגען זיך און די גאַנצע וועלט מיט זיך אין דער גוטער זייט; האָט ער געטון אַ שלעכטע זאַך — אַז וועה איז אים: ער האָט איבערגע־וואויגען זיך און די גאַנצע וועלט מיט זיך אין דער שלעכטער זייט. צוליב איין פערברעכען וואָס דער איז בעגאַנגען איז פערלוירען געגאַנגען אַזוי פיל גוטס פון אים און פון דער גאַנצער וועלט.

III

אַ מצוה האָט, אַלס לוין, קרן אויף דער וועלט און פרוכט דערצו אויף יענער וועלט; אַן עבירה האָט בלויז קרן און קיין פרוכט ניט. אַזאַ עבירה אָבער וואָס ברייננגט מיט זיך שלעכטע פרוכט, האָט אויך פרוכט אַלס שטראָף אויף יענער וועלט.

IV

אַ גוטער מיין ווערט פעררעכענט ביי גאָט ווי אַ גוטער טהאַט; אַ שלעכטער מיין אָבער וואָס בריינגט מיט זיך שלעכטע פרוכט, ווערט אויך פעררעכענט ווי אַ שלעכטער טהאַט.

*

גוטס איז פרוכטבאַר, שלעכטס איז אונפרוכטבאַר.

*

ר׳ אליעזר בן יעקב זאָגט:

— אַז אַ מענש טוט אַ גוטע זאַך, קויפט ער זיך דערמיט אַ פערטיי־דיגער, אַ שלעכטע זאַך—קויפט ער זיך אַ בעשולדיגער.

חנינא בן דוסא זאָגט:

— בײַ וועמען זינדספאָרכטיגקייט איז פאַר דער חכמה [1], בײַ דעם האָט דער חכמה אַ האַפט; בײַ וועמען די חכמה איז פאַר דער זינדספאָרכטיגקייט, בײַ דעם האָט די חכמה קיין האַפט.

V

מ'האָט געפרעגט ר' יוחנן בן זכאי: אַ געלעהרטער און אַ זינדספאָרכטיגער צו וואָס איז ער גלייך?

— צו אַ מייסטער מיט'ן געצייג אין דער האַנד — האָט ער געענטפערט.

— אַ געלעהרטער און ניט קיין זינדספאָרכטיגער?

— א מייסטער אָן דעם געצייג.

— אַ זינדספאָרכטיגער ניט קיין געלעהרטער?

— קיין מייסטער איז ער ניט, אָבער מיט געצייג אין דער האַנד.

VI

ר' סימון און ר' אלעזר זענען געזעסען צוזאַמען, איז געגאַנגען פערבײַ זיי ר' יעקב בר אחא. רופט זיך אָן איינער צום אַנדערען: לאָמיר פאַר אים אויפשטעהן, ער איז א זינדספאָרכטיגער. זאָגט דער אַנדערער: לאָמיר פאַר אים אויפשטעהן, ער איז אַ געלעהרטער.

רופט זיך אָן ווידער דער ערשטער: איך זאָג דיר אַ זינדספאָרכטיגער, וואָס איז פיל וויכטיגער, זאָגסטו מיר אַ געלעהרטער!

VII

אַ מענש מעג זיין אָנגעלערענט, פול אַלע ווינקעלאַך פון דער תורה, פערמאָגט ער נישט דערצו קיין זינדספאָרכטיגקייט — פערמאָגט ער גאָר נישט. עס קומט אויס ווי איינער בעריהמט זיך פאַר דעם אַנדערען: איך האָב טויזענד מאָס תבואה, טויזענד מאָס אייל, טויזענד מאָס וויין. זאָגט אים יענער: האָסטו אויך מאַגאַזינען, וואוהין דאָס אַלעס צו בעהאַלטען? האָסטו עס — איז אַלעס דיינס, אויב נישט — פערמאָגסטו גאָר נישט.

---

[1] געלעהרזאַמקייט, וויסען.

„יראת ה׳“ — גאָטספאָרכטיגקייט איז דער אוצר, דער מאַגאַזין פאַר קלוגשאַפט און ווייסענשאַפט.

*

ר׳ אבהו זאָגט:

— ווער עס ברייננגט יענעם צו טון אַ מצוה, ווערט עס אים פערערעכענט גלייך ווי ער וואָלט זי אַליין געטון.

## VIII

אין נאָמען פון ר׳ יונתן ווערט געזאָגט:

— ווער עס טוט איין גוטע זאַך אויף דער וועלט לויפט זי אים פאָראויס אויף יענער וועלט, און ווער עס טוט אַ שלעכטע זאַך אויף דער וועלט, וויקעלט זי זיך איין אַרום אים און ציהט זיך אים פאָראויס ווי אַ שלאַנג אין טאָג פון געריכט. ר׳ אלעזר זאָגט: זי בינדט זיך צו אים צו ווי אַ הונט

*

ר׳ יוסי בר׳ יהודה זאָגט: פאַר אַ פערברעכען קען געשענקט ווערען איינמאָל, דאָס צווייטע מאָל און דאָס דריטע מאָל; דאָס פירטע מאָל אָבער—ניט.

## IX

ר׳ יהודה בר נחמני דער מתורגמן [1]) פון ריש לקיש האָט געזאָגט אין אַ דרשה:

— „גלויבט נישט אין אַ חבר — זאָגט דער נביא מיכה — און פערטרויט נישט קיין גוטען פריינד“ — אויב דער יצר־הרע לאָזט זיך צו דיר צו און רעדט דיר איין: עס מאַכט ניט אויס, זינדיג, גאָט וועט עס דיר שענקען — זאָלסטו אים ניט גלויבען, קענסטו זיך טראַכטען: ווער קען מיך אויסגעבען? זאָלסטו וויסען אַז די שטיינער און די באַלקענס פון מענשענס הויז געבען אים אויס, ווי דער נביא זאָגט: „דער שטיין פון וואַנט שרייט־אויס, דער שייט האָלץ גיט־אויס“.

---

[1]) איבערזעצער, ערקלערער. דאָס רוב גרויסע תנאים און אמוראים האָבען געהאַט יעדער נעבען זיך ביי דער דרשה איינעם אַ מתורגמן, וואָס פלעגט זי פאַר׳ן עולם איבערזעצען און ערקלערען אויף דער פאָלקס־שפראַך.

די חכמים זאָגען: דעם מענשענס אייגענע נשמה זאָגט קעגען אים עדות·

ר׳ זריקא זאָגט: די צוויי מלאָכים, וואָס בעגלייטען יעדען מענשען, זאָגען עדות·

אַנדערע זאָגען: אַלע איברים פונ׳ם מענשען זאָגען עדות·

ר׳ יצחק בן פרנך זאָגט: דעם מענשענס זינד קריצען זיך אים אויס אין די ביינער·

X

אין נאָמען פון ר׳ יוחנן ווערט געזאָגט:

— ווען אַ מענש האָט זיך אויסגעלעבט דאָס רוב יאָרען אָן זינד וועט ער שוין ווייטער ניט זינדיגען: גאָט וועט אים שוין אויסהיטען·

אַנדערע זאָגען: ווען עמיצען איז געקומען צו דער האַנד עפּיס אַן עבירה איינמאָל און צוויי מאָל, און ער האָט ניט געזינדיגט, וועט ער שוין מעהר ניט זינדיגען: גאָט וועט אים אויסהיטען·

רב הונא זאָגט: האָט אַ מענש געטון די זעלבע עבירה איינמאָל און צוויי מאָל, ווערט עס שוין ביי אים אַ מעג־זאך·

XI

רב עולא האָט געזאָגט אין אַ דרשה:

— ״זינדיג ניט פיל״ — האָט געזאָגט קהלת· קומט־אויס, אַז אַביסעל מעג מען יאָ? נאָר דער מיין עס, אַז אפילו אַ מענש וואָס האָט שוין גע־זונדיגט, זאָל ער זיך ניט אָפּלאָזען אינגאַנצען, מיינען, אַז ס׳איז שוין אַלץ איינס: פיל צי אַ ביסעל. ניין, האָט עמיצער געגעסען קנאָבעל און ס׳איז ביי אים אַ ריח פון מויל, זאָל ער עסען נאָכאַמאָל קנאָבעל, דער ריח זאָל ווערען נאָך שטאַרקער?

XII

בן־עזאי זאָגט:

— לויף טון אַ קליינע מצוה ווי אַ גרויסע און אַנטלויף פון יעדער עבירה, וויל אַ מצוה שלעפּט־נאָך אַ מצוה, און אַן עבירה—אַן עבירה·

״אַז איינער וועט פיינט האָבען דעם צווייטען און ער וועט נאָכ־לאָקערען אים און וועט אים בעפאַלען און טויטשלאָגען״—עס הויבט זיך

אָן מיט אַ לייכטער עבירה׳ ער האָט ניט מעהר ווי איבערגעטראָטען דאָס געבאָט: ״האָב ליב דעם צווייטען ווי זיך אַליין״ ממילא טרעט ער דער־נאָך איבער דאָס געבאָט: ״האָב ניט פיינט דיין ברודער״ דערנאָך דאָס געבאָט: ״זיי זיך נישט נוקם און טראָג ניט קיין האַס״ דערנאָך דאָס געבאָט: ״לאָז לעבען דיין ברודער נעבען דיר״ ביז ער דערגעהט צו בלוט פערגיסען׳

XIII

ריש לקיש זאָגט:

— אַ מענש בעגעהט אַ פערברעך ניט אַנדערש נאָר ווען עס האַפט זיך אין אים אַריין עפּיס אַ משוגעת׳

איינער פון ר׳ ישמעאל׳ס שילער פלעג זאָגען:

— דאָס פערברעכען מאַכט טעמפּ דעם מענשענס האַרץ׳

*

ר׳ מאיר פלעגט זאָגען:

— טוט איינער אַן עבירה בעהאַלטען׳ קלינגט עס אויס גאָט אָפען פאַר יעדען׳

רב כהנא זאָגט:

— אַ חצוף איז ביי מיר דער וואָס רעדט עפּענטליך פון זיינע אַ זינד׳

*

רב נחמן בר יצחק זאָגט:

— אַ פערברעכען בעגאַנגען צוליב גוטע צוועקען בעשטעהט אַמאָל פאַר אַ מצוה געטון ניט צוליב גוטע צוועקען׳

*

אַ מענש געוועהנליך בעגעהט נישט קיין זינד ניט צוליב זיך׳

*

אויף אַן עבירה איז מען קיין שליח נישט׳

*

אויף זיך זעהט מען קיין שולד נישט׳

*

די זינד איז צום אָנהויב זיס, צום סוף ביטער.

*

„עס וועלען אָנקומען יאָרען וואָס דו וועסט זאָגען, איך האָב ניט צו זיי קיין לוסט‟ — זאָגט קהלת. דאָס קען מען זאָגען אויף משיח'ס צייטען, ווען דער מענש וועט נישט האָבען ניט קיין שולד, ניט קיין פערדינסט.

---

## אַ צדיק אַ גוטער און אַ ניט־גוטער.

„לויבט דעם צדיק וועלכער איז גוט, דען די פרוכט פון זייערע ווערק וועלען זיי געניסען‟ — זאָגט דער נביא ישעיה. איז דען פאַראַן אַ צדיק אַ גוטער און ניט קיין גוטער?

— יאָ. גוט צו גאָט און צו לייט, הייסט אַ גוטער צדיק; גוט צו גאָט און שלעכט צו לייט, הייסט אַ צדיק ניט קיין גוטער.

דאָסזעלבע איז אויך דאָרטען ווייטער: „וועה דעם רשע דעם שלעכ־טען, דען לויט דאָס פערדינסט פון זיינע הענד ווערט אים אָפגעטון‟ — איז דען פאַראַן אַ רשע אַ שלעכטער און ניט קיין שלעכטער? נאָר אויך דאָסזעלבע: אַ שלעכטער צו גאָט און צו לייט — איז אַ שלעכטער רשע; אַ שלעכטער צו גאָט און ניט שלעכט צו לייט — איז אַ רשע ניט קיין שלעכטער.

*

אַ צדיק אַ גוטער איז גוט פאַר זיך און גוט פאַר יענעם: אַ גאָלדען גלעקעל מיט אַ ברילליאַנטען צינגעל.

*

צדיקים זאָגען־צו ווייניג און טוען פיל, רשעים, פערקעהרט, זאָגען־צו פיל און טוען גאָרנישט.

---

## עכטע צדיקים און עכטע רשעים.

רבא זאָגט:

— די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אָדער פאַר עכטע צדיקים

אָדער פאַר עֶכטע רשעים; אָדער פאַר אחאב בן עמרי [1], אָדער פאַר אַ חנינא בן דוסא [2]. פאַר דעם – די וועלט, פאַר יענעם – יענע וועלט.

*

די רשעים – געוועלטיגט דאָס האַרץ אויף זיי; צדיקים אָבער – זיי געוועלטיגען איבער זייער האַרץ.

---

## פונ׳ם פרייען ווילען.

ר׳ חנינא בר פפא האָט געזאָגט אין זיין דרשה:

– דער מלאך וואָס האָט צו שאַפען אויף שוואַנגערשאַפט, איז זיין נאָמען „לילה״ (נאַכט), נעהמט ער דעם טראָפען און ברייגנט אים פאַר גאָט און פרעגט אים:

— הער פון דער וועלט! אָט דער טראָפען, וואָס זאָל פון אים ווערען? אַ שטאַרקער צי אַ שוואַכער, אַ קלוגער צי אַ נאַר, אַ רייכער צי אַ אָרימער? אויף רשע און צדיק אָבער פרעגט ער נישט, ווייל דאָס היינגט־אָפּ ניט פון גאָט, נאָר פון מענשענס אייגענעם פרייען ווילען אַליין.

---

## גלייכער פאַר זיי און פאַר דער וועלט.

דער טויט פון רשעים איז וואויל פאַר זיי און וואויל פאַר דער וועלט; פון צדיקים אָבער, איז שלעכט פאַר זיי און שלעכט פאַר דער וועלט.

ווייַן און שלאָף פאַר די רשעים—איז וואויל פאַר זיי און וואויל פאַר דער וועלט; פאַר די צדיקים אָבער, איז שלעכט פאַר זיי און שלעכט פאַר דער וועלט.

---

[1] איינער פון די מעהר־זינדיגע צווישען די מלכי ישראל. [2] איינער פון די פרומסטע און אָרמסטע תנאים.

צעשטרייאונג פון רשעים—איז וואויל פאַר זיי און וואויל פאַר דער וועלט; פון צדיקים—אָבער איז וואויל פאַר זיי און וואויל פאַר דער וועלט.
פערזאַמלונג פון רשעים, איז שלעכט פאַר זיי און שלעכט פאַר דער וועלט; פון צדיקים אָבער—איז וואויל פאַר זיי און וואויל פאַר דער וועלט.

---

## פערטרוי זיך ניט.

פערטרוי זיך ניט ביז דעם טאָג פונ׳ם טויט. יוחנן איז ביז אַכציג יאָר אַ כהן גדול געוועזן און צום סוף איז ער געוואָרען אַ צדוקי [1].

•

ר׳ שמעון בן יוחאי זאָגט:
— מעג אַ מענש זיך אויסלעבען די גאַנצע יאָרען, זיין אַ עכטער צדיק, אויב צום לעצט איז ער אַראָפּ פונ׳ם וועג, האָט ער פערשפּילט אינ־גאַנצען דאָס פריהערדיגע; ווידער פערקעהרט, מעג אַ מענש זיך אויסלע־בען די גאַנצע יאָרען זיינע אַ עכטער רשע, אויב צום לעצטען האָט ער זיך געשטעלט אויפ׳ן גלייכען וועג — ווערט ווי אָפּגעווישט זיין גאַנץ פרי־הערדיג שלעכטס.

---

## בעגלייטער אין וועג.

ר׳ אליעזר, דער זוהן פון ר׳ יוסי הגלילי, זאָגט:
— זעהסטו אַ צדיק לאָזט זיך געהן אין וועג און דו דאַרפסט אויך געהן אין דעם זעלבען וועג, אייל זיך צו אָדער לעג־אָפּ דיין נסיעה צוליב אים אויף עטליכע טעג, כדי דו זאָלסט קענען געהן מיט אים צוזאַמען; ווייל אים בעגלייטען אין וועג גוטע מלאכים. ווען דו זעהסט אָבער אַ רשע לאָזט זיך געהן אין דעם זעלבען וועג וואוהין דו דאַרפסט אויך — אייל זיך צו אָדער לעג־אָפּ צוליב אים דיין נסיעה אויף עטליכע טעג, כדי

1) סאַדוקייער, אַ געוויסע סעקטע ביי יודען אין יענער צייט.

עֶס זאָל דיר ניט אויסקומעֶן געֶהן מיט אים צוזאַמעֶן; ווייל אים בעֶגלייטעֶן אין וועֶג שלעֶכטעֶ מלאכים.

*

אַביי זאָגט:

– ווֶעה דעֶם רשע, וועֶה זיין שכן, וואויל דעֶם צדיק, וואויל זיין שכן.

*

גוטס ווערט אויסגעֶפיהרט דורך אַ גוטעֶן, שלעֶכטס—דורך אַ שלעֶכטעֶן.

---

## אַ רבים בריינגעֶן צו גוטעֶן אָדעֶר צו שלעֶכטעֶן.

ווער עֶס בריינגט אַ רבים צו גוטעֶן, קומט דורך אים קיין זינד נישט, און ווער עֶס בריינגט אַ רבים צו זינד, דעֶרלאָזט מעֶן אים ניט תשובה טון.

ווער עֶס בריינגט אַ רבים צו גוטעֶן, ווערט פאַררעֶכעֶנט אויף אים גוטס פונ׳ם רבים; ווער עֶס בריינגט אַ רבים צו זינד, ווערט פעֶררעֶכעֶנט אויף אים די זינד פונ׳ם רבים.

*

ר׳ יוחנן זאָגט:

צדיקים שטעֶהעֶן העֶכעֶר פון מלאכים.

רבה בר חנה זאָגט:

די נשמה פון איין צדיק וועֶגט וויפיל אַ גאַנצעֶ וועֶלט.

---

## דער פונדאַמעֶנט פון דער וועֶלט.

I

אינ׳ם נאָמעֶן פון ר׳ יוחנן ווערט געֶזאָגט:

— גאָט ברוך־הוא האָט געֶזעֶהן אַז צדיקים זעֶנעֶן וועֶניג, האָט ער

געמומען און זיי איינגעפלאַנצט ביסלעכווייז אין יעדער דור׳ כּדי די וועלט זאָל זיך שטענדיג האַלטען אויף זייער זכות·

II

די וועלט׳ זאָגען איינע׳ שטעהט אויף צוועלף זיילען; אַנדערע זאָגען: אויף זיבען׳ ר׳ אליעזר בן שמוע זאָגט: אויף איין זייל׳ אויפ׳ן צדיק; ווי עס ווערט געזאָגט אין שלמה׳ס שפּריכווערטער: „דער צדיק איז דער פונדאַמענט פון דער וועלט״·

---

# דער כח פונ׳ם צדיק·

I

ר׳ אליעזר זאָגט: צוליב איין צדיק אפילו איז די וועלט בעשאַפען געוואָרען· אין ר׳ יוחנן׳ס נאָמען ווערט געזאָגט: צוליב איין צדיק אפילו האַלט זיך די וועלט· רבא זאָגט: ווען די צדיקים ווילען – בעשאַפען זיי אַליין אַ וועלט·

ר׳ אבהו זאָגט: גאָט געוועלטיגט איבער׳ן מענשען; דער צדיק געוועלטיגט׳ כביכול׳ איבער גאָט· עס טרעפט אַז גאָט איז גוזר אַ גזירה און דער צדיק מיט זיין תּפלה שטעלט זי אָפּ·

II

„דיין גערעכטיגקייט — ווענדעט זיך דער משורר אין תּהלים צו גאָט – איז ווי די העכסטע בערג׳ און דיינע שטראָף ווי דער גרויסער אָפּגרונד״ – דערויף זאָגט דער גרויסער יאשיה:

– ווי די הויכע פעלזען אויפ׳ן ברעג פונ׳ם ים צוימען־איין דעם אָפּגרונד׳ ער זאָל זיך נישט אויפהויבען און פערפלייצען די וועלט׳ אַזוי אויך די גרויסע צדיקים׳ מענשען פון גערעכטיגקייט׳ צוימען־איין גאָטס שטראָף׳ זי זאָל ניט אויסבּרעכען און אומברייגען די וועלט·

III

ר׳ שמואל בר נחמני זאָגט:

— וועה איז די רשעים, וואָס פערקעהרען די מדת־הרחמים (גאָט׳ס דערבאַרימקייט) אויף מדת־הדין (שטרענגע געריכט); אַז וואויל איז די צדיקים, וואָס פערקעהרען דעם מדת־הדין אויף מדת הרחמים..

---

# ל״וניקעס.

אין יעדער דור געפונען זיך אויף דער וועלט ניט וועניגער ווי זעקס און דרייסיג צדיקים, וואָס זענען מקבל־פּנים די שכינה.

ווי ליכטליך אָנגעצינדענע פון אַ פלאַמענדיגען פאַקעל, אַזוי לייכטען די צדיקים אויף דער וועלט, אָנגעצינדענע פון דער שיין פון דער שכינה.

---

# פּאַלמען און צעדערבוימער.

״דער צדיק בליהט ווי אַ פּאַלמע, וואַקסט הויך ווי אַ צעדערבוים אין לבנון״ — זאָגט דער משורר אין תהלים. ווי די צוויי בוימער, די פּאַלמע און דער צעדערבוים, שטייגען־איבער מיט זייער הויכען וואוקס אַלע איבעריגע בוימער און לאָזען זיך מערקען אויף ווייטע שטרעקען, אַזוי אויך די גרויסע צדיקים וואַקסען הויך, איבער זייערע דורות, און לאָזען זיך מערקען פון דער ווייטענס אויף לאַנגע לאַנגע יאָרען.

---

# אין צדיק׳ס זכות.

די גאַנצע וועלט ווערט געשפּייזט פון גאָט ווי איינער פון צדקה; זיי אָבער, די צדיקים, ווי איינער וואָס עס קומט אים. אַנדערע זאָגען: די גאַנצע וועלט ווערט געשפּייזט אינ׳ם זכות פון זיי, פון די צדיקים, און

די צדיקים אַליין בעקומען גאָרנישט פון זייער אייגענעם זכות· ווי מע זאָגט אין נאָמען פון רב: טאָג־טעגליך געהט־אַרויס אַ בת־קול פונ׳ם באַרג חורב און רופט־אויס: די גאַנצע וועלט ווערט געשפייזט צוליב חנינא [1] מיין זוהן, און חנינא מיין זוהן איז גענוג פאַר אים אַ טאָפּ האַרטע באָק־סערען פון ערב־שבת צו ערב־שבת·

---

# אייגען פערדינסט·

„גאָט ליבט די צדיקים״ — זאָגט דער משורר אין תהלים· פאַר וואָס עפּיס בעזונדערס צדיקים? ווייל דאָס איז ניט קיין ירושה־זאַך, ניט קיין יחוס· אַ כהן, אַ לוי ווערט זיך אין שטאַם· דאָס איז אַ יחוס־זאַך· ניט ווער עס וויל קען דאָס ווערען· אַ צדיק אָבער, אפילו אַ גוי, וויבאַלד ער וויל, קען ער עס ווערען·

---

# אַ בעזונדערע השגחה·

„גאָט איז גוט פאַר אַלע״ — ווערט געזאָגט אין איין פסוק אין תהלים, און אין אַ אַנדער אָרט שטעהט: „גאָט איז גוט פאַר די וואָס שטרע־בען צו אים״· דאָס הייסט: גאָט׳ס גוטסקייט פערשפּרייט זיך אומעטום, פאַר יעדען בעזונדער, נאָר בעזאָנדערס לייגט ער אַכט אויף די, וואָס זייערע אויגען זענען געווענדעט צו אים תמיד· אַזוי אַ מענש וואָס פערמאָגט אַ וויינגאָרטען, ווען ער בעוועסערט דעם גאָרטען — בעוועסערט ער אַלע בוימער גלייך און אונטערשיד; אַרומגראָבען אָבער, גראָבט ער אַרום מיט אַ בעזונדער השגחה נאָר די בעסערע פון די בוימער·

*

אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי ווערט געזאָגט:

---

1) חנינא בן דוסא, זעה דעם צווייטען באַנד·

— שענהייט, קראַפט, רייכטום, עהרע, קלוגהייט, עלטער, גרייזהייט און קינדער ביי צדיקים — איז שען פאַר זיי און שען פאַר דער וועלט.

*

צוויי עסען פון איין שיסעל — דער פיהלט אַ טעם לויט זיינע מעשים און דער לויט זיינע. צוויי פאַרבען קליידער־שטאָף אין איין קעסעל, ביי דעם קומט־אַרויס שען און ביי דעם מיאוס.

---

## איידער עס פערגעהט — שיינט־אויף.

פון ר' יוחנן'ס נאָמען ווערט געזאָגט:

— „עס שיינט־אויף די זון און עס פערגעהט די זון" — אַזוי זאָגט קהלת. איידער עס ווערט אויסגעלאָשען די זון פון איין צדיק, שיינט־אויף די זון פון אַ צווייטען. קיין צדיק געהט־נישט פון דער וועלט ביז עס ווערט ניט בעשאַפען אַזאַ צדיק ווי ער.

ר' חמא בר חנינא זאָגט:

— צדיקים נאָכ'ן טויט זענען גרעסער ווי ביים לעבען.

*

צדיקים נאָכ'ן טויט הייסען לעבעדיגע. רשעים ביים לעבען הייסען טויטע.

---

## פערל בלייבט פערל.

אין נאָמען פון ר' חנינא'ן ווערט געזאָגט:

— קומט־אום דער צדיק, איז עס אַ שאָדען נור פאַר'ן דור. אַ פערלוירענער פערל, וואו ער זאָל ניט זיין, בלייבט ער אַ פערל. פערלאָרען איז ער געגאַנגען נור פאַר זיין אייגענטימער.

# אַ שווערער שאָדען.

„דער צדיק בליהט ווי אַ פּאַלמע, וואַקסט הויך ווי אַ צעדערבוים אין לבנון" — וואָס עפּיס גלייכט דער משורר אין תהלים די צדיקים צו אַ פּאַלמע און אַ צעדערבוים? דערפּאַר ווייל מעהרסטענטייל בוימער מעגען זיי אויסגעהאַקט ווערען, נעהמט מען פון זיי אַ צווייגעלע און מע פלאַנצט עס איבער אויף אַ אַנדער פּלאַץ — וואַקסט עס באַלד אויף. אַ פּאַלמע מיט אַ צעדערבוים אָבער, וויבאַלד זיי ווערען אויסגעהאַקט, קען מען ניט צו־שטעלען באַלד אַנדערע אויף זייער אָרט, סיידען אין אַ לאַנגער צייט אַרום און מיט גרויס מיה. דאָסזעלבע איז אויך מיט אַ צדיק: געהט ער פון דער וועלט, געדויערט לאַנג ביז עס וואַקסט־אויס אַ אַנדערער אויף זיין אָרט.

---

# אָפּגעגעבען די נשמה ריין.

„דער גייסט (די נשמה פון'ם מענשען) קעהרט זיך צוריק צו גאָט, וועלכער האָט אים געגעבען" — זאָגט קהלת; גיב אים די נשמה צוריק אַזוי ריין ווי ער האָט זי דיר געגעבען אַ ריינע.

אַ קעניג האָט אַמאָל געטיילט זיינע קנעכט קעניגליכע קליידער. די מעהר קלוגערע פון זיי האָבען די קליידער שען צונויפגעלעגט און בע־האַלטען ביי זיך אין קיפערט; די נאַרישע אָבער האָבען באַלד זיי אָנגע־טון און גענומען זיך צו דער וואָכעדיגער אַרבייט. אין אַ צייט אַרום האָט דער קעניג נעפאָדערט ביי זיי צוריק די קליידער. די מעהר קלוגערע האָבען זיי באַלד צוריק אומגעקעהרט ריינע און אויסגעפּוצטע, ווי זיי האָבען בעקומען; די נאַרישע אָבער האָבען זיי אים אומגעקעהרט צוריק פער־שמירטע און איינגעריכטע. איז דער קעניג העכסט צופרידען געבליבען מיט די קלוגערע און שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרען אויף די נאַרישע. וועגען די קלוגערע האָט ער געהייסען: זאָל מען ווידער בעהאַלטען די קליידער אין די קעניגליכע שאַצקאַמערען און זיי זאָל מען לאָזען געהן אַ היים בשלום; וועגען די נאַרישע האָט ער אָפּגעגעבען אַ בעפעהל: מע זאָל איבערגעבען די אויסגעשמירטע קליידער אין געוועש, און זיי — זאָל מען פאַרשפאַרען אין תפיסה.

דאָסזעלבע איז אויך, אַז עס קומט אַ צדיק אויף יענער וועלט, געהט זיין נשמה אין „צרור החיים״, אין אוצר פון אייביגען לעבען, און דער גוף זיינער בלייבט רוהיג אויף זיין געלעגער. אַ רשע אָבער אַז ער קומט אַהין, ווערט די נשמה זיינע איבערגעגעבען אין „כּף הקלע״, מע זאָל מיט איר שליידערען און זי זאָל זיך ריינינגען, און דער גוף זיינער האָט אויך קיין רוהע נישט.

---

## צווייערליי בעגעגענישען.

ר׳ אלעזר זאָגט:

— ווען אַ צדיק פעהלט זיך פון דער וועלט, געהען געגען אים אַרויס דריי כּתּות גוטע מלאכים. איין כּתּה בעגריסט אים:

„זאָל ער קומען מיט פרידען״;

חאַפּט אונטער די צווייטע:

„רוהיג ליגען אויף דעם געלעגער״;

פערענדיגט די דריטע:

„דער וואָס איז מיט׳ן גלייכען וועג געגאַנגען״.

ווען אָבער דער רשע ווערט פערלוירען פון דער וועלט, געהען געגען אים אַרויס דריי כּתּות שלעכטע מלאכים. איין כּתּה בעגעגענט אים מיט די ווערטער:

„קיין פריד, זאָגט גאָט, פאַר רשעים״;

חאַפּט די צווייטע אונטער:

„אין וועהטיגען וועט איר ליגען״;

פערענדיגט די דריטע:

„נידער און ליג בעגראָבען מיט אַלע ערלים״.

*

אַ צדיק אַז ער שטאַרבט איז גלייך ווי אַ בית־המקדש וואָלט אָפּגע־ברענט געוואָרען.

*

אין בר קפּרא׳ס נאָמען ווערט געזאָגט:

— ווער עס לאָזט טרעהרען אויפ׳ן טויט פון אַ עהרליכען מאַן, צעהלט זיי גאָט איבער און בעהאַלט זיי ביי זיך אין שאַצקאַמער.

# גערקליבען רויזען.

אַז ר׳ חיא בר אבא, בר־קפרא׳ס שוועסטער׳ס זוהן, איז געשטאָרבען, האָט ריש לקיש, זיין רבי, אים שטאַרק בעוויינט ווי אַן אייגענעם זוהן. אין דעם הספד זיינעם האָט ער אַזוי אויסגעטייטשט די ווערטער פון שיר השירים:

״מיין פריינד איז אַראָפּ אין גאָרטען,
אין בייט פון בשמים,
אַרומשפּאַצירען אין גערטנער
און אויפקלייבען רויזען״

— ״מיין פריינד״—גאָט ברוך־הוא, ״איז אַראָפּ אין גאָרטען״—אין דער וועלט זיינער, ״אין בייט פון בשמים״ — צו זיינע יודען, ״אַרומ־שפּאַצירען אין גערטנער״ —צווישען אַלע איבעריגע פעלקער, ״און אויפ־קלייבען רויזען״ — די בעסטע און די פרומסטע.

אַזוי אַ קעניג, וואָס פלאַנצט פאַר זיין געליבסטען זוהן אַ גאָרטען, שיקט ער אַרום אויסקוקען וואו נור עס געפונט זיך אַ שענע פלאַנצונג, טראָגט ער זי איבער און פערפלאַנצט זיי אין זוהנ׳ס גאָרטען. ווען דער זוהן אָבער דערצעהרענט שטאַרק זיין פאָטער דעם קעניג מיט זיינע שלעכטע געגג, הייסט דער קעניג אויסהאַקען פונ׳ם זוהנ׳ס גאָרטען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. דאָסזעלבע, ווען יודען פאָלגען זייער פאָטער אין הימעל, זוכט ער אויף אין דער גאַנצער וועלט צווישען אַלע פעלקער וואו אַ צדיק, נעהמט אים פון דאָרט אַרויס און בעהעפט אים מיט יודען, ווי אַ שטייגער יתרו אין זיין צייט; ווען אָבער זיי דערצערנען אים, רייסט ער אויס און נעהמט־צו פון זיי די שענסטע און די בעסטע לייט, די גרעסטע צדיקים.

---

# פערצייכענט אין בוך.

אין ר׳ אלעזר׳ס נאָמען ווערט געזאָגט:

— יעדער צדיק וואָס קומט־אום דורך גוי׳אישע הענד ווערט פער־צייכענט ביי גאָט אין בוך. און אַז עס קומט דער יום־הדין און גאָט פרעגט ביי די מערדער: פאַרוואָס האָט איר אומגעבראַכט מיינע צדיקים? לייקענען זיי עס אָפּ און זאָגען: ניט מיר. נעהמט גאָט אַרויס דעם בוך און דער־ווייזט זיי און טראָגט זיי אַרויס דעם פּסק.

*

מע שטעלט ניט קיין דענקמאָל די צדיקים; זייערע ווערטער זענען פאַר זיי אַ דענקמאָל.

---

## רשעים.

I

גלייכער מע זאָל מיך רופען שוטה אַ גאַנץ לעבען איידער איין ווײַלע זיין אַ רשע פאַר גאָט.

II

פיר ווערען אָנגערופען רשעים: ווער עס שטרעקט־אויס די האַנד עמיצען שלאָגען, אַפילו ווען ער שלאָגט ניט; ווער עס לייהט און בעצאָהלט נישט; ווער ס'האָט עזות, שעמט זיך נישט פאַר אַ גרעסערען און ווער עס זוכט זיך צו קריגען.

---

## אַ ברויזענדער ים.

„און די רשעים זענען ווי אַ ברויזענדער ים“ — זאָגט דער נביא ישעיה. ווי די וועלען פונ'ם ים בלאָזען זיך אָן און הויבען זיך אויף הויך, לויפען־לויפען, און ווי זיי שלאָגען זיך נור אָן אין זאַמד פון ברעג ווערען זיי באַלד צעקלאַפּט און פאַלען־אָפּ צוריק, און די וועלען וואָס נאָך זיי קוקען דאָס צו און דאָך בלאָזען זיי זיך ווידער, הויבען זיך אויף, לויפען און שטעלען זיך נישט אָפּ. דאָסזעלבע איז אויך מיט די רשעים: איינער זעהט די מפלה פונ'ם צווייטען און ער טוט זיך זיינס ווידער מיט דער אייגענער שטאָלצקייט. אַזוי, למשל, האָט זיך נישט אָפּגעלערענט דער דור הפלגה פונ'ם דור המבול, מצרים פונ'ם דור הפלגה.

*

ר' שמעון בן לקיש זאָגט:

— רשעים אפילו אויפ'ן טיהר פון גיהנם ווערען זיי ניט בעסער.

## דערווייטער זיך פונ׳ם רשע·

I

נתאי הארבלי זאָגט:

— דערווייטער זיך פון אַ שלעכטען שכן און בעפריינדע זיך נישט מיט קיין רשע·

II

ר׳ יוחנן זאָגט:

— מע טאָר ניט קוקען אַ רשע אין פנים·

רבי האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יהושע בן קרחה׳ן:

– מיט וואָס האָסטו זוכה געווען צו אַזאַ לאַנג לעבען?

– דיך אַרט וואָס איך לעב? — זאָגט ער·

— רבי מיינער, איך מיין נור צו לערנען פון דיר·

– דאָס איז דערפאַר – ענטפערט ר׳ יהושע בן קרחה — ווייל זינט איך לעב האָב איך ניט געקוקט אַ רשע אין פנים·

*

אַ טובה פון רשעים איז פאַר צדיקים אַ רעה·

---

## דעם רשע׳ס אַן אויג·

״וירא בלק״ – בלק האָט דערזעהן· פיל גלייכער אַז רשעים זאָלען בלינד זיין און ניט זעהן; ווייל זייערע אויגען ברייגנען נור אומגליק דער וועלט· אין דור־המבול האָבען די גרויסע העלדען דערזעהן דעם מענ־שען׳ס טעכטער, איז דערפון אַרויס פאַר אים אַ קללה אויף קינדער און קינדס־קינדער; פרעה׳ס האַרען האָבען דערזעהן שרה׳ן, שכם בן חמור האָט דערזעהן דינה׳ן, יעקב׳ס טאָכטער· און דאָ אַז ״בלק האָט דערזעהן״ איז פון דעם קיין גוטס ניט אַרויסגעקומען·

## ניט פרעה זיך אויפ'ן רשע'ס מפלה.

I

בײַ דער מלחמה פון יהושפט מלך יהודה דערצעהלט זיך, אַז ווען די פעדערשטע טייל פון מיליטער איז אַרויסגעטראָטען געגען דעם שונא און האָט אים שטאַרק צעקלאַפּט, זענען פאָראויס געגאַנגען די משוררים און געזונגען די לויב־ליד: „הודו לה' כי לעולם חסדו" — „לויבט גאָט, דען זיין גנאָד איז אויף אייביג". אויף דעם האָט ר' יונתן בעמערקט אַזוי:

— אין דער לויב־ליד זענען אַרויסגעלאָזט די ווערטער „כי טוב" (ס'איז גוט), ווייל גאָט בּרוך־הוא פרעהט זיך נישט ווען עס קומען־אום מענשען, אפילו רשעים.

דאָסזעלבע האָט ר' יונתן געזאָגט אויך וועגען דער נאַכט, ווען די מצרים, וואָס האָבען נאָכגעיאָגט די יודען, האָבען געהאַט אַ מפלה ביים ים. די מלאכים האָבען זיך געוואָלט צונויפנעהמען און זינגען פאַר גאָט אַ לויב־ליד פאַר דער גרויסער ישועה, האָט זיי גאָט אָפּגעשטעלט. „מיינע בעשעפענעש—האָט ער זיי געזאָגט—טרינקען זיך אין ים, און איר ווילט זינגען שירה!"

II

אַפילו אויף אַ רשע טאָר מען ניט בעטען, ער זאָל צוגענומען ווערען פון דער וועלט, ווען גאָט וואָלט געוועןן צוגענומען תּרח'ן דעם געצענדי־נער פריה פון דער וועלט, וואָלט דער צדיק אברהם אויף דער וועלט ניט געקומען.

---

## די פערפיהרער.

I

ר' שמעון זאָגט:

— די עגיפּטיאַנער האָבען געוואָרפען יודישע קינדער אין וואַסער און די אדומ'ער זענען אַרויס געגען יודען מיט דער שווערד, האָט די תורה פונדעסטוועגען פערבאָטען זייער איינשליסען זיך אין יודען ניט

מעהר ווי ביז דריי דורות. די בּני עמון ומואב אָבער, דערפאַר וואָס זיי האָבּען פערקלערט פערפיהרען יודען אין זינד, האָט דערפאַר די תורה זייער איינשלוס אין יודען פערבאָטען אויף אייביג. אַ בּעווייז, אַז פערפיהרען אַ מענשען איז ערגער ווי אים צו טוידטען; ווייל אַ מערדער בּריינגט־אום דעם מענשען נור פון דער וועלט, און דער פערפיהרער בּריינגט־אום פון דער און פון יענער וועלט.

II

די געצענבּוימער האָט די תורה געהייסען פערבּרענען אין פייער, אויבּ בּוימער, ניט קיין לעבּעדיגע נפשות, אָהן געפיהלען און אָהן פער־שטאַנד, נור ווייל דורך זיי איז אַרויסגעקומען אַ מכשול פאַר מענשען, האָט דעריבּער די תורה אָנגעזאָגט: פערדאַרבּ, פערבּרען, פערניכטען; היינט וואָס קען שוין קומען אַ פערשטאַנדיגען נפש מיט מענשליכע גע־פיהלען, וואָס פערפיהרט זיין גלייכען פון די לעבּענס - וועגען אויף די טויט־וועגען.

די תורה האָט ווידער געהייסען צעשטויסען די אַלטאַרען פון די געצען, מיט וואָס האָבּען זיך פערזינדיגט די העלצער און די שטיינער? ניט מעהר ווייל דורך זיי איז אַרויסגעקומען אַ מכשול פאַר מענשען, האָט דעריבּער די תורה אָנגעזאָגט, מע זאָל זיי צעשטויסען, איז דאָך שוין לייכט צו פערשטעהן: אויבּ שטיינער, אָהן פערדינסט און אָהן שולד, ניט גוטע און ניט שלעכטע, קומט זיי צעשטויסען ווערען, ווייל דורך זיי איז אַרויס אַ מכשול דעם מענשען; היינט וואו קען שוין קומען אַ מענשען אַ בּר־דעת מיט אַ אייגענעם רצון, וואָס בּריינגט יענעם צו זינד און פיהרט אים אַראָפּ פון לעבּענס־וועג אויפ'ן וועג פון טויט.

---

## שלעק פאַר דער וועלט.

ר' יהושע פלעגט זאָגען:

אַ חסיד אַ שוטה, אַ רשע אַ שלויער, אַ פרוי אַ "וצדקתך" און שלעק־פרומאַקעס — זענען ניט מעהר ווי שלעק פאַר דער וועלט.

וועלכער הייסט אַ חסיד אַ שוטה? אַז ער זעהט אַ שטייגער אַ קינד טרינקט זיך אין טייך און ער זאָגט: נאָכדעם וואָס איך וועל אויסטון די תפלין וועל איך אים רעטען, און ביז ער ריהרט זיך די תפלין אויסטון קומט דערווייל דאָס קינד אום; צי למשל, ער זעהט אַ פרוי זינקט אין טייך, קווענקעלט ער זיך זי צו רעטען, ווייל עס פאַסט אים כלומרשט נישט צו קוקען אויף אַ נאַקעטע פרוי; צי אַז ער בעקומט אַ ערשט־צייטיגע פרוכט, וויל ער זיך כלומרשט ניט נאָכגיבען צו פערזוכען עס און זאָגט: דעם ערשטען וואָס איך וועל בעגעגענען וועל איך עס אים אָפּגעבען — אַזעלכער הייסט אַ חסיד אַ שוטה.

וועלכער הייסט אַ רשע אַ שלויער? אַז ער טענה'ט־איין מיט'ן דיין פריהער איידער דער צווייטער בעל־דין קומט.

ר' אבהו זאָגט: דער וואָס גיט אַ רענדעל דעם אָרומאַן, עס זאָל ביי אים דורך דעם ווערען פול די סומע ביז צוויי הונדערט גילדען, און ממילא וועט ער שוין, לויט דעם דין, זיך ניט רעכענען פאַר קיין ארומאַן און מעהר ביי קיינעם ניט טאָרען נעהמען קיין צדקה.

אין נאָמען פון רב ששת זאָגט מען: דער וואָס צילט דערויף אַלעמען צו פלעפען מיט זיינע גענג. רב זריקא זאָגט: דער וואָס פאַר זיך איז ער אַ מקיל [1]) און פאַר יענעם אַ מחמיר [2]).

וועלכע הייסט אַ פרוי אַ „וצדקתך”?—אַ מיידעל, למשל, אַ דאַווענערין צי אַ פאַסטערין, צי אַן אַלמנה אַ גבאיטע, לויפט פון שכן צו שכן אָפּצו־שפּרעכען אַ גוט־אויג וכדומה.

וועלכע הייסען שלעק־פרומאַקעס? זיבענערליי מינים זענען פאַראַן: פרומאַק־שכם'ניק [3]), וואָס טוט אַלץ צוליב אייגענער הנאה; פרומאַק־שטיל־קעצעלע, וואָס געהט מיט קליינע שטילע טרעטעלעך; פרומאַק־קאָפּ־אין־וואַנט, געהט תמיד אַרום מיט פערמאַכטע אויגען און שלאָגט זיך אָן אַלע מאָל מיט'ן שטערען אין אַ וואַנט; פרומאַק־אויבערשטייסעל, געהט כסדר איינגעבויגען מיט אַ אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ ווי דאָס אויבערשטע פון שטייסעל; פרומאַק־וואָס־נאָך־מוז־איך־טון? פרומאַק אויס ליבע כלומרשט צו גאָט; פרומאַק אויס כלומרשט גאָטספאָרכטיגקייט.

---

[1]) מאַכט זיך גרינג, בנוגע צו זיין אויפפיהרעכטס. [2]) אַ שטרענגער. [3]) ווי אַמאָל שכם בן חמור, וואָס האָט אָנגענו:ען יודישקייט צוליב דינה.

דער קעניג ינאי פלעגט זאָגען זיין פרוי:

שרעק זיך נישט, ניט פאַר פּרושים [1]) און ניט פאַר די ניט־פּרושים, נאָר פאַר די צבוע׳קעס, וואָס טוען אָפּ מעשים ווי זמרי און פערלאַנגען לוין ווי פינחס.

---

## תשובה טון.

I

מ׳האָט געפרעגט ביי דער חכמה: אַ זינדיגער — וואָס פאַר אַ שטראָף קומט אים?

— „די זינדיגע זאָל דאָס שלעכטס פערפאָלגען״ [2]) — האָט זי געענטפערט.

האָט מען געפרעגט דאָסזעלבע ביי דער נבואה.

— „די זינדיגע זעל זאָל שטאַרבען״ [3]) — האָט זי געענטפערט

פרעגט מען דאָס זעלבע ביי דער תּורה.

— דער זינדיגער זאָל ברייגגען אַ שולדאָפּפער, וועט ער ריין ווערען — האָט זי געענטפערט:

פרעגט מען ביי גאָט.

— זאָל ער תּשובה טון! — האָט גאָט געענטפערט.

II

אין שכנות מיט ר׳ מאיר׳ן האָבען געוואוינט הולטייעס, פלעגען זיי אים אָנטון גרויסע ליידען. ס׳איז אים אַזוי פערגאַנגען, אַז ער האָט אָנגעהויבען צו בעטען גאָט, זיי זאָלען שטאַרבען. האָט עס דערהערט זיין ווייב ברוריה, זאָגט זי אים:

— ווי פאַלט דיר עס אויס? אַ פּנים דו שטעלסט דערויף וואָס דער משורר אין תּהלים האָט אויך געבעטען: „יתמו חטאים״ — עס זאָלען

---

[1]) מענשען פון דער גרעסטער פאָלקס־פאַרטיי אין דער צייט פון בית שני. [2]) אַ פסוק אין משלי, דאָס בוך פון חכמה. [3]) אַ פּסוק אין ספר פונ׳ם נביא יחזקאל.

אומקומען די חטאים, "ורשעים עוד אינם" — און רשעים זאָלען מעהר ניט זיין. דער מיין איז אָבער אַזוי: ניט די זינדיגע, נאָר די זינד זאָלען אומ־קומען, ווען שוין רשעים ממילא מעהר ניט זיין. גלייכער בעט גאָט ער זאָל זיי אַריינשיקען אַ זינען, זיי זאָלען בעסער ווערען, ווען די רשעים מעהר ניט זיין.

האָט ר׳ מאיר אַזוי געטון, געבעטען גאָט און זיי האָבען תשובה געטון.

III

אין שכנות מיט ר׳ זירא׳ן האָבען געוואוינט הולטייעס. פלעג זיי ר׳ זירא מקרב זיין, כדי ער זאָל אויף זיי ווירקען אויף וויפיל ס׳איז אויסבע־סערען זיי. האָבען די איבעריגע חכמים דערפאַר געהאַט אויף אים פערדרוס. אַז ר׳ זירא איז געשטאָרבען האָבען זיינע שכנים די הולטייעס זיך פערקלערט: ביז היינט — האָבען זיי געזאָגט — איז דער קליינטשקער [1]) געווען דער איינצי־גער וואָס האָט אונז נישט אָפגעשטויסען און פאַר אונז גאָט געבעטען; איצט ווער וועט זיך פאַר אונז איינשטעלען. האָבען זיי זיך גענומען צום האַרצען און פון דעמאָלט אָן געוואָרען לייטישע מענשען.

---

# אַ טאָג פאַר׳ן טויט.

ר׳ אליעזר זאָגט:

— טו תשובה אַ טאָג פאַר׳ן טויט.

פרעגען אים די תלמידים: ווייסט דען אַ מענש דעם טאָג פון זיין טויט?

— אַדרבה — ענטפערט ער זיי — זאָל דער מענש טאַקי היינט תשובה טון, טאָמער וועט ער מאָרגען שטאַרבען, וועט ער ממילא אַלע זיינע טעג תשובה טון.

דאָסזעלבע האָט שלמה המלך געזאָגט: אין יעדער צייט זאָלען זיין דיינע קליידער וויס און בוימעל אויף דיין קאָפ זאָל ניט פעהלען.

---

[1]) ר׳ זירא איז געווען קליין אין וואוקס.

ר׳ יוחנן בן זכאי האָט אויף דעם געזאָגט אַ משל:

— אַ קעניג האָט אַמאָל איינגעלאַדען זיינע קנעכט צו זיך אויף אַ מאָלצייט און קיין צייט ניט בעשטימט. די קליגערע פון זיי האָבען זיך אויסגעפּוצט און געזעסען גרייט ביים קעניגליכען פּאַלאַץ; זיי האָבען פערשטאַנען, אַז אין קעניגליכען הויז קען גאָרנישט אויספעהלען. די נאַרישע זענען זיך אַוועקגעגאַנגען יעדער צו זיין בעשעפטיגונג, זיי האָבען געטראַכט: אַ מאָלצייט קומט ניט אָן אַזוי גרינג, ס׳מוז געדויערען. פּלוצלינג האָט דער קעניג אויפגעפאָדערט די קנעכט זיי זאָלען באַלד קומען. די קליגערע זענען באַלד אַריין פיין אויסגעפּוצטע; די נאַרישע אָבער זענען געקומען אויסגעשמירטע. איז דער קעניג העכסט צופרידען געבליבען מיט די קלוגע און שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרען אויף די נאַרישע. האָט ער בעפוילען: די וואָס האָבען זיך צום מאָלצייט צוגעגרייט זאָלען זיך זעצען עסען און טרינקען, און די וואָס זענען ניט גרייט געווען זאָלען שטעהן און צוקוקען.

— דאָס וואָלט זיי נאָך אַזוי ניט געאַרט — האָט מען אויף דעם געזאָגט אין ר׳ מאיר׳ס נאָמען — זיי וואָלטען אויסגעזעהן ווי בעדינער ביים מאָלצייט; ווי דען? סיי די סיי יענע וועלען זיצען ביים טיש, די וועלען עסען און יענע וועלען הונגערען, די וועלען טרינקען און יענע דאָרשטיג בלייבען, ווי דער פסוק זאָגט:

אַזוי זאָגט גאָט:
מיינע קנעכט וועלען עסען
און איר וועט הונגערען;
מיינע קנעכט וועלען טרינקען
און איר וועט דאָרשטען.
מיינע קנעכט וועלען זינגען פאַר וואוילטאָג
און איר וועט שרייען פון האַרצווייטאָג.

---

## פון פאָרהויז אין זאַל.

I

ר׳ יעקב זאָגט:

— די וועלט איז ווי אַ פאָרהויז צי׳ יענער וועלט; גרייט זיך צו אין פאָרהויז, כדי זאָלסט ווי געהעריג אַריינקומען אין זאַל.

דערזעלבער פלעגט זאָגען:

— בעסער איין ווײַלע תשובה און גוטע מעשים אויף דער וועלט פון דער גאַנצער יענער וועלט; און בעסער איין ווײַלע פון צופרידענהייט אויף יענער וועלט פון דעם גאַנצען עולם־הזה.

II

„דאָס פערדאָרבענע לאָזט זיך ניט פערריכטען און אַ פעהלער לאָזט זיך נישט אויסבעסער׳ען״ — אַזוי זאָגט קהלת. אויף דער וועלט איז עס נאָך מעגליך, אויף יענער וועלט אָבער איז פערפאַלען.

עס לעבען זיך, אַ שטייגער, אויף דער וועלט צוויי חברים, ביידע גלייך געזונדיגט; איינער פון זיי אָבער האָט פערחאַפּט פאַר׳ן טויט און תשובה געטון, און דער אַנדערער איז געשטאָרבען אָהן תשובה. קומען זיי ביידע אויף יענער וועלט. לאָזט זיך אויס אַז דער ערשטער געפונט זיך אין געזעלשאַפט פון צדיקים, און דער אַנדערער צווישען רשעים. דערזעהן זיין חבר צווישען צדיקים, שרייט יענער אויס: וועה איז מיר! דאָ איז אויף פאַראַן משא־פנים [1]? איך מיט דעם דאָזיגען האָבען מיר ביידע צוזאַמען גע׳גנב׳ט, צוזאַמען גע׳גזל׳ט, צוזאַמען איבערגעטון אַלע שלעכטע מעשים אין דער וועלט. צום סוף איז ער אַריין אין געזעלשאַפט פון צדיקים, און איך צווישען רשעים.

— נאַר איינער! — ענטפערט מען אים דערויף — ווייסטו דען ניט אַז דיין חבר האָט תשובה געטון?

— לאָזט מיך, געה איך באַלד און טו תשובה.

— נאַר איינער! ווייסטו דען ניט, אַז מע גרייט זיך ניט צו ערב־שבת האָט מען נישט וואָס צו עסען שבת; אַז מע גרייט זיך ניט צו אויף דער יבשה האָט מען נישט וואָס צו עסען אין מדבר; און אַז מען אַקערט ניט און מען זייעט ניט און מע שניידט ניט אין זומער האָט מען ניט וואָס צו עסען ווינטער. אַזוי אויך דער וואָס האָט זיך ניט פריהער צוגעגרייט דאָרט, אויף דער וועלט, פון וועלכער דו ביסט געקומען, האָט ניט וואָס צוגעניסען דא אויף דער וועלט. דערהערט דאָס בלייבט דעם רשע איבער, נור צו קריצען מיט די ציין און אויפפרעסען זיך אַליין.

---

1) שוינען איינעם צוליב זייטיגע פּניות.

III

הלל פלעגט זאָגען:

— אויב ניט איך אַליין פאַר זיך — ווער דען פאַר מיר? און ווען איך נור פאַר זיך — וואָס בין איך? און אויב ניט איצט — ווען דען?

---

## פאַר'ן פאָטער אין הימעל.

אַז ירמיה האָט גערופען דאָס פאָלק צו תשובה, האָבען זיי אים געזאָגט:

— לעהרער אונזערער, מיט וואָס פאַר אַ פנים וועלען מיר קומען פאַר גאָט? וועניג האָבען מיר אים דערצערנט? ווינציג האָבען מיר אים דערווידער געטון? זענען דען פערשווינדען פון דער וועלט די בערג און טהאָלען, וואו מיר האָבען עבודה־זרה געדינט?

געהט ירמיה און גיט־איבער די ווערטער פאַר גאָט.

— געה זאָג זיי — רופט זיך אָן גאָט — אַז איר קומט צו מיר, קומט איר דען פאַר אַ פרעמדען, ניט פאַר אייער פאָטער אין הימעל?

---

## "עפענט מיר".

"עפען מיר, שוועסטער מיינע" — בעט זיך דער פריינד ביי זיין בעגעהרטער אין שיר השירים — עפענט מיר, קינדער מיינע, בעט זיך גאָט ביי יודען — אַ קליין טהירעלע פון תשובה עפענט מיר, ווי אַ שפילקע קעפעל די גרויס, וועל איך שוין פאַר אייך עפענען טיהרען ברייטע און גרויסע, וואוהין מע וועט קענען מיט וועגען און פיהרען אריינפאָהרען.

---

## נעפט און באַלזאַם.

ר' שמעון בן לקיש פלעגט זאָגען:

— קומט איינער זיך פעראומרייניגען, עפענט מען אים; קומט איינער זיך רייניגען, העלפט מען אים.

דערויף האָט איינער פון ר׳ ישמעאל׳ס שולע אַזאַ ביישפּיל געגעבען: איינער וואָס האָט צו פערקויפען נעפט און באַלזאַם. קומט עמיצער קויפען נעפט, זאָגט אים דער קרעמער: מעסט זיך אַליין אָן; קומט איינער קויפען באַלזאַם, זאָגט יענער אים: וואַרט, איך וועל דיר העלפען מעסטען, וועלען מיר זיך צוזאַמען אָננעהמען אַ גוטען ריח.

---

# דער כח פון תשובה.

I

רבנו הקדוש האָט געזאָגט אין דער דרשה:

— גרויס איז דער כח פון תשובה. גענוג אַז דער מענש פערטראַכט נור צו טון תשובה, הויבט זי זיך גלייך אויף, שניידט דורך אַלע זיבען הימלען און בלייבט שטעהן פאַר׳ן כסא־הכבוד.

אין נאָמען פון יהודה נשיאה ווערט געזאָגט:

— פערשטעלט פאַר די מלאכים, וואָס אַרום זיין כסא הכבוד, פון אונ־טער זייערע פליגלען אַרויס, שטרעקט־אויס גאָט זיין האַנד אויפצונעהמען די בעלי־תשובה, כדי אויסצומיידען די מדת־הדין.

אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי ווערט געזאָגט:

— אפילו מנשה, דער גרויסער זינדיגער, בשעת ער האָט תשובה געטון, האָט גאָט פאַר זיין תפלה געמאַכט אין הימעל אונטער דעם כסא הכבוד אַ מין אונטערגראָבען, דורך וואַנען די תשובה האָט זיך דורכגע־שפּאַרט און צו אים אַרויפגעשטיגען, אויסגעמיטען די מדת־הדין.

II

ר׳ חמא בר חנינא זאָגט:

— וויכטיג איז תשובה: זי ברייננט אַ רפואה דער קראַנקער זינדיגער וועלט.

ר׳ יוחנן זאָגט:

— וויכטיג איז תשובה: זי ברייננט אַן אויסלעזונג דער וועלט.

ריש־לקיש זאָגט:

— וויכטיג איז תשובה: זי צעררייסט דעם גרייטען גזר־דין פון מענשען.

ווען אַפילו דער גזר־דין איז שוין גע׳חתמ׳עט האַלט זי אָפּ די שטראָף.

ר׳ יונתן זאָגט:

— וויכטיג איז תשובה: זי פערוואַנדעלט מיטווילּיגקייטען אין אומגערענדיגע פעהלער.

## װעלכער הייסט אַ בעל־תשובה?

װעלכער הייסט אַ בעל־תשובה? לויט רב יהודה׳ס מיינונג איז דער פערערכענט פאַר אַ בעל־תשובה, װעמען ס׳איז געקומען צו דער האַנד עפּיס אַן עבירה איינמאָל און צווייםאָל און ער האָט זיך אָפּגעהאַלטען.

## פיר אַרטען זינד־פערגעבען.

ר׳ מתיא בן חרש האָט געפרעגט ביי ר׳ אלעזר בן עזריה אין רוים:

— קענסטו מיר ניט איבערגעבען די פיר פערשידענע אַרטען פון פערגיבען דעם מענשענס זינד, װעלכע ר׳ שמואל האָט ערקלערט אין זיינער אַ דרשה?

— יאָ — האָט אים ר׳ אלעזר בן עזריה געענטפערט — אויף דריי פון זיי האָט תשובה אַ װירקונג, אויף איינעם ניט. האָט עמיצער איבער־געטראָטען אַ געבאָט און האָט דערנאָך אויף דעם באַלד תשובה געטון, איז מען אים באַלד מוחל; האָט ער איבערגעטראָטען אַ פערבאָט און תשובה געטון — בלייבט די זינד הענגען און יום־כפור איז מכפר; איז דער מענש בעגאַנגען אַ שווערען פערברעכען פאַר װעלכען עס קומט כרת, אָפּגעשניטענע יאָר, אָדער טויט־שטראָף, און ער האָט תשובה געטון, איז סיי די תשובה סיי יום־כפור לאָזען די זינד הייגען, און שווערע ליידען לייטערען־אויס. װער עס האָט אָבער בעגאַנגען אַ זינד פון חלול השם, איז נישט תשובה אין שטאַנד צו לאָזען די זינד הענגען און ניט יום־כפור צו פערגעבען און ניט ליידען צו לייטערען, נאָר דער טויט אַליין האָט בכח דעם זינדיגען אויסצוליי־טערען.

## בעלי־תשובה.

אין נאָמען פון ר׳ יוחנן האָט מען געזאָגט:

— דאָס שפּעטערדיגע גליק, וועלכע די נביאים האָבען פּאָראויסגעזעהן, איז נור פאַר בעלי־תשובה; דאָס צוגעגרייטע אָבער פאַר עכטע צדיקים האָט „קיין אויג ניט געזעהן, אויסער דיר גאָט אַליין״.

ר׳ אבהו זאָגט:

דאָס פּלאַץ וואו בעלי־תשובה שטעהען, קענען אַפילו קיין עכטע צדיקים ניט פערנעהמען.

---

## אייביג לעבען פערדינט אין איין ווײלע.

אויף אליעזר בן דורדיא דערצעהלט מען, אַז ער האָט ניט דורכגעלאָזט אויף דער וועלט קיין איין אויסגעלאַסענע פרוי, ער זאָל זיך מיט איר ניט צונויפקומען. איינמאָל האָט ער געהערט, אַז ערגעץ ווייט אין אַ גרויסער שטאָדט געפונט זיך איינע זעהר אַ שענע פרוי, וואָס נעהמט פאַר אַ בעזוך אַ גאַנצען בייטעל געלד. נעהמט ער מיט זיך אַ בייטעל געלד און לאָזט זיך אַוועק צו יענער פרוי. שניידט דורך צוליב איר זיבען טייכען, ביז ער האָט זיך צו איר דערשלאָגען. אינמיטען פערווײלען מיט אים גיט זי אַ בלאָז און צעלאַכט זיך:

— ביזט שוין אַ פערפאַלענער! — זאָגט זי — אָט ווי דער בלאָז איז אַוועק און קומט ניט צוריק, אַזוי איז שוין פאַר אליעזר בן דורדיא ניטאָ קיין וועג צוריק.

די ווערטער האָבען אים געטראָפען אין האַרצען. אָהן אַ קאָפּ איז ער אַוועק פון איר, זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ צערודערטער און האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפונען. געקומען צווישען בערג און היגלען, זעצט ער זיך אַנידער און זאָגט אַזוי:

— בערג און היגלען, בעט רחמים פאַר מיר!

ענטפערען זיי אים: איידער בעטען פאַר דיר, אַ מעהר וועלען מיר בעטען פאַר זיך אַליין, ווייל אויך

„די בערג וועלען אויסגעריסען ווערען
און די היגלען וועלען איינפאַלען״.

ווענדעט ער זיך צו הימעל און ערד:

— הימעל און ערד, בעט רחמים פאַר מיר!

ענטפערען זיי אים: איידער בעטען פאַר דיר, אַ מעהר וועלען מיר בעטען פאַר זיך אַליין, ווייל אויך

„די הימלען וועלען ווי רויך צערינען ווערען
און די ערד ווי אַ קלייד וועט ווערען פערפוילט".

ווענדעט ער זיך צו זון און לבנה:

— זון און לבנה, בעט רחמים פאַר מיר!

ענטפערען זיי אים: איידער בעטען פאַר דיר, אַ מעהר וועלען מיר בעטען פאַר זיך אַליין, ווייל אויך

„די לבנה וועט ווערען בלאַס
און די זון וועט פערשעמט ווערען".

ווענדעט ער זיך צו די שטערען און פלאַנעטען:

— שטערען און פלאַנעטען, בעט רחמים פאַר מיר!

ענטפערן זיי אים: איידער בעטען פאַר דיר, אַ מעהר וועלען מיר בעטען פאַר זיך אַליין, ווייל אויך

„צעקראַכען וועט ווערען
דאָס גאַנצע הימעל הערשאַפט".

בלייבט ער זיצען מיט אַ אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ: הייסט עס, עס געווענדעט זיך ניט אין קיינעם נאָר אין מיר אַליין. האָט ער פערבויגען טיף דעם קאָפּ צווישען די קניע און האָט אַזוי לאַנג, אַזוי ביטער געיאָמערט ביז די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען.

איז אַ בת־קול אַרויס און אויסגערופען:

— ר׳ אליעזר בן דורדיא איז גרייט צום אייביגען לעבען.

ווען די מעשה איז אָנגעקומען צו רבי׳ן האָט ער זיך צעוויינט און געזאָגט:

— אַן אַנדערער פערדינט זיין אייביגע וועלט דורך מיה פון לאַנגע יאָרען און איינער — אין אַ קליינער ווײַלע!

און נאָך האָט רבי געזאָגט דערויף:

— ניט גענוג וואָס אַ בעל־תשובה ווערט אויפגענומען, קרוינט מען אים נאָך מיט׳ן נאָמען רבי!

# טובל׳ן זיך מיט אַ שרץ אין האַנד·

רב אדא בר אהבה זאָגט:

— אַז איינער בעגעהט אַ זינד און איז זיך דערויף מתודה׳ און האַלט זיך דערנאָך פון איר ניט אָפּ׳ איז גלייך צו איינעם וואָס האַלט אַ שרץ אין האַנד און טובל׳ט זיך אָפּ אפילו אין אַלע ימים פון דער וועלט׳ העלפט עס אים ניט· ווארפט ער אָבער אַוועק דעם שרץ׳ איז גענוג פאַר אים ער זאָל זיך טובל זיין אין אַ מקוה׳ ווערט ער באלד ריין׳ ווי דער פסוק אין משלי זאָגט: „דער וואָס איז זיך מודה און פערלאָזט—ווערט ער געשוינט״·

זאָגט איינער: איך וועל זינדיגען און תשובה טון׳ זינדיגען און תשובה טון — דערלאָזט מען אים ניט צו תשובה·

---

# פערגרינגערען דעם בעל־תשובה·

I

ווען איינער רויבט אַוועק ביי איינעם אַ באַלקען און בויעט אים איין אין אַ פּאַלאַץ׳ זאָגען די בית־שמאי: ער מוז צעוואַרפען דעם גאַנצען פּאַלאַץ און דעם באַלקען צוריקקעהרען דעם אייגענטימער· בית־הלל זאָגען: גענוג ער זאָל בעצאָהלען דעם אייגענטימער די ווערטה פונ׳ם באַלקען: מע דאַרף צו פערגרינגערען דעם בעל־תשובה·

II

געווען איינער וואָס האָט געוואָלט תשובה טון׳ זאָגט אים דאָס ווייב: בהמה׳ אויב דו נעהמסט זיך תשובה טון׳ וועסטו דאַרפען אויסטון פון זיך אפילו דעם גאַרטעל וואָס דו טראָגסט· און דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטען פון תשובה·

און צוליב דעם האָבען די חכמים מתקן געווען: גזלנים און פּראָצענטניקעס וואָס ווילען תשובה טון׳—זאָל מען ביי זיי ניט צוריקנעהמען דאָס אָנגערויבטע; און דער וואָס נעהמט יאָ אָפּ צוריק׳ בלייבען די חכמים פון אים ניט צופרידען·

אין אַלע צייטען זאָל מען אַ זינדיגען מענשען מיט דער לינקער האַנד אָפּשטויסען און מיט דער רעכטער האַנד מקרב זיין.

---

## מיט די תּלמידים צוזאַמען.

ווער עס ברייננט אַ רבים צו גוטס, קומט דורך אים קיינמאָל קיין זינד ניט אַרויס, כדי עס זאָל ניט אויסקומען, ער זאָל זיין אין גיהנם און זיינע תּלמידים אין גן־עדן; ווער, פערקעהרט, ברענגט אַ רבים צו זינד, דערלאָזט מען אים קיינמאָל צו תּשובה, כדי עס זאָל ניט אויסקומען, ער זאָל זיין אין גן־עדן און זיינע תּלמידים אין גיהנם.

# שכר און עונש (לוין און שטראָף).

## ניט צוליב לוין.

אַנטיגנוס איש סוכו פלעגט זאָגען:

— זייט נישט ווי קנעכט, וואָס דינען דעם האַר צוליב בעקומען לוין; נאָר זייט ווי קנעכט וואָס דינען דעם האַר ניט צוליב בעקומען לוין.

האָט אַנטיגנוס געהאַט צוויי תלמידים, וואָס פלעגען לערנען זיינע ווערטער און איינלערנען זיי מיט תלמידים און די תלמידים מיט זייערע תלמידים. האָבען די שפּעטערדיגע תלמידים גענומען זיך איינטראַכטען אין די ווערטער, „ווי קומט עס — האָבען זיי געזאָגט — אונזערע לעהרער זאָלען אַזוינס זאָגען? איז דען רעכט, אַז אַן אַרבייטער זאָל אָפּאַרבייטען אַ גאַנצען טאָג און זאָל פאַרנאַכט ניט בעקומען זיין לוין? נאָר מסתמא אונ־זערע לעהרער זאָלען וויסען, אַז ס'איז פאַראַן אַן אַנדער וועלט און אַז עס וועט זיין תחית־המתים, וואָלטען זיי אַזוי ניט געזאָגט". דאָס האָט זיי געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבען בעשלאָסען אָפּטיילען זיך פון דער תורה— און פון יענע זענען אַרויסגעקומען צוויי אָפּגעפּאַלענע סעקטען: צדוקים און ביתוסים, נאָכ'ן נאָמען פון די צוויי עלטערן פון צוויי פאַמיליען כהנים, צדוק אין ביתוס, די ערשטע וואָס זענען זיך צעגאַנגען מיט די פרושים. ביי אַזעלכע מיינונגען, פלעגען די אַלע, וואָס האָבען געקעהרט צו די דאָזיגע סעקטען, זיך בעמיהען וואָס מעהר געניסען אויף דער וועלט, זיך אויפפיה־רען ווי נור מעגליך ברייטער און רייכער, און לעבען פרעהליך און לייכט־

זיניג אַ גוטען טאָג· „די פּרושים — פלעגען זיי זאָגען — האַלטען זיך אין זייער דרך· אָפּצוקומען אַלע זייערע יאָרען — האָבען זיי גאָר נישט· ניט די וועלט ניט יענע וועלט״·

---

# אַלעס ווערט אָפּגעצאָהלט·

I

ר׳ עקיבא פלעגט זאָגען:

— אַלעס איז פאָראויסגעזעהן און די פרייהייט איז דאָך געגעבען [1] און די וועלט ווערט געריכטעט מיט גוטען· און אַלעס לויט די מערהייט טהאַטען [2]·

ער פלעגט נאָך זאָגען:

— אַלעס ווערט איינגעלעגט אַלס משכון· און אַ נעץ איז פאַרשפּרייט פאַר אַלע לעבעדיגע· די קראָם איז אָפען· דער קרעמער גיט אויף באָרג· דאָס בוך איז אָפען און די האַנד פערשרייבט· און ווער עס וויל באָרגען· זאָל קומען און באָרגען· און די אויפמאָהנער געהען שטענדיג טאָג־טעגליך אַרום און רעכענען זיך אָפּ מיט׳ן מענשען· סיי ער ווייסט דערפון סיי ניין· און זיי האָבען אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרען· און דער משפּט איז אַ ריכטי־גער· און אַלעס איז גרייט צום מאַל־צייט·

II

ר׳ אלעזר זאָגט:

— ווייס פאַר וועמען דו בעמיהסט זיך און ווער האָט די אַרבייט ביי דיר בעשטעלט· דען ער וועט דיר אָפּצאָהלען לוין פאַר דיין מיה·

ר׳ טרפון זאָגט:

דער טאָג איז קורץ· די אַרבייט איז פיל· די אַרבייטער זענען פויל· די לוין איז גרויס און דער בעל־הבית דרענגט·

---

1) גאָט זעהט אַלעס פאָראויס· און דאָך בלייבט דער מענש פריי אין זיינע מעשים·
2) גאָט איז אין זיין משפּט ניט איבעריג שטרענג· און אויב די וועלט פערמאָגט דאָס רוב גוטע מעשים· וועגט דאָס איבער·

III

ער פלעגט זאָגען:

— ניט דו מוזט די מלאכה פערענדיגען, ביזט אָבער אויך ניט פריי זי אָפּשטעלען; האָסטו געלערנט פיל תורה וועסטו בעקומען פיל לוין; און דער וואָס האָט די אַרבייט ביי דיר בעשטעלט איז בעגלויבט אַז ער וועט דיר אָפּצאָהלען לוין פאַר דיין מיה, און ווייס אַז די לוין פון די צדיקים איז אויף דער קומענדיגער צייט.

---

## דריי זאַכען.

I

עקביא בן מהללאל זאָגט:

— טראַכט זיך איין אין דריי זאַכען וועסטו ניט קומען צו קיין פערברעכען: ווייס פון וואַנען ביזטו געקומען? און וואוהין געהסטו? און פאַר וועמען דיר שטעהט־פאָר אָפּצוגעבען רעכנונג? — פון וואַנען ביזט געקומען? — פון אַ פערשטינקענעם טראָפּען, וואוהין געהסטו — אין אַן אָרט פון שטויב און ווערים; און פאַר וועמען שטעהט דיר פאָר אָבצוגעבען חשבון? — פאַר׳ן קעניג איבער אַלע קעניגען, גאָט ברוך־הוא.

II

רבי זאָגט:

— טראַכט זיך איין אין דריי זאַכען וועסטו ניט קומען צו קיין פערברעכען: ווייס וואָס איבער דיר? — אַ אויג וואָס זעהט, אַ אויער וואָס הערט, און אַלע דיינע טהאַטען ווערען פערשריבען אין בוך.

*

בן־עזאי זאָגט:

— די לוין פאַר אַ מצוה — איז די מצוה אַליין, די שטראָף פאַר אַן עבירה — איז די עבירה אַליין.

# לוין פאַר גרינגע און האַרבע מצוות.

I

רבי זאָגט:

— זיי געוואָרענט מיט אַ גרינגער מצוה ווי מיט אַ האַרבער, ווייל דו קענסט ניט וויסען די לוין פאַר די מצוות. און בערעכען דעם שאָדען פון דער מצוה גענגען איר ריוח, און דעם ריוח פון דער עבירה גענגען איר שאָדען.

II

ר׳ חיא האָט געלערענט:

פאַר וואָס האָט גאָט פאַר יודען אין דער תורה ניט ענטדעקט די לוין פון יעדער מצוה? דאָס קען מען ערקלערען מיט אַזאַ משל: אַ קעניג האָט געלאָזט פלאַנצען פאַר זיך אַ גאָרטען, האָט ער געבראַכט אַרבייטער און האָט זיי פאָראויס ניט אויסגעזאָגט די לוין וואָס זיי וועלען בעקומען פאַר פערשידענע פלאַנצונגען, כדי זיי זאָלען די גאַנצע צייט זיך ניט אָפּ־געבען נור מיט יענע פלאַנצונגען, פאַר וועלכע מע בעקומט מעהר לוין, און דורך דעם וועט דער גאָרטען ניט אַרויסקומען אַזוי שען און גאַנץ, ווי דער קעניג האָט פערטראַכט. דאָסזעלבע איז אויך מיט דער „תורה״: ווען גאָט וואָלט פריהער ענטדעקען די לוין פון יעדער מצוה, וואָלטען יודען זיך נור געהאַלטען פאַר יענע מצוות, וואָס די לוין זייערע איז גרויס און וואָלטען פערנאַכלעסיגט די איבעריגע. דורך דעם וואָלט די תורה ניט אינגאַנצען אויסגעפיהלט געוואָרען לויט דעם רצון פון גאָט ברוך־הוא.

III

ר׳ שמעון בן יוחאי האָט געלערנט:

— פאַר צוויי מצות האָט גאָט ברוך־הוא יאָ ענטדעקט די לוין אין דער תורה, איינע גאָר פון די גרינגסטע: ניט צונעהמען די מוטער פון די נעסט־פייגעליך; און איינע פון די האַרבסטע: עהרליך האַלטען עלטערן און פאַרביידע ווערט צוגעזאָגט אַ גלייכער לוין: לאַנג לעבען.

*

בן הא הא זאָגט:

— לויט דער מיה די לוין.

# היינט און מאָרגען·

I

— „אָבהיטען זאָלסטו די געבאָטען· וועלכע איך זאָג דיר אָן היינט צו טון זיי״—זאָגט די תּורה· אויף דעם זאָגט ר׳ יהושע בן לוי: „היינט צו טון״ אָבער ניט מאָרגען· אויף יענער וועלט; „היינט צו טון זיי״ אָבער ניט היינט· אויף דער וועלט· צו בעקומען לוין·

II

ר׳ יעקב זאָגט:

— ניטאָ איין געבאָט אין דער תּורה· ביי וועלכעס עס שטעהט אַרויסגעשטעלט די לוין· עס זאָל ניט ווייזען אויף תחית המתים: ביי עהרליך האַלטען עלטערן שטעהט: „דערפאַר וועסטו האָבען לאַנגע יאָר און עס וועט דיר וואויל זיין״ און ביי אַוועקשיקען די מוטער פון דער נעסט שטעהט אויך דאָס זעלבע· היינט אַז איינעם האָט דער פאָטער געהייסען: געה אַרויף אויפ׳ן דאַך און ברייננ מיר פון דאָרט טייבעלעך· פאָלגט ער דעם פאָטער· געהט־אַרויף אויפ׳ן דאַך און לאָזט־אָפּ· ווי די תּורה הייסט· די מוטער פון די טייבעלעך און נעהמט־צו די קינדערלאַך· און צוריקוועגס· נאָכדעם וואָס ער האָט געטון ביידע געבאָטען· פאַלט ער אַראָפּ און ווערט גע׳הרג׳עט· — וואו איז דאָס וואויל פון דעם און וואו זענען די לאַנגע יאָר זיינע? ניט אַנדערש אַז די לאַנגע יאָרען מיינט מען אויף יענער וועלט· וואו דאָס לעבען איז אונענדליך· און דאָס וואויל זיין איז אויך אויף יענער וועלט· וואָס זי איז לויטער וואויל·

---

# צוויי וועגען·

„זעה· איך לעג אייך היינט פאַר די ברכה און די קללה; די ברכה—אויב איר וועט פאָלגען··· און די קללה—אויב איר וועט ניט פאָלגען״ — אט דאָס וואָס משה האָט געוואָרענט די יודען· קען מען גלייכען צו איינעם אַ געניטען· וואָס איז געזעסען אויף אַ שיידע־וועג· וואו צוויי וועגען צע־טיילען זיך: איין וועג איז אין אָנהויב פערוואַקסען מיט דערנער· צום סוף אָבער איז ער גלייך און גלאַט; דער צווייטער· פערקעהרט: הייבט זיך אָן

גלייך און גלאַט און ענדיגט זיך מיט דערנער. פלעגט דער געניטער וואָ־רענען אַלע דורכגעהער און זיי ראַטען: זעהט איר דעם וועג?—קוקט ניט וואָס ער הויבט זיך אָן מיט דערנער, פאָלגט מיך און געהט מיט אים, ווייל דערנאָך איז ער גלייך און גלאַט. אַ קלוגער פאָלגט און לאָזט זיך אויף־דעם וועג, מיהט זיך איין אַביסעל, אָבער דערנאָך געהט ער בשלום און קומט בשלום. די אָבער וואָס פאָלגען נישט, לאָזען זיך געהן מיט דעם אַנדערען וועג, פאַלען זיי צום סוף אַריין.

אַזוי אויך האָט משה געוואָרענט די יודען: איר האָט פאַר אייך צוויי וועגען, פון לעבען און טויט, פון ברכה און קללה; זאָלסטו אויסוועה־לען דאָס לעבען.

---

## דרייערליי מענשען.

ר׳ איבו האָט געזאָגט:

— מענשען זענען פאַראַן דרייערליי. אַ טייל זאָגען: כדאי געבוירען ווערען נור צוליב דעם אַליין, אָנצוקוקען די שענע גאָט׳ס וועלט, דעם בלאָהען הימעל, די ליכטיגע זון, לבנה און שטערען, דאָס אַליין איז אַ גאַנץ געניגע לוין פאַר דעם מענשען. צווייטע זאָגען: וואָס דו, רבונו של עולם, האָסט אונז צו געבען, גיב עס ניט איצט, נאָר אויף יענער וועלט. דריטע, פוילע אַרבייטער, זאָגען: גיב אונז אָפּ איצט אַלעס, וואָס עס קומט אונז און די עלטערען אונזערע.

---

## פאָראויס אָפּגעצאָהלט.

„אויפ׳ן הויכען באַרג געה הויב זיך אויף...
הויב אויף מיט קראַפט דיין שטימע...
זיין לוין איז שוין מיט אים
און זיין פערדינסט פאָראויס״. —

אויף די ווערטער פונ׳ם נביא האָט ירמיה בר׳ אליעזר אין זיין דרשה געזאָגט אַזוי:

— אַ קלינגענדיגער בת־קול וועט זיך לאָזען הערען אויף די שפּיץ־בערג מיט אַן אויסרוף:

— ווער ס'האָט פערדינסטען פאַר גאָט זאָל ער קומען אָפּנעהמען זיין לוין.

וועט זיך דערויף אָפּרופען דער רוח־הקודש מיט די ווערטער פון איוב: „ווער האָט זיך פאַר מיר געפעדערט, איך זאָל אים דאַרפען בע־לוינען?" — האָב איך דען נישט בעלוינט פריהער דעם מענשען נאָך איידער ער טוט עפּיס פאַר מיר? ווער זינגט מיר לויב־לידער, איידער איך האָב אים געגעבען אַ נשמה? ווער איז מקיים די מצוה פון מילה, איידער איך האָב אים געשענקט אַ בן־זכר? ווער מאַכט, לויט'ן געבאָט, אַ געלענדער אַרום אַ דאַך, איידער איך האָב אים אַ הויז געגעבען? אַ מזוזה — איידער איך האָב איך אַ הויז געגעבען? אַ סוכה — אַ פּלאַץ; ציצית — אַ קלייד; פאה [1]) — אַ פעלד; תּרומה — אַ שייער; חלה—טייג.

---

# צוזאַמען געזינדיגט, צוזאַמען געשטראָפט.

דער געוויסער הויכגעשטעלטער רוימער אַנטונינוס האָט אַמאָל גע־זאָגט זיין פריינד רבי'ן:

— סיי דער גוף, סיי די נשמה, קענען זיך בעפרייען אויף יענער וועלט פון'ם געריכט: דער גוף קען זאָגען, אַז די נשמה איז די זינדיגע, אַ סימן, זינט זי האָט זיך פון מיר אָפּגעשיידט, ליג איך אין קבר ווי אַ שטו־מער שטיין; די נשמה קען זאָגען, דער גוף איז דער זינדיגער, ווייל זינט איך האָב זיך אָפּגעשיידט פון אים פליה איך אַרום אין דער לופטען ווי אַ פייגעלע.

דערויף האָט אים רבי געענטפערט מיט אַ משל:

— אַ קעניג האָט געהאַט אַ שענעם פרוכט־גאָרטען, ווי די פרוכט האָבען אָנגעהויבען צייטיג ווערען, האָט ער דאָרטען אַוועקגעזעצט צוויי היטער, איינעם אַ קרומען אָהן פיס, און איינעם אַ בלינדען אויף ביידע אויגען. רופט זיך אָן דער קרומער צום בלינדען: „איך זעה שענע ערשט־

[1]) לויט'ן געבאָט מוז מען פון'ם שניט איבערלאָזען אויפין עק פעלד פאַר אָרומע לייט פאה (די עקסטע שורה תבואה).

צייטיגע פרוכט אויף די בוימער. זעץ מיך אויף רייטענדיג אויף דיינע אַקסלען וועל איך זיי אָנרייסען פאַר אונז און מיר וועלען געניסען״ האָבען זיי אַזוי געטון. אין אַ צייט אַרום קומט דער אייגענטימער פון גאָרטען, פרעגט ער ביי די היטער: וואו זענען הינגעקומען די שענע ערשטצייטיגע פרוכט? זאָגט דעם אמת, ווער פון אייך האָט זיי אָפּגעריסען?

— האָב איך דען אויגען צו זעהן? — זאָגט דער בלינדער.

— האָב איך דען פיס צו געהן? — זאָגט דער קרומער.

איז זיך מישב דער אייגענטומער און זעצט אַרויף רייטענדיג דעם קרומען אויפ׳ן בלינדען און שמייסט זיי אָפּ צוזאַמען.

דאָסזעלבע וועט אויך גאָט טון מיט דער נשמה און גוף. ער וועט אַריינלאָזען די נשמה ווידער אין גוף און אַזוי וועט ער זיי בעשטראָפען ביידע צוזאַמען.

---

## צי זעהסטו אויך מיין שטייגעל?

ר׳ לוי האָט וועגען לוין און שטראָף געזאָגט אַזאַ משל:

— ביים פענסטער אין אַ שטייגעל
איז אַ געפאַנגען פויגעלע געזעסען,
און פון אַ שיסעלע אַ פולס, אַ גרייטס
געגעסען:
פיק־פיק די קערענדלעך, פיק־פיק!
דערנעבען אויף אַ צווייגעל
אַ פייגעלע אַ צווייטס,
זעהט־אויס שטאַרק הונגעריג געווען,
האָט דאָס מיט קנאה צוגעזעהן
און מיט אַ זיפצעלע געזאָגט:
אַך אַך! אַז איינעם איז באַשערט אַ גליק
זיצט ער זיך רוהיג שטיל אויף גרייטע קעסט
און פרעסט,
און וויפיל ער פערמאָגט
אַלץ נאָך, אַלץ מעהר אים;

און איינער, אָך און וועה, איז גאַנצע טעג פּעריאָגט
פליהט־אום מיט איינגעשרימפּענע געדערים
און יעדער קערענדעל קומט אָן אים
מיט גרינע ווערים.
— ביזט מיר מקנא? — ענטפערט דעם גלייך אָפּ
דאָס פויגעלע פון שטייג
אַ הויב געטון דעם קאָפּ —
מקנא ביזטו מיר? אויף אַלע שונאים!
דו נאַר איינער, שווייג בעסער, שווייג:
דו זעהסט מיין שפּייז, צי זעהסטו אויך מיין שטייג?

*

„פרעה זיך יונגערמאַן מיט דיין יוגענד... — זאָגט קהלת — און ווייס אַז פאַר דעם אַלעמען וועט דיך גאָט ברייגגען צום געריכט” — ר׳ חייא דער גרויסער האָט געזאָגט אויף דעם אַזאַ משל:

— איינער אַ פערברעכער אויפ׳ן וועג צום שטראָף־פּלאַץ האָט זיך אויסגעריסען און איז אַנטלאָפען. לאָזט זיך דער תלין נאָך אים און שרייט נאָך: יונגערמאַן, פערלויף ניט אַזוי ווייט, וועט דיר זיין ניט אַזוי שווער ביים אומקעהרען.

---

## גאָט׳ס משפט איז גערעכט.

„דער בעשעפער—גאַנץ איז זיין ווערק... גערעכט איז ער און רעכט־פאַרטיג” — זאָגט משה אין דער תורה, מע זאָגט: ווען אַ מענש קומט אויף יענער וועלט, רעכענט מען פאַר אים אויס אַלע זיינע מעשים: האָסטו געטון דאָס און דאָס אויף יענעם פלאַץ אין יענעם טאָג?

— יאָ — ענטפערט ער.

— שרייב־אונטער.

שרייבט ער אונטער מיט זיין אייגענער האַנד. און נאָך מעהר, אַז מע טראָגט אויף אים אַרויס דעם פסק־דין, נעהמט ער עס אָן באהבה און זאָגט: גאָט׳ס משפט איז גערעכט.

# מאָס לויט מאָס.

I

הלל האָט געזעהן אַ קאָפּ (פון אַ דערטרינקענעם) שווימען אויפ'ן וואַסער, רופט ער זיך אָן:

— דערפאַר וואָס דו האָסט דערטרינקען, האָט מען דיך דערטרינקען; און די וואָס האָבען דיך דערטרינקען, וועלען צום סוף אויך ווערען דער־טרינקען.

II

ר' מאיר פלעגט זאָגען:

— מיט דער זעלבער מאָס וואָס אַ מענש מעסט, מעסט מען אים, און פרוטה צו פרוטה שטעלט זיך צונויף אַ גרויסער חשבון. שמשון הגבור האָט זיך נאָכגעגעבען די אויגען [1], דערפאַר האָבען אים די פלשתים אויס־געשטאָכען די אויגען; אבשלום האָט זיך איבערגענומען מיט זיינע שענע לאַנגע האָר; דערפאַר איז ער געבליבען הייגען אויף די האָר.

III

ר' שמעון בן לקיש האָט אין זיין דרשה געזאָגט:

— אַז צוויי מענשען זענען בעגאַנגען יעדער פון זיי אַ מאָרד, איינער אומגערען, פאַר וועלכע עס קומט פערטריבען ווערען אין איינער פון די ערי־מקלט, און איינער מיטווייליג, פאַר וועלכע עס קומט מיתה, נאָר קיין עדות זענען ניטאָ געגען זייביידע, דאָך בלייבען זיי ניט אונ־בעשטראָפט. גאָט פיהרט זיי צונויף אויף איין פלאַץ: דער וואָס האָט געהרג'עט מיטווייליג זיצט הינטער אַ לייטער און יענער, וואָס האָט ערמאָר־דעט אומגערן, לאָזט זיך אַראָפּ פונ'ם לייטער — פאַלט יענער אויף דעם און טויט אים. קומט־אויס אַז ביידע ווערען בעשטראָפט לויט זייער פערברע־כען: דער איז געהרג'עט און יענער ווערט פערטריבען.

IV.

זינט דער בית־מקדש איז חרוב געוואָרען, הגם דער משפט פון סנהדרין איז אָפּגעשאַפט געוואָרען, דער טויט־שטראָף אָבער איז ניט אָפּ־

[1] נאָך יעדער פרוי וואָס די אויגען האָבען געזעהן.

געשאַפט געוואָרען. וועמען עס קומט פערשטיינט ווערען, פאַלט ער אַראָפּ פון דאַך, אָדער אַ חיה צערייסט אים; פערברענט ווערען – פאַלט ער אַריין אין אַ שריפה, אָדער אַ גיפטיגע שלאַנג גיט אים אַ ביס; גע׳הרג׳עט ווערען – ווערט ער ערמאָרדעט דורך דער מאַכט, אָדער גזלנים בעפאַלען אים; דערשטיקט ווערען – ווערט ער דערטרינקען אין וואַסער, אָדער ער קומט־אום דורך אַ האַלז־געשווילעכץ.

*

ר׳ יצחק זאָגט:

– דער מענש ווערט גע׳משפט נור לויט זיינע מעשים פון איצט, ווי דער פסוק זאָגט וועגען ישמעאל׳ן: „גאָט האָט געהערט די שטים פונ׳ם יונג ווי אַזוי ער איז דאָרט״.

אויף דעם האָט ר׳ סימון געזאָגט:

– די מלאכים האָבען זיך גענומען אים בעשולדיגען: רבונו של עולם – האָבען זיי געזאָגט – דאָס איז דאָך דער זעלבער ישמעאל, וואָס ער וועט אַמאָל אומברייינגען דיינע קינדער אין דאָרשט–און אים ווערסטו אים איצט צושיקען אַ וואַסער־ברונען?

– אָבער דערווייל וואָס איז ער, אונשולדיג צי ניין?

– אונשולדיג – ענטפערען זיי.

– און איך משפט דעם מענשען – זאָגט גאָט – נור נאָך זיינע איצטיגע מעשים.

*

– רב המנונא זאָגט:

– גאָט בעשטראָפט דעם מענשען נור דעמאָלט, ווען זיין מאָס (זינד) ווערט פערפולט.

---

# איינס לעשט דאָס אַנדערע.

„גאָט פערדעכענט די זינד פון די עלטערן אויף קינדער״ – זאָגט די תורה, און אין אַ צווייט אָרט זאָגט זי: „עס זאָלען ניט מיט׳ן טויט בעשטראָפט ווערען קינדער פאַר עלטערן״. דאָס קען פערענטפערט ווערען מיט אַזאַ משל:

– אין אַ פירשטאָקיג הויז, איין שטאָק איבער׳ן אַנדערן, האָט זיך געפונען אויבען וויין, הינטער דעם–בוימעל, הינטער דעם–האָניג און גאָר

הינטען—וואַסערי האָט זיך אָנגעצינדען איין שטאָק – פערלעשען זיי איינס דאָס אַנדערע. ווען אָבער אַלע זאָלען זיין דורכאויס מיט בוימעל, וואָל־טען זיי אַלע אַוועק מיט׳ן פייער. דאָסזעלבע איז אויך מיט דורות: אויב זיי געהען געמישט, אַ דור פון רשעים צווישען דורות פון צדיקים, לעשען זיי איינס דעם אַנדערן און קינדער ליידען ניט פאַר עלטערן און עלטערן ניט פאַר קינדער. ווען עס געהען אָבער עטליכע דורות רשעים דורכ־אַנאַנד, ווערט פערערעכענט די זינד פון עלטערן אויף די קינדער.

*

משה האָט געזאָגט: „גאָט פערערעכענט די זינד פון די עלטערן אויף קינדער” איז געקומען דער נביא יחזקאל און האָט עס אָפגעשאַפט און געזאָגט: „די זעלע וואָס פערזינדיגט זיך—זי זאָל אומקומען”.

*

גאָט ברוך־הוא שטעלט ניט דעם מענשען אַזעלכע שווערע פאָדע־רונגען, וואָס זענען ניט פאַר זיינע כחות.

*

דער וואָס זאָגט: גאָט איז אַ ותּרן און עס מאַכט דעריבער ניט אויס, מעהר אַ זינד ווענינער אַ זינד – איז ער אַ ותּרן אויף זיין אייגען לעבען. ווייל דער שעפער – ווי די תּורה זאָגט — איז זיין ווערק פאָל־קאָם, דען אַלע זיינע וועגען זענען גערעכט.

*

רב חסדא זאָגט:

– גאָט מאָהנט־איין זיין חוב ביי׳ם מענשען לויט זיין פערמעגען: ביים רייכען פונ׳ם אָקס, ביים אָרומאַן פונ׳ם שעפסעלע, ביי דער אלמנה פון דער היהן און ביים יתום פונ׳ם איי.

*

גאָט פערהאַלט ניט די לוין פון קיין בעשעפעניש, אפילו לוין פאַר אַ שען וואָרט.

טרייף פלייש האָט די תּורה געהייסען אָפגעבען די הינט. דאָס איז

אַלוין די הינט דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געבּילען אויף יודען בשעת אַרויסגעהן פון מצרים. און זאָל מען וויסען, אַז גאָט פערהאַלט ניט די לוין פון קיין בעשעפענעש, אַפילו פון אַ חיה, בפרט פון אַ מענשען.

---

# אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

I

„גאָט איז בעגלויבט און אָהן אונרעכט” — זאָגט די תורה: „גאָט איז בעגלויבט” — ווי ער רעכענט זיך אָפּ מיט די רשעים פאַר יעדע מינדסטע עבירה אויף יענער וועלט, אַזוי רעכענט ער זיך אָפּ מיט די צדיקים פאַר יעדע מינדסטע עבירה אויף דער וועלט; „און אָהן אונרעכט” — ווי ער בעלוינט די צדיקים פאַר אַ מינדסטע מצוה אויף יענער וועלט, אַזוי בעלוינט ער די רשעים פאַר אַ מינדסטע מצוה אויף דער וועלט.

*

מיט זיינע נאָענטע איז גאָט מדקדק אפילו אויף דער האָר.

II

ר' אלעזר בר' צדוק זאָגט:

— צדיקים אויף דער וועלט זענען געגליכען צו אַ בוים וואָס שטעהט אין אַ ריין אָרט, נאָר איין צווייג זיינע הייגגט אַריבּער אין אַ אומריין אָרט — האַקט מען אָפּ די צווייג, שטעהט ער אינגאַנצען אין אַ ריין אָרט; אַזוי אויך ברייגגט גאָט אויף צדיקים יסורים אויף דער וועלט, אַ אָפּקומעניש פאַר זייער ביסעל זינד, כדי זיי זאָלען קומען אינגאַנצען ריינע אויף יענער וועלט. ווי אין איוב ווערט געזאָגט: „דיין אָנהויב איז קליין, דיין סוף וועט זיין זעהר גרויס”. די רשעים אָבער זענען געגליכען צו אַ בוים וואָס שטעהט אין אַ אומריין אָרט, נאָר איין צווייג זיינע הייגגט־אַריבער אין אַ ריין אָרט—האַקט מען אָפּ די צווייג, שטעהט ער אינגאַנצען אין אַ אומריין אָרט; אַזוי איך גיט אָפּ גאָט דאָס גוטס די רשעים אויף דער וועלט, כדי צו פערטריבען זיי אין דער נידריגסטער שטופע פון גיהנם אויף יענער

וועלט, ווי שלמה זאָגט אין „משלי״: „דאַכט זיך אַ וועג אַ גלייכער פאַר׳ן מענשען, לאָזט זיך אויס — ער פיהרט צום טויט״.

III

דער וואָס די זכיות זיינע וועגען־איבער די עבירות, טוט מען אים אויף דער וועלט נור שלעכטס, גלייך ווי ער וואָלט פערברענט די גאַנצע תורה, ניט איבערגעלאָזט פון איר קיין איין אות; פערקעהרט אָבער, דער וואָס די עבירות זיינע וועגען־איבער די זכיות, טוט מען אים אויף דער וועלט לויטער גוטס, גלייך ווי ער וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה, ניט פערפעהלט פון איר קיין איין אות.

---

## אַ ליידענדער צדיק און אַ גליקליכער רשע.

אין נאָמען פון ר׳ יוסי ווערט געזאָגט:

— בשעת משה האָט געבעטען ביי גאָט: „לאָז מיך וויסען דיינע וועגען״ האָט ער דעמאָלט געפרעגט: רבונו־של־עולם, פאַרוואָס טרעפט אַ צדיק וואָס ס׳איז אים גוט און אַ צדיק וואָס ס׳איז אים שלעכט, אַ רשע וואָס ס׳איז אים גוט און אַ רשע וואָס ס׳איז אים שלעכט? זאָגט ער אים: משה, אַ צדיק וואָס ס׳איז אים גוט, איז אַ צדיק דער זוהן פון אַ צדיק; אַ צדיק וואָס ס׳איז אים שלעכט—אַ צדיק דער זוהן פון אַ רשע; אַ רשע וואָס איז אים גוט—אַ רשע, דער זוהן פון אַ צדיק; אַ רשע וואָס איז אים שלעכט —אַ רשע דער זוהן פון אַ רשע.

אַנדערע זאָגען, אַז ער האָט אים געענטפערט אַזוי: אַ צדיק וואָס ס׳איז אים גוט, איז אַ עכטער צדיק, אַ צדיק וואָס איז אים שלעכט — ניט קיין עכטער צדיק; אַ רשע וואָס אים איז גוט — ניט קיין עכטער רשע; אַ רשע וואָס אים איז שלעכט — אַ עכטער רשע.

*

אין נאָמען פון ר׳ יונתן איז געזאָגט געוואָרען:

— די שטראָף קומט אויף דער וועלט נור צוליב רשעים, אָנהויבען אָבער הויבט זי זיך אָן פריהער פון צדיקים.

*

ר׳ יוסף האָט געזאָגט:

— אַז דער משחית בעקומט רשות צו בעשטראָפען די וועלט, קלויבט ער ניט איבער צווישען צדיקים און רשעים; און נאָך מעהר: ער הויבט אָן פון די צדיקים.

דערביי האָט זיך ר׳ יוסף צעוויינט. „אַך! — האָט ער אויסגע־שריגען — זענען אפילו זיי הייסט עס, אויך גאָר גישט!

— גלייכער פאַר זיי — טרייסט אים אַביי — „פאַר דעם אומגליק געהט־אַוועק דער צדיק“, זאָגט דער נביא, ער זאָל עס ניט צוזעהן מיט די אויגען.

*

ווען אַ דור פערמאָגט צדיקים, קומען זיי אָפּ איבער׳ן דור; ווען אָבער דער דור פערמאָגט ניט קיין צדיקים, קומען אָפּ די ריינע, אונשולדי־גע שול־קינדער.

*

„גאָט פּרובט דעם צדיק“ — ווערט געזאָגט אין תהלים. — אַ טע־פּער — זאָגט דערויף ר׳ יונתן—ווען ער נעמט אויספּרובּירען זיינע כלים, קלאַפּט ער ניט אָן אויף געפּלאַצטע טעפּ און קריגען, ער ווייסט אַז פון איין קלאַפּ וועלען זיי צעשאָטען ווערען. וועלכע דען פּרובּירט ער? די גאַנצע און שטאַרקע, די וועלען אויסהאַלטען קלעפּ וויפיל ס׳איז. אַזוי אויך פּריוועט ניט גאָט קיין רשעים, נאָר צדיקים.

*

ר׳ אליעזר זאָגט:

— האָט אַ מענש צוויי בהמות, איינע אַ געזונטע און איינע אַ שוואַ־כע, אויף וועמען טוט ער אָן די יאָך? פערשטעהט זיך, אויף דער שטאַר־קער. אַזוי אויך פּרובּט־אויס גאָט נור ד ע ם צ ד י ק.

ר׳ ינאי זאָגט:

— צום רוהיג לעבען פון רשעים זענען מיר ניט צוגעקומען, די

ליידען פון־די צדיקים האָבען אונז ניט בעריהרט; מיר האָבען ניט דאָס און ניט יענץ.

---

## הויכע בערג און טיפער אָפּגרונד.

ר׳ יהושע בן לוי איז געקומען קיין רוים, זעהט ער שענע מאַר־מאָרנע דענקמעלער בעדעקט מיט פּראַכטפאָלע טאַפּעטען, צו בעשיצען זיי, עס זאָל זיי ניט שאַדען קיין היץ און קיין קעלט. געקומען אין אַ אַנדער פּלאַץ אין מאַרק זעהט ער אַן אָרומען מענשען איינגעהילט אין שמאַטעס. אויף די בעפּוצטע דענקמעלער האָט ער אויסגערופען מיט די ווערטער פון׳ם משורר אין תהלים: „דיין וואָהלטאַט איז ווי די מעכטיגע בערג״, און אויפ׳ן אָרומאַן—דעם סוף פון דעם זעלבען פסוק: „און דיין געריכט איז דער אונגעהויערער אָפּגרונד״.

---

## וועניג יאָרען און פיל פערדינסט.

I

ר׳ תנחומא בר אבא זאָגט:

— ווען שלמה המלך האָט געזאָגט אין קהלת: „זיס איז דער שלאָף פון׳ם אַרבייטער, צי ער געניסט וועניג אָדער פיל און די זעט לאָזט דעם רייכען ניט שלאָפען״ — האָט מען אים דערויף גע־פרעגט: ווען אַן אַנדערער זאָל אַרויסזאָגען אַזאַ געדאַנק, וואָלט מען אים אויסגעלאַכט. דו, דער קליגסטער פון אַלע, זאָל זאָגען אַזאַ זאַך! איז עס דען אַזוי? ווער ווייסט עס נישט, אַז מע לעגט זיך הונגעריג שלאָפט מען אונרוהיג, און אַז מע לעגט זיך זאַט שלאָפט מען געשמאַק.

— עס האַנדעלט זיך דאָ — האָט ער געענטפערט — פון פרומע און לערנער, וואָס מיהען זיך פאַר גאָט; ווער עס פערברייננגט זיינע יאָרען, אָהן אונטערשיד צי לעבט ער פיל אָדער וועניג, אין תורה און מעשים טובים, בעקומען זיי אַ גלייכען לוין.

ר׳ לוי האָט דערויף געזאָגט אַ משל:

— אַ קעניג האָט געדינגען אַרבייטער פאַר זיינע אַ אַרבייט· אינמי־טען דער אַרבייט האָט דער קעניג איינעם פון זיי אַוועקגענומען און זיך אַוועקגעלאָזט מיט אים שפּאַצירען· אָבענדצייט זענען געקומען די אַרביי־טער נעהמען זייער טאָג־לוין און צוזאַמען מיט זיי איז געקומען אויך יענער וואָס דער קעניג האָט מיט אים געשפּאַצירט· קען דען אים דער קעניג זאָגען: דו האָסט געאַרבייט אינגאַנצען אַ פּאָר שעה׳ בעקום נור לויט דיין אַרבייט? ער קען דאָך דערויף ענטפערען דעם קעניג: ווען ניט דו זאָלסט מיך אָפּרייסען פון דער אַרבייט און נעהמען אויפ׳ן שפּאַציר׳ וואָלט איך אויך געאַרבייט גלייך מיט אַלע· דאָסזעלבע איז אויך מיט דעם׳ וואָס האָט זיך געמיהט אין דער תורה און איז יונג געגאַנגען פון דער וועלט· ער קען זאָגען גאָט: וואָלסטו מיך ניט אַוועקגענומען פאַר דער צייט׳ וואָלט איך נאָך מעהר געלערענט און גוטס געטון·

II

ווען ר׳ בון בר׳ חייא איז יונג פון דער וועלט געגאַנגען׳ איז ר׳ זירא אַריינגעגאַנגען אים בעקלאָגען· האָט ער זיין קלאָג־רעדע אָנגעהוי־בען מיט די ווערטער פון׳ם פסוק: ״זיס איז דער שלאָף פון׳ם אַרבייטער׳ צי ער געניסט ווייניג אָדער פול״׳ און ער האָט געזאָגט אויף ר׳ בון בר׳ חייא אַזאַ משל:

— אַ קעניג האָט געדינגען אַרבייטער צו בעאַרבייטען זיין וויינ־גאָרטען· קומט דער קעניג און דערזעהט דעם פעהיגסטען און געצייכנעג־סטען פון זיי׳ נעהמט ער אים ביי דער האַנד און שפּאַצירט מיט אים הין און הער· אָבענדצייט קומען די אַרבייטער צו בעקומען זייער טאָג־לוין און צווישען זיי אויך יענער אַרבייטער· צאָהלט מען אָפּ פאַר אַ גאַנצען טאָג· פערדרוסט עס די אַלע אַנדערע אַרבייטער· וואָס הייסט עס?— זאָגען זיי — מיר האָבען שווער געאַרבייט אַ גאַנצען טאָג׳ און דער פאַר אַ פּאָר שעה אַרבייט בעקומט לוין גלייך מיט אונז! זאָגט זיי דערויף דער קעגיג: לאָז עס אייך ניט פערדריסען דער האָט פאַר אַ פּאָר שעה זיך אויסגעצייכענט מעהר וויפיל איר פאַר אַ גאַנצען טאָג·

דאָס זעלבע איז אויך מיט ר׳ בון בר׳ חייא: פאַר זיינע אַכט און צוואַנציג יאָר לעבען האָט ער מעהר און בעסער געלערענט ווי אַ אַנדע־רער אין גאַנצע הונדערט יאָר·

## פון דעם גרויסען אוצר.

„איך שענק דעם וואָס איך וויל שענקען" — האָט גאָט געזאָגט משה׳ן, ווען דער האָט זיך ביי אים געבעטען, אים בעוויזען זיינע דרכים. דעמאָלט האָט אים גאָט בעוויזען אַלע אוצרות פון לוין וואָס זענען צוגעגרייט פאַר צדיקים, יעדען לויט זיינע מעשים. האָט זיך משה דערפרעגט ביי אים אויף יעדען אוצר בעזונדער:

— דער אוצר פאַר וועמען איז?

— פאַר די וואָס לערנען תורה.

— און יענער פאַר וועמען?

— פאַר די בעלי־אדקה.

און אַזוי אויף יעדען אוצר, ביז משה האָט דערזעהן איינעם אַן אוצר, זעהר אַ גרויסען. פרעגט ער.

— און דער פאַר וועמען איז?

— ווער עס האָט אייגענע פערדינסטען, בעלוין איך אים פון זיין אייגענעם אוצר; דער וואָס האָט אָבער קיין פערדינסטען ניט בעקומט ער פון מיר אַ אומזיסטיגען געשאַנק אָט פון דעם גרויסען אוצר — „איך שענק דעם וואָס איך וויל שענקען".

---

## עולם־הבא.

I

רב פלעגט אָפט זאָגען:

— יענע וועלט איז ניט ווי די וועלט. אויף יענער וועלט ווייסט מען נישט פון עסען און טרינקען, קינדלען, האַנדלען און וואַנדלען, קנאה־שנאה און וועלען איינער דעם צווייטען איבערשטייגען; וואָס דען? צדיקים זיצען זיך מיט קרוינען אויף די קעפ און געניסען פון דער שכינה־שיין.

II

ר׳ יהושע בן לוי זאָגט:

— גאָט ברוך־הוא איז בעֶרייט צו שעֶנקעֶן אויף יעֶנעֶר וועֶלט יעֶדעֶן צדיק דריי הונדעֶרט מיט צעֶהן וועֶלטעֶן·

III

יעֶדעֶר צדיק וועֶט בעֶקומעֶן אויף יעֶנעֶר וועֶלט אַ חופה לויט זיין כבוד·

ר׳ חנינא זאָגט:

— דעֶר וואָס פעֶרגינט ניט די תלמידי־חכמים אויף דעֶר וועֶלט· וועֶט דעֶר רויך אים אויפעֶסעֶן די אויגעֶן אויף יעֶנעֶר וועֶלט·

נאָך האָט ר׳ חנינא געֶזאָגט:

— יעֶדעֶן צדיק בעֶזונדעֶר בריהט־אָפּ דעֶם צווייטעֶנס חופה· אוי אַ בזיון! אוי אַ שאַנד!

IV

״דעֶר מעֶנש געֶהט־אַוועֶק — זאָגט קהלת — אין זיין אייביג הויז״· אויף דעֶם זאָגט ר׳ יצחק: יעֶדעֶן צדיק גיט מעֶן אָפּ אַ וואוינונג לויט זיין מדרגה· אַ קעֶניג געֶהט־אַריין מיט זיינעֶ שרים אין שטאָדט· קומעֶן זיי אָן אַלעֶ דורך איין טויעֶר· דעֶרנאָך אָבעֶר גיט מעֶן אָפּ יעֶדעֶן אַ וואוינונג נאָך זיין ראַנג·

V.

ר׳ יוסף· דעֶר זוהן פון ר׳ יהושע בן לוי· איז קראַנק געֶוואָרעֶן און געֶבליבעֶן ליגעֶן ווי טויט אָהן אַ נשמה· אַז עֶר איז דעֶרנאָך געֶקומעֶן צו זיך· פרעֶגט אים דעֶר פאָטעֶר:

— זוהן מיינעֶר· וואָס האָסטו דאָרט געֶזעֶהן?

— אַ איבעֶרגעֶקעֶהרטעֶ וועֶלט — עֶנטפעֶרט עֶר — האָב איך דאָרט געֶזעֶהן: אויבעֶרשטעֶ פון אונטעֶן און אונטעֶרשטעֶ—פון אויבעֶן·

— ניין· זוהן מיינעֶר — זאָגט אים דעֶר פאָטעֶר — אַ קלאָרעֶ וועֶלט האָסטו געֶזעֶהן· און ווי האָבעֶן מיר דיר אויסגעֶזעֶהן דאָרט?

— מיר זענען חשוב׳ע דאָרטען אַזוי ווי דאָ. איך האָב אויך געהערט ווי מ׳האָט אויסגערופען: „וואויל איז דעם וואָס איז געקומען אַהער מיט זיין לערנען אין דער האַנד!״ און נאָך האָב איך געהערט אויסרופען: „וואויל איז די אומגעקומענע אויף קדוש־השם! קיינער קומט ניט צו זייער פלאַץ״.

---

# גן־עדן.

ר׳ יהושע בן לוי זאָגט:

— צוויי טויערען פון גאָרפינקעל זענען פאַראַן אין גן־עדן און אי־בער זיי זענען ששים רבוא (זעקס הונדערט טויזענד) מלאכים, און דאָס געזיכט פון יעדען מלאך שיינט ווי דער לויטערער הימעל. און בשעת דער צדיק קומט־אַריין ציהט מען פון אים אָפּ די קליידער אין וועלכע מ׳האָט אים געלעגט אין קבר און מע הילט אים איין נייע אַכט קליידער פון פראַכט־וואָלקענס, און בעקרוינט דעם קאָפּ זיינעם מיט צוויי קרוינען, איינער פון עדעלשטיינער און פערעל און דער אַנדערער פון גין־גאָלד, און מע דערלאַנגט אים אַכט הדסים (מירטין) און מע זינגט פאַר אים אַ לויב־ליד מיט די ווערטער:

> געה געניס מיט פרייד דיין ברויט
> און אויפגעלעגט טרינק־אויס דיין וויין
> ווייל גאָט האָט שוין בעוויליגט דיינע מעשים.

דערנאָך פיהרט מען אים אַריין אין אַ אָרט אַ בעוואַסערט, בעוואַקסען מיט הונדערטערליי רויזען־ און מירטען־בוימער. פאַר יעדען צדיק שטעהט דאָרט צוגעגרייט לויט זיין ווערטה אַ בעזונדער פּאַוויליאָן, פון וועלכען עס ציהען זיך פיר טייכען: איינער פון מילך, איינער פון וויין, איינער פון באַלזאַם און איינער פון האָניג. איבער יעדער פּאַוויליאָן הייגנט אַראָפּ אַ גאָלדענער וויינשטאָק מיט שטיינגלען פערל, וואָס יעדער פון זיי שיינט ווי דער מאָרגענשטערן. אין יעדער פּאַוויליאָן שטעהט אַ טיש — בעזעצט מיט עדעל־שטיינער און פערעל. און זעכציג מלאכים שטעהען איבער׳ן קאָפּ פון יעדען צדיק און זיי זאָגען אים:

„געה געניס מיט פרייד פונ׳ם האָניג, ווייל דו האָסט געלערענט תורה געגליכענע צו האָניג, און טרינק דעם וויין אויסגעהאַלטענעם אין די טרויבען פון ששת ימי בראשית, ווייל דו האָסט געלערענט

תּורה געגליכענע צו ווײַן. דער מיאוס'טער פֿון זײ, שײַנט זײַן פּנים ווי דאָס געשטאַלט פֿון יוסף'ן. און ווי ר' יוחנן. און קײן נאַכט איז בײַ זײ ניטאָ. און די צײַט בענײַט זיך אויף זײ אַלע מאָל אין דרײַ משמרות, (צײַט־טײלען). אין דער ערשטער משמורה איז דער צדיק ווי אַ קינד, קומט ער אַרײַן אין דער אָפּטײלונג פֿון קינדער און געניסט די פֿרײד פֿון קינדהײט; אין דער צווײטער משמורה ווערט ער אַ יונגערמאַן, קומט אַרײַן אין אָפּטײלונג פֿון יונגע־לײַט, און געניסט די פֿרײד פֿון יוגענד; אין דער דריטער משמורה ווערט ער אַן אַלטער מאַן, קומט־אַרײַן אין אַ אָפּטײלונג פֿון אַלטע לײַט און געניסט די פֿרײד פֿון עלטער.

און דער גן־עדן זענען אַלע ווינקעלעך זײַנע פֿול מיט מיריאַדען בוימער, דער קלענסטער פֿון זײ געהט־איבער די שענסטע און די בעסטע בשמים־בוימער, און אין יעדער ווינקעל שטעהען אויסגעשטעלט כאָרען פֿון מיריאַדען מלאכים און זינגען מיט אַ זיסער שטומע. אין דער מיט גן־עדן שטעהט דער עץ־החיים, וועלכער בעדעקט פֿון אויבען מיט זײַן געצווײַג דעם גאַנצען גן־עדן. און ער פֿערמאָגט פֿינף הונדערט טויזענד טעמים פֿערשידענע אין געשמאַק און אין ריח. איבער אים שוועבען־אַרום פּרעכטיגע וואָלקענס, און פֿון אַלע פֿיר זײַטען בעריהרען אים ווינטעלאַך, טראָגט זיך זײַן ריח פֿון אײן עק וועלט ביז'ן אַנדערען, און הינטער אים אין שאָטען פֿון זײַנע צווײַגען זיצען תּלמידי־חכמים און ערקלערען די תּורה. און יעדער פֿון זײ האָט זײַן אײגענס צוויי חופּות, אײנע פֿון שטערען און אײנע פֿון זון און לבנה. און צווישען אײן חופּה און דער צווײטער הײנגט אַ פֿאָרהאַנג פֿון פּראַכט־וואָלקענס. און טיפֿער פֿון דאָרט איז דאָס פּלאַץ עדן, וואו ס'איז פֿאַראַן דרײַ הונדערט מיט צעהן וועלטען, און אינווענינ געפֿונען זיך זיבען כּתּות צדיקים: די ערשטע — אומגעקומענע אויף קדוש־השם, ווי ר' עקיבא מיט זײַנע חברים; די צווײטע—דערטרינקענע אין ים; די דריטע—ר' יוחנן בן זכאי מיט די תּלמידים; די פֿירטע—די וואָס דער וואָלקען האָט זײ פֿערדעקט; די פֿינפֿטע — בעלי־תּשובה; די זעקסטע — ניט־בעווײַבטע, וואָס האָבען ניט פֿערזוכט קײנמאָל דעם טעם פֿון זינד; די זיבעטע כּתּה—אָרימע־לײַט, וואָס האָבען געוויסט אַביסעל אין אַ ספֿר און פֿערמאָגט מענשליכקײט. און גאָט, ברוך־הוא, זיצט צווישען זײ אַלע און ערקלערט זײ די תּורה.

אויסער דעם אַלעמען שטעהט זײ פֿאַר נאָך פֿיל פּראַכט, העכער און גרעסער, וועלכע קײן מענש קען זי פֿאָראויס זיך ניט פֿאָרשטעלען. און אויף דעם זאָגט דער נביא: „קײן אויג האָט ניט געזעהן, אויסער דיר גאָט, וואָס עס וועט געטון ווערען דעם וואָס ער האָפֿט אויף אים“.

*

"איינס געגען אַנדערען האָט גאָט געמאַכט" — צווישען גן־עדן און גיהנם איז מעהר נישט פאַראַן ווי איין שפאַן.

---

# גיהנם.

I

"פאַר זיין צאָרן ווער קעןביישטעהן, און ווער קען אויסהאַלטען זיין ברענענדען גרים?" — זאָגט דער נביא. שווער איז די שטראָף אין גיהנם.

צוויי כתות מלכי־חבלה שטעהען ביי די טירען פון גיהנם און שרייען: "גיב נאָך, גיב נאָך!" און די קולות פונ'ם גיהנם לאָזען זיך הערען פון איין עק וועלט ביז'ן אַנדערען. און דריי טויערען האָט דער גיהנם: איינעם אין ים, איינעם אין מדבר און איינעם אין ישוב. און פינף מיני פייערען פלאַקערען דאָרט: אַ פייער וואָס עסט און טרינקט, עסט און טרינקט ניט, ניט עסט און ניט טרינקט, און אַ פייער וואָס עסט פייער. און גליהענדיגע קוילען געפונען זיך דאָרט גרויסע ווי בערג, ווי פעלזען, ווי דער ים־המלח די גרויס, און טייכען פון פעך און שוועבעל פליסען דאָרט און האַלטען אין איין קאָכען און זידען.

די שטראָף פונ'ם רשע איז אַזוי: איינע מלאכי־חבלה געבען אים אַ שטויס פון זיך, און אַנדערע חאַפען אים אויף און מע גיט אים ווידער אַ שטויס און שליידערען אים פאַר'ן פייער פונ'ם גיהנם. עפענט דאָס פייער אויף דאָס מויל און שלינגט אים איין.

ר' יהושע בן לוי זאָגט:

— אַמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג, האָב איך בעגעגענט אליהו הנביא'ן, דערמאָהנט זאָל ער ווערען צו גוטען, זאָגט ער מיר:

— ווילסט איך זאָל דיר צוברייגנען צום טויער פון גיהנם, זאָלסט אים בעטראַכטען?

— איך וויל.

האָט ער מיר געוויזען מענשען אויפגעהאַנגענע פאַר די נעזער, אַנ־

דערע פאַר די הענד, אַנדערע פאַר די פיס. אַנדערע פאַר די צינגען, און פרויען פאַר די ברוסט, אַנדערע פאַר די אויגען, אַנדערע פאַר די אויערען. ווידער האָט ער מיר געוויזען מענשען וואָס מע גיט זיי עסען פון זייער אייגענעם לייב; ווידער מענשען וואָס זיצען לעבעדיגע און ווערים עסען זיי, און ווידער מענשען וואָס מען גייט זיי צו עסען דינע זאַמד און זיי ברעכען זיך אויס די ציין, און מע זאָגט זיי דערביי: „רשעים! האָט איר געפרעסען אָנגערויבטס און ס'איז אייך געווען געשמאַק — און דאָס זענט איר קראַנק צו עסען?"

ר' יוחנן זאָגט:

— יעדער מלאך איז בעשטעלט צו בעשטראָפען נור פאַר איין עבירה; אָפגעטון זיינס, געהט ער זיך אַוועק און עס קומט דער אַנדערער, דערנאָך דער דריטער און אַזוי ווייטער, ביז מע צערעכענט זיך מיט אים פאַר אַלע עבירות. אַזוי אַ מענש וואָס ער האָט אויף זיך אַ סך חובות, קומען צו אים די בעלי־חובות איינציגווייז און יעדער נעהמט זיך אָפּ פאַר זיין חוב.

די וואָס פאַלען־אריין אין גיהנם און קומען שוין ניט אויף פון דאָרט, פיהרט מען זיי אַלע שבת צווישען שניי־בערג און מע לאָזט זיי דאָרט איבער. שבת־צונאַכטס קומט אַ מלאך, שטויסט זיי אַרויס פון דאָרטען און קעהרט זיי אום צוריק אויף זייער פלאַץ אין גיהנם. געפונען זיך אַזעלכע וואָס נעהמען־מיט שניי, בעהאַלטען עס אונטער'ן אָרעם, כדי אָפּצוקיהלען זיך דערמיט אַ גאַנצע וואָך. זאָגט זיי דער מלאך: „רשעים, וועה און וואונד איז אייך! אַפילו אין גיהנם פערנעהמט איר זיך מיט גניבה!"

גאַנצע צוועלף חדשים ווערען זיי פערברענט אויף אַש און דער ווינט צעטראָגט עס און שפרייט אויס הינטער די פיס פון די צדיקים. געהען־איבער די צוועלף חדשים, קעהרט זיך צוריק אום די נשמה זייערע צום גוף און זיי געהען־אַרויס פונ'ם גיהנם און זייערע געזיכטער זענען שוואַרץ ווי קויל. נעהמען זיי אָן גאָט'ס משפט פאַר גוט און רעכט און זאָגען:

— גערעכט איז דיין משפט, מיר האָבען עס פערדינט! דו גאָט ביזט גערעכט און מיר שעמען זיך!

די רשעים אָבער פון די אומות־העולם ווערען בעשטראָפט אין זיבען אָפּטיילונגען פון פייער, און אין יעדער אָפּטיילונג צוועלף חדשים.

און נאָך דעם אַלעמען דערבאַרעמט זיך גאָט אויף זיינע בעשע־

פּעֶניש, ווי עֶס ווערט געזאָגט אין פּסוק: „דען ניט אויף שטענדיג בין איך אויפגעבראַכט און ניט אויף אייביג צאָרן איך“.

II

אין דער קומענדיגער וועלט וועט גאָט, ברוך־הוא, זיצען אין גן־עדן און דרשה׳נען און אַלע צדיקים וועלען זיצען פאַר אים, און די הימעל־שע פמליא וועט שטעהן אויף די פיס, די זין מיט די פּלאַנעטען רעכטס פון גאָט, און די לבנה מיט די שטערען לינקס, און גאָט ברוך־הוא וועט ערקלערען די נייע תורה וואָס ער וועט געבען דורך משיח׳ן, און נאָכ־דעם ווי ער וועט ענדיגען וועט זרובבל בן שאלתיאל אויפשטעהן אויף די פיס און זאָגען אין דער הויך מיט אַ שטים, וואָס געהט פון איין עק וועלט ביז׳ן אַנדער׳ן „יתגדל ויתקדש“ — זאָל געגרויסט און געהייליגט ווערען גאָט׳ס גרויסער נאָמען, און די גאַנצע וועט נאָכענטפערען „אמן“, און אפילו די נאָך פערבליבענע אין גיהנם אַרויס נאָכענטפערען „אמן“ מיט אַ רוישענדען קול, ביז זייער געשריי וועט דערלאַנגען צו גאָט, וועט ער פרעגען: וואָס פאַר אַ גרויס גערויש הער איך? וועלען ענטפערען די מלאכים, דאָס שרייען פון גיהנם אַרויס די יודישע רשעים און די גוי׳אישע צדיקים: זיי ענטפערען „אמן“ און געבען־אָפּ גערעכט דעם משפט דיינעם, וועקט זיך אויף ביי גאָט אַ שטאַרקע רחמנות אויף זיי און זאָגט: וויפיל נאָך וועל איך זיי שטראָפען? זיי זענען שוין גענוג אָפּגעקומען!

און דעמאָלט וועט נעהמען גאָט די שליסלען פונ׳ם גיהנם אין זיין האַנד און וועט זיי איבערגעבען מיכאל׳ן און גבריאל׳ן פאַר אַלע צדיקים אין די אויגען, און דערביי זאָגען:

— געהט עפענט־אויף די טויערען פון גיהנם און נעהמט זיי אַרויס פון דאָרט.

לאָזען זיי זיך באַלד געהן מיט די שליסלען און עפענען אַכט טויזענד טויערען פון גיהנם; און יעדע אָפּטיילונג פון גיהנם איז דרייהונדערט פרסא די לענג און דרייהונדערט די ברייט און הונדערט פרסא די טיף, און יעדער רשע וואָס פאַלט אַהיז אַריין קען ער שוין ניט אַרויסקומען. וואָס־זשע טוט מיכאל און גבריאל? זיי נעהמען אָן יעדען איינציגען בע־זונדער פאַר דער האַנד און הויבען אים אַרויס, פּונקט ווי איינער הויבט־אויף אַ מענשען און שלעפּט אים אַרויס מיט אַ שטריק פון אַ גרוב, און באַלד נעהמט מען זיי און מע וואַשט זיי אַרום און מע שמירט זיי אויס מיט אייל, און מע היילט זיי אויס די וואונדען פונ׳ם גיהנם און מע בע־

קליידעט זיי מיט שענע קליידער׳ און מע פיהרט זיי פאַר גאָט׳ ברוך־הוא׳ אויסגעפוצטע און אויסגעצירטע·

ביי דער טיר פון גן־עדן געהען מיכאל און גבריאל פריהער אַריין און בעראַטען זיך מיט גאָט· זאָגט גאָט:

— לאָזט זיי אַריינגעהן; לאָזען זיי אָנקוקען מיין פראַכט·

און ווי נור זיי קומען־אַריין פאַלען זיי אויף די פנימ׳ער׳ בוקען זיך פאַר אים און דאַנקען און לויבען זיין הייליגען נאָמען·

*

ר׳ עקיבא פלעגט זאָגען:

— דער משפט פון גיהנם געדויערט ניט מעהר ווי צוועלף חדשים·

*

גאַנצע צוועלף חדשים האַלט זיך נאָך דער נוף פונ׳ם מת׳ און די נשמה הויבט זיך אַלע מאָל אויף און לאָזט זיך צוריק אַראָפּ·

נאָך צוועלף חדשים ווערט דער גוף פערניכטעט און די נשמה הויבט זיך אויף און לאָזט זיך מעהר ניט אַראָפּ·

---

# אויסגעלעזט פונ׳ם גיהנם·

איינמאָל איז ר׳ עקיבא געגאַנגען אין וועג· טרעפט ער אַ מענשען׳ אַ זעהר פערשוואַרצטען׳ טראָגט אויף די פלייצעס אַ שווערע משא פון האָלץ און לויפט ווי אַ פערד· הייסט אים ר׳ עקיבא זיך אָפּשטעלען· שטעלט ער זיך אָפּ· זאָגט אים ר׳ עקיבא:

— איך בעשווער דיך׳ דו זאָלסט מיר זאָגען׳ צי דו ביזט פון מענשען׳ אָדער פון מזיקים·

— רבי — ענטפערט ער — אַ מענש בין איך געווען· שוין לאַנג אוועק פון יענער וועלט· האַק איך אָן טאָג־טעגליך האָלץ׳ טראָג אָט די שווערע משא אויף מיינע אייגענע פלייצעס און מע מאַכט מיט דעם אַ פייער און מע פערברענט מיך דריימאָל אין טאָג·

— וואָס האָסטו אַזוינס געטון ביים לעבען? — פרעגט אים ר׳ עקיבא.

— איך האָב ניט איבערגעלאָזט קיין פערבאָטענע זאַך, איך זאָל עס ניט טון. איצט לאָזען מיך די מלאכי־חבלה ניט צו רוהי.

— האָסטו איבערגעלאָזט אַ זוהן? — פרעגט אים ווייטער ר׳ עקיבא.

דער מענש האָט זיך פלוצים אַ חאַפּ געטון מיט שרעק און געזאָגט:

— ווי גאָט איז דיר ליב, פערהאַלט מיך ניט. איך ציטער פאַר די מלאכי־חבלה, זיי וועלען מיך שמייסען מיט פייערדיקע ריטער דערפאַר וואָס איך האָב זיך פערזאַמט.

זאָגט אים ר׳ עקיבא:

— ענטפער מיר נור אויף דעם, ס׳איז פון דיין טובה וועגען.

— איך האָב איבערגעלאָזט מיין ווייב מעוברת אין יענער און יע־נער שטאָדט — ענטפערט אָפּ דער מענש און לאָזט זיך לויפען געשווינד מיט׳ן האָלץ.

האָט זיך ר׳ עקיבא אַוועקגעלאָזט אין וועג ביז ער איז געקומען אין יענער שטאָדט. דערהערט אַז דער גרויסער ר׳ עקיבא איז געקומען, געהען אים אַקעגען אַרויס די שטאָדט־לייט. הויבט ער זיך אָן ביי זיי צו דערפרעגען: וואו איז דאָס הויז פון יענעם און יענעם? — ענטפערט מען אים:

— זאָל דער נאָמען פונ׳ם רשע פערפוילט ווערען.

— און זיין פרוי וואו איז? פרעגט ער ווייטער.

— אָפּגעמעקט זאָל ווערען איר נאָמען און געדעכעניש — ענטפערט מען אים.

— האָט ער אַ זוהן? וואָס איז דער אַזוינס?

— אַן אמת׳ער גוי. אַפילו ניט געמל׳ט.

— ברייגנט אים פונדעסטוועגען אַהער — זאָגט ר׳ עקיבא.

ברייגנט מען אים. הייסט ר׳ עקיבא אים מל זיין, און האָט אים אַוועקגעזעצט פאַר זיך לערנען, ביז ער האָט אים אויסגעלערענט ברכות. שבת האָט ער אים געהייסען אויפרופען צו דער תורה און ער האָט גע־זאָגט אויף אַ קול די ברכות. האָט מען באַלד דעם פאָטער זיינעם אַרויס־גענומען פון גיהנם און איבערגעפיהרט אין גן־עדן. ביינאַכט איז דער מת געקומען ר׳ עקיבא׳ן צו חלום און האָט אים געזאָגט:

— זאָל דיר, רבי, אַקעגען קומען וואָס דו האָסט מיר געטון: דו האָסט מיך אויסגעלעזט פונ׳ם גיהנם.

# דו ביזט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט.

ווי פון גן־עדן, פון די צדיקים'ס מויל, געהט־אויף אַ לויב צו גאָט, ברוך־הוא, אַזוי אויך געהט אַ לויב צו אים אויך פון גיהנם, ווי עס ווערט געזאָגט אין תהלים: „די דורכגעהער אין יאָמער טאָל פערוואַנדלען אים אין אַ קוואַל", מיט קוואַלען טרערען [בעגיסען זיי זיך, ביז זיי קיהלען־אויס דעם גיהנם מיט זייערע טרערען, און פון דאָרטען געהט־אויף די לויב צו גאָט, ברוך־הוא, ווי דער זעלבער פסוק ענדיגט: „אויך מיט ברכות ווערט איינגעהילט דער לעהרער". וואס זאָגען זיי? — „גוט האָסטו גע'פסק'ענט, גוט האָסטו געריכטעט, גוט האָסטו בעשולדיגט — דו ביזט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט!!



דרוקעריי „וויקטאָריאַ" בערלין.

# אינהאַלט:

## שכר און עונש (לוין און שטראף) 104—130





